# ערשטער בריעף

פרייהייט אין רוסלאַנד — עס איז ווי מען וואָלט מיר זאָגען: זון אין סיביריען. נאַרישע מענשען! יאָהרען, אונענדליכע יאָהרען מוזען פערביי־געהן ביז אַ נאַטור פון אַ קלימאַט ענדערט זיך אביסעל, שטעלט אייך פאָר, אַז מענשען זענען געפאַלען אויף די פערצווייפעלטע עצה, צו הייצען דער־ווייל יענע סטעפּעס דורך פייער פון אויוועגס. אין בעסטען פאַל, ווען מען זאָל שוין אפילו גאָר קריגען די פרייהייט, וועט עס זיין אַ פּאַפּירענע פריי־הייט און אין דער זאַך גופא וועט זיך ווענינ וואָס האָבען געענדערט. אפשר וועט עס גאָר זיין נאָך שלעכטער; ווענינסטענס די ערשטען צייטען. עס וועט זיין צוגעקומען אַ נייער יאָך, דער יאָך פון דער פרייהייט — אַ מין געזעץ, וואָס די פּאָליציי וועט עס נעהמען אין האַנד אריין און וועט דערמיט פּייני־גען גרויס און קליין, אַלט און יונג, און וועט זיך מאַכען דערויס אַ נייע קוועלע, כדי צו נעהמען „ווזיאַטקעס" (שוחד). עס וועט זיין צוגעקומען אַ מין יאָך, ווי דער יאָך פון מיליטער־פּליכט. די פּאָליציי וועט מיר צושיקען אַ פּאָוויעסטקאַ (אויפפאָדערונג), אַז אין דעם און דעם טאָג צו דער און דער שעה זאָל איך זיך שטעלען אין דער פּאָליציי, אום צו ערפילען די „פליכט פון פרייהייט". קאָזאַקען וועלען קומען און וועלען מיך שלעפּען צו דער פרייהייט, מיט נאַגייקעס וועט מען קומען און מען וועט מיך יאָגען צו דער פרייהייט. פערשידענע שטעמפּעל־פּאַפּירען און פערשידענע שטייערען וועל איך האָבען אָבצוצאָהלען פאַר די פרייהייט, פערשידענע געלדער און פער־שידענע „ווזיאַטקעס" וועל איך האָבען צו געבען, כדי מען זאָל מיך אביסעל צורוה לאָזען מיט דער פרייהייט — בקיצור, איך וועל אביסעל פרייער אָבאָטעמען, אַז איך וועל שוין זיין פּטור פון די פרייהייט. און נישט נאָר דאָס אַליין: אַלס יוד וועל איך האָבען דאָפּעלט צו ליידען פון דער פרייהייט. די אַנטיסעמיטישע בלעטער וועלען קומען און וועלען אויסווייזען אַזוי ווי

ביי דער מיליטער־פליכט, אַז דער יוד, דער גנב, נאַרט אָב די רעגירונג און געהט אַרום די געזעצען און נאַרט זיך אַרויס פון דער פליכט פון דער פרייהייט. ער מאַכט זיך פאַר אַ קאַליקע, ער האַקט זיך אָב אַ פינגער, ער זעצט זיך אוים עטליכע ציינער, ער מאַכט זיך בלינד אויף איין אויג, אָדער ער טרינקט ריצין־אייל, אום צו זיין נישט פעהיג אָדער נישט ברויכבאַר פאַר דער פליכט פון דער פרייהייט אין די אויגען פון דער פאָליציי. אין רוסלאַנד, זעהט איהר, פערשטעה איך נישט אַנדערש די פרייהייט ווי נאָר זיין געצוואונגען, צו איהר, און דאָס טאַקי דורך קאָזאַקען און נאַגייקעס. מען דערצעהלט, אַז פעטער דער גרויסער האָט אַריינגעבראַכט פון די מערב־לענדער די קולטור קיין רוסלאַנד, און האָט צום סוף געוואָלט, אַז אין הויף זאָלען די הויפלייט אויך קאָנען טאַנצען, האָט ער צו זיי גענומען קאָזאַקען מיט נאַגייקעס און האָט זיי צייט געגעבען 24 שעה כדי אויסצולערנען די נייע תורה. מען האָט געשלאָגען און מען האָט געטאַנצט, פון הינטען האָט מען געשלאָגען און פון פאָרענט האָט מען געמאַכט רעווערענצען און די פאַס פון מענועט.

הערוויל אָבער מאַכט מען אין רוסלאַנד דורך צייטען, וואָס דער, וועלכער ערלעבט זיי נישט מיט זיין אייגענעם קערפער און מיט זיין אייגע־נער נשמה, קאָן זיך פון זיי קיין שום פאָרשטעלונג נישט מאַכען. איך לייען אין אַ אויסלענדישער צייטונג אַ בעריכט, אַז מיר לעבען דאָ אין טויט־שרעק. ניין עס איז נישט אמת, מען האָט שוין לענגסט פערגעסען זיך צו שרעקען. מען איז שוין עפּעס גלייכגילטיג געוואָרען. איך געדענק איך האָב אין מיין קינדהייט אַ סצענע געזעהן, וועלכע האָט זיך אין מיין נשמה איינגעביסען און איך קאָן זי קיינמאָל נישט פערגעסען. עס איז אין אונזער שטאָדט די כאָלערע געוועזען. ביי אונזער שכן, אַ יוד אַ חסיד, איז זי אָנגעקומען שבת. דער יוד איז געווען אָנגעטהון אין זיין שבת׳דיגער אַטלעסענער קאַפּאָטע; ער האָט גראָד געהאַלטען ביים עונג שבת און האָט זיך געפרעהט און געלאַכט, ביז מאָנטאָג זענען ביי איהם געשטאָרבען פיער קינדערלעך און זיין ווייב. ער האָט זיי אַלע מקבר געווען אין דער שבת׳־דיגער אַטלאַסענער קאַפּאָטע, און ווען איך האָב איהם דינסטאָג געזעהן, איז ער אַלץ נאָך געגאַנגען אַזוי אָנגעטהון און איז אַלץ נאָך געווען בשמחה־

עס און האָט געלאַכט. איך קאָן דאָס דאָזיגע פּנים ביז אויפ'ן הייִנטיגען טאָג נישט פערגעסען. זעהט איהר, אין רוסלאַנד האַלט מען שוין אַזוי ווייט, אַז טויטע פּאַלען רעכטס און לינקס, ווי די פליעגען, די וואָס מען האָט אַמליעבסטען ווערען געשאָסען פאַר די אייגענע אויגען, און מען געהט אָפּט אַנגעטהון אין די בגדי-שבת און מען לאַכט אָפּט אויפ'ן קול. עפּעס ווי אַ מין שנעון איז געקומען איבער אַלע. מען איז שוין עפּעס אַזוי גלייכגילטיג און פערשטיינערט געוואָרען און מען ווייס שוין גאָרנישט מעהר, וואו מען האַלט. כדי נאָר ווי עס איז אַ בעגריף צו געבען פון דעם דאָזיגען צושטאַנד, מוז מען כאָטש אויבערפלעכליך און אָהן רעטושירונג אַ פאָטאָגראַפיע געבען פונ'ם מעת־לעת לעבען, פון די 24 שעה טעגליך, אין דעם הייִנטיגען רוסלאַנד.

ביינאַכט פון מינוט צו מינוט די שווערע טריט פון די מיליטער־פּאַטראָלען, און אָפּט אַ שאָס אָדער אַ שיסעריי, איינציגווייז האָט זיך דיין אויער געוועהנט דערצו און דו שלאָפסט שוין. פּלוצלינג אַ ווילד קלאַפּען ביי דיין טהיר אַ ווילד קול זאָגט דיר הינטער דער טהיר, אַז מען ברענגט דיר אַ טעלעגראַם. טעלעגראַם—די דאָזיגע קאָמעדיע איז שוין גוט בעקאַנט און מען ווייס שוין, וואָס עס בעדייט. בלייך און ציטערדיג מאַכסט דו אויף די טהיר, עטליכע פּאָליציאַנטען, עטליכע סאָלדאַטען און אַ קאָמיסאַר שיטען זיך אריין: אַ הויז — זוכונג. דרויסען אויף די טרעפּען און אין הויף ביי אַלע טהירען און טויערען נאָך אַ שטיק צעהן, צוואַנציג מיליטער. מען הויבט אָן צו זוכען ביי דיר. פון די בעטען שלעפּט מען אַרויס דיין ווייב אָדער דיין שוועסטער אָדער די קינדערלעך. די קינדערלעך וויינען, די סאָלדאַטען ברעכען אויף אונגעדולדיג די שענק, מען פערדרעהט דיר אַלין מיט'ן קאָפּ אַראָב און מיט די פיס אַרויף. מען טרענט דיר אויף דאָס בעטגעוואַנד, מען רייסט דיר אויף די פּאָדלאָגע, מען צעלעגט דיר די אויווענס אין אַלע שטובען, עס דויערט אַ שעה פינף, זעקס. גאָט צו דאַנקען, מען האָט גאָרנישט געפונען. מען זאָגט דיר — עס איז געווען על־פּי טעות און מען האָט גאָר געמיינט דיין שכן. אגב, זאָגט מען דיר, דאָס דיין שוועסטערל, אַ מיידעל פון אַ יאָהר 17, איז פערדעכטיג און מען פיהרט זי, מען האָט געפונען ביי איהר עפּעס אַ צעטעל, זי האָט געזאַמלט

ביאַליסטאָק. אינדערפריה שטעהסטו אויף און דו ווילסט דיר נעהמען דיין צווישען חבר׳טעם ביז שוין אַ רובעל צוויי פאַר די רעוואָלוציאָנערען פון ציטונג צו לעזען. דיין ציטונג בעקומסטו נישט מעהר, מען האָט דאָס בלאַט בייגאַכט קאָנפיסקירט און דעם רעדאַקטאָר האָט מען איינגעזעצט. דו געהסט אַרויס אין גאַס אַריין, דו געהסט אַביסעל פערטראַכט און קלערסט וועגען דיין פרנסה. פלוצלינג ווערט אַ געלויפעריי און דו לויפסט אויף, דו הערסט עטליכע שאָסען און דו בעהאַלסט דיך אין אַ טויער. אַ שעה שפּעטער ווערסטו געוואָהר, אַז דיין געשוועסטער-קינד איז דערשאָסען געוואָרען, בלויז צופעליג, מען האָט געציעלט אויף איינעם, וואָס מען האָט איהם גערופען „שטעה” און ער האָט זיך נישט באַלד אָבגעשטעלט, און געטראָפען האָט מען דיין געשוועסטער-קינד. דו געהסט אַ שריט ווייטער, און אַ פּאַטראָל שטעלט דיך אָב. מען בעזוכט דיך פון קאָפּ ביז צו די פיס, און אגב קוקסטו דיך אַרום שפּעטער, אַז עס פעהלט דיר דיין פּאָרטמאָנעע און אַ גאָלדען זייגערעל. דו געהסט אַריבער איבער די גאַס שוין בשלום און קומסט אַריין צו דיינעם אַ סוחר, מען איז דיך מכבד מיט אַ פּאָרטפעל פּראָטעסטען, און אגב דערצעהלט מען דיר, אַז אין פינף, זעקס נייע שטעדט זענען געוועזן נייע פּאָגראָמען און דיין ביסעל האָב און גוטס איז נישט מעהר ווערט קיין קאָפּעקע. דו געהסט פון דאָרט אַריין צו אַ צווייטען, דו הערסט דאָרט דאָס נייעס, אַז אין לויף פון די לעצטע פיער טעג זענען אַרויסגענומען געוואָרען אין דער פּאָליציי העכער 3000 אויסלענדישע פּעסער און אַז דער עולם לויפט ווי פון אַ פייער אַרויס פון רוסלאַנד. די אָרימע עמיגרירען, די רייכערע פאָהרען אַרויס. עס פאַלט אויף זיי אַ גאָט׳ס פּחד. דו קומסט אַהיים און הערסט, אַז מען האָט דיר דערוויל דיין זוהן גענומען און אוועקגעזעצט אין ציטאַדעל. דיין זוהן איז עפּעס ווירקליך „אַריינגעמישט”, און טויט-שטראָף דורך שיסען אָדער הענגען איז נישט איינע פון די זעלטענע זאַכען; דיין ווייב ליעגט און חלש׳ט, דו מוזט לויפען ווידער אין דער גאַס אַריין; עפּעס אַ שכן קומט צו דיר אַריינצולויפען און זאָגט דיר, אַז אָט קומט ער פון דער גאַס, אַז היינט טאָר מען נישט מעהר אַרויס, עס איז סכנת־נפשות: עפּעס אַ באָמבע האָט מען געוואָרפען און אַ ראָטע קאָזאַקען איז אָנגעקומען און יעצט גיסט זיך בלוט אין די גאַסען. דו ציטערסט אַ

מינוט און בלייבסט און פערגעסט באלד און ווערסט גלייכגילטיג. עס קלינגט ביי דיר. דו מאכסט אויף די טהיר און עס קומען אריין א שטיק זעקס, אכט קאָמוניסטען און אנארכיסטען, אָדער גלאַט באנדיטען. איינער שטעלט זיך ביי דער טהיר, איינער ביי דער אייזערנער קאַסע, איינער ביי דער הינטער־טהיר, איינער דאָ איינער דאָרט, און צוויי האלטען דיר ברוינינגס־רעוואָלווערען פאר'ן קאָפּ. מען פערלאנגט פון דיר 500 רובעל און מען שיסט אויס — שפּעטער אביסעל קומט א דעפּוטאציע פון דיינע ארבייטער. עפּעס ווידער א נייער שטרייק. די הוספה וואָס דו האָסט געגעבען פאָריגע וואָך, רעכענט זיך נישט און מען פערלאנגט נייע קאָנדי־ציעס און הויפּטזעכליך פערלאנגט מען, אז דו זאָלסט פערגרעסערען דיין פאבריק און די צאָהלן פון די ארבייטער. דו טענה'סט און בעוויזסט, אז דו ביזט אליין א פּראָלעטאריער, און מען לאכט פון דיר. ענדליך איז די נאכט געקומען און דו געהסט נאָך ארוים אויף א מינוט צו א שכן, עס איז א נויטיגער גאנג, אין דער איילעניש האָסטו פארגעסען דיין פּאספּאָרט צונעמען און דער ערשטער פּאטראָל, וואָס טרעפט דיך פיהרט דיך אוועק אין פּאָליציי אריין. ביינאכט, ווי די זיצסט צוזאמען מיט עטליכע הונ־דערט מערדערס און קעשענע גנבים, הערסט דו פּלוצלינג, אז אויף דער גאַס איז שמחה וששון: א רעוואָלוציע איז אויסגעבראָכען און עטליכע הונדערט מענשען זענען געפאלען. עס וועט נאָך עטליכע טעג דויערען, ביז דו וועסט וויסען, צי עס איז נישטאָ דערונטער ווער פון דיין הויז־געזינד. דאָס איז דער קיצור שולחן־ערוך פון א טאָג לעבען אין רוסלאנד!

מען וואַרט און מען ווייס אליין נישט אויף וואָס, מען האָפט און מען ווייס אליין נישט אויף ועמען, מען הויבט די אויגען צו אלע פיער עקען פון דער וועלט און מען גלויבט אליין נישט, אז עס איז דאָ אנ'אויסוועג. און דאָך זאָגט מען זיך, אז הילף מוז קומען, זי מוז! אנפאנגס איז דער משיח אויף וועלכען מיר האָבען געוואַרט אין האָפנונג און אין אנגסט, געוועזען די דומאַ. נישט אזוי וואָס מיר האָבען געגלויבט, אז די דומאַ וועט קומען און מיט איין פעדער־שטריך ענדערען גאנצע וועלטען — ניין, אזוי נאאיוו זענען נאָר די אויסנאהמס־נאַראָנים געוועזען, די וואָס גלויבען אין

פּאַרלאַמענטען און קענען די געשיכטע פון דער פראַנצויזישער רעוואָלוציע און האָבען אַזוי ליעב אומעטום צו מאַכען אַנאַלאָגיעס און פערגעסען דערביי, אַז דאָ האָט מען צו טהון נישט מיט פראַנצויזען, נאָר מיט טאַטאַרען, מיט וואַנדאַלען, מיט אַזעלכע וואָס נאָך אין יאָהר טויזענד־ניינהונדערט און זעקס קאָנען זיי נישט אַנדערש ווי אַריינשלאָגען נעגעל אין מענשליכע קעפּ און אויפשניידען בייכער פון קינדער, און אַרויסרייסען צונגען ביי נאָך לעבעדיגע מענשען.

ווען מיר האָבען געגלויבט אַביסעל אין דער דומאַ, איז עס נאָר געווען, וואָס מיר האָבען דיזעלבע בעטראַכט עפּעס ווי אַן'אמת'ע פרייע פּרעסע, עפּעס אַ צייטונג וואָס מען קאָן איהר פאָרט נישט אַזוי לייכט דאָס מויל פערמאַכען און וואָס דאָס ביסעל אייראָפּאַ און די גאַנצע ציוויליזירטע מענשהייט וועט זי מוזען לעזען און זעהען. מיר האָבען מינוטענווייז אָבגעזיפצט און אָבגעאָטעמט פון אונדזערע אונמענשליכע צרות. אוי, אוי וועט דאָס זיין אַביסעל אַ צייטונג, און אויגען וועלען די אַבאָנענטען אין אייראָפּאַ און אַמעריקאַ מאַכען פּראָסט ווי משוגענע! אָט האָבען זיי דאָ אַ רוסלאַנד אונטער דער נאָז, אַ לאַנד, אין וועלכען זיי שטעקען אַריין זייערע מיליאַרדען, און מיט וועלכען זיי שליסען אַליאַנסען און מיט וועלכען זיי זוכען פריינדשאַפט צו מאַכען, און וויסען פון זייערע הענד און פיס, מיט וועמען זיי האָבען דאָ צו טהון און אַז דאָס איז דאָס געפעהרליכסטע, מיט וועמען זיי שפּיעלען זיך און אַז באמת וואוינט האַרט נעבען זיי אַ ראַסע, וואָס אַלע וואַנדאַלען און אַלע באַרבאַרען און אַלע ווילדעסטע שבטים פון אַלע צייטען האָבען געמעגט געהן צו זיי אין דער שולע. איידער די דומאַ איז געווען, האָבען מיר אָפט געהערט מיינונגען אין אייראָפּאַ, און אפילו פון די ליבעראַלסטע בלעטער, אַז די הערדען רע־וואָלוציאָנערען אין רוסלאַנד זענען לײדער צו עקסטרעם און געהען אָפט צו וױיט און פערלאַנגען צופיעל און שטערען דאַדורך די רעגירונג, וועלכע האָט זיי געגעבען, און וועלכע גיט זיי אַלץ וואָס איז דערווייל נאָר מעגליך צו געבען. מיר האָבען עס דאָ געלעזען און מיר האָבען געפּלעגט צו פּלאַצען פאַר צרות. יעצט ווענינגסטענס איז דאָס אויסלאַנד אַביסעל ערשיטערט געוואָרען אין זיין גוטמוטיגען גלויבען. דער איינציגער משיח אויף וועלכען

דאָס פאָלק אין רוסלאַנד וואַרט אין זיין אונמענשליכען אומגליק, איז די עפענטליכע מיינונג אין אויסלאַנד. די איינציגע האָפנונג, וואָס מילדערט נאָך אַמאָל זיינע ליידען אויף מינוטען, איז דער בטחון, אַז דער טאָג וועט קומען, וואָס אייראָפּאַ און די ציוויליזירטע וועלט וועט זיך מוזען אַריינמישען. דאָס פאָלק אַליין ווייס נאָך נישט אין וועלכער פאָרם דאָס וועט זיין, און אויף וואָס פאַר אַנ'אופן דאָס וועט געשעהן, אָבער טונקעל און אונבעשטימט שוועבט דאָס דאָזיגע פאַר זיינע אויגען, און ער וואַרט און האָפט און בענקט נאָך דעם.

אַזוי איז געווען דאָס פורכטבאַרע בלוט־באָד פון ביאַליסטאָק. וואָס ווייסט איהר דערפון, ווען איהר לייענט וועגען דעם? וואָס קאָנט איהר דערפון וויסען? איך האָב אַ טייל דערפון אַליין מיט מיינע אויגען געזעהן. איהר וואָלט עס מוזען אַליין זעהן, כדי צו וויסען וואָס עס איז געשעהן אין יאָהר טויזענד נײַנהונדערט און זעקס אין ליכטיגע העלע טעג וועהרענד די זון האָט געשיינט. די רעגירונג מיט איהרע מיליטער־קרעפטען איז בעפאָלען אַ גאַנצע שטאָדט און האָט זי אויסגעשאָכטען, און ווי געשאָכטען! מיט די אונמענשליכסטע, גרויזאַמסטע, באַרבאַרישסטע עינויים קשים, וואָס אַ פאַנטאַזיע קאָן זיי זיך נאָר אויסמאָלען!

פערצייהט מיר, איהר מערטירער, פערצייהט מיר, איהר שאָטענס, וואָס איהר שוועבט נאָך אַרום איבער אַלע ווינקעלעך, פערצייהט מיר אויך איהר, איבערגעבליבענע יתומים'לעך און אומגליקליכע אַלמנות און פערוואָגעלטע טאַטעס און מאַמעס! דער שמערץ אין נאָך ניי און איך ווער רויט און מוז אַראָבהענגען די אויגען — אָבער פערצייהט מיר, איך קאָן נישט אַנדערש; איך פיהל אַ מין שאָדענפרייד, אַז עס איז אַזוי געקומען. ענדליך, ענדליך וועט אייראָפּאַ הערען און וועט בעגרייפען. אייער טויט, דער טויט פון איבער הונדערט מענשען, און די וואונדען פון הונדערטער פערוואונדעטע, און די שמערצען פון טויזענדער, וועלכע זענען געבליבען איז נויטיג געווען. ענדליך וועט מען דרויסען בעגרייפען און וויסען ווי ווייט עס האַלט דאָ. אַ הילף מוז קומען, זי מוז.

# צווייטער בריעף

ווארשא איז זיך צולאָפּען. אין לעצטען דאָנערשטאָג איז אויסגעפאַלען דער פּעטער־פּויל־יום־טוב און אין דעם טאָג האָט מען געזאָגט וועט זיין דער פּאָגראָם. אין פאָריגען יאָהר ווען מען האָט זיך געריכט אַמאָל אויף אַ פּאָגראָם, איז די זאַך געווען נאָך נישט אַזוי שרעקליך: אַ פּאָגראָם האָט מען געוואוסט ווערט געמאַכט פון כוליגאַנעס, און געגען כוליגאַנעס איז פאַרהאַנען, ווי עס איז, נאָך עפּעס אַ שטיקל עצה — דער זעלבסט־שוץ. עטליכע טויזענד יודען מיט גוים וועלען שיצען. יעצט ווען מען רעדט פון אַ פּאָגראָם, דאַן הייסט עס: אַ זיכערער טויט מיט אונמענשליכע עינויים; אַ פּאָגראָם, ווייס מען, ווערט יעצט געמאַכט „בהכשר הרב ודפה" — פון דער רעגירונג אַליין און דורך דעם מיליטער, און געגען מיליטער מיט ביקסען און שווערדען און האַרמאַטען און פּולעמיאָטען איז קיין עצה נישטאָ. אַ מהומה איז געקומען איבער הונדערטער טויזענדער מענשען. עטליכע טעג איז דער עולם געווען עפּעס ווי פערשטיינערט און האָט אַרומגעשוועבט ווי די שאָטענס, שטום און בלייך, מיט אַ געגליווערטען שרעק. פּלוצלינג, גאָר אין די לעצטע טעג, איז מיטאַמאָל אַ נערוועזע לעבעדיגקייט געקומען איבער אַלע און ווי אַ שגעון איז געפאַלען איבער גרויס און קליין. מען האָט אָנגעהויבען לויפען איבער קאָפּ און פוס. פינף, זעקסהונדערט אויסלענדישע פּאַספּאָרטען זענען אין לויף פון אַ טאָג גענומען געוואָרען. די רייכערע זענען געלאָפען קיין אויסלאַנד. די אָרימערע זענען געלאָפען וואוהין זייערע אויגען האָבען זיי געטראָגען, די אָרימע זענען אַרויס נאָך מיטוואָך ביינאַכט, אין די נאָהנטע דערפער, אין זומער־וואוינונגען און דער רעשט האָט אָנגעהויבען זיך אַרומצוקוקען נאָך קעלערס און בוידעמס, וואו מען זאָל זיך קאָנען פערגראָבען. אַ מאַמע, האָב איך געזעהן, האָט אַרויסגעריסען פון וויעגעל אַ שלאָפענדיג קינד, און האָט עס אָנגעהויבען פּלוצלינג שטאַרק צו קושען און האָט שטיל געוויינט. אויף דזיעלנא־גאַס זענען פון אַ הויף, וואו עס וואוינען צווייהונדערט יודען, הונדערט מיט אכציג אַנט־

לאָפּען. אַ יוד אַ שכן, וועלכער האָט אַ גאַלאַנטעריע־געשעפט, איז געשטאַנען דעם גאַנצען מיטוואָך־טאָג און האָט פּערפּאַקט בעזונדער יעדעם שטיקעל און האָט זיך מכין געווען. אויף דער גאַס זענען דעם גאַנצען מיטוואָך הונדערטער דראָשקעס געפלויגען, געפּאַקט מיט פּאַסאַזשירען און זאַכען. די באַהנהויפען זענען געווען איבערפולט. עס האָבען נישט געקלעקט קיין בילעטען פאַר פּאַסאַזשירען. אין די וואַגאָנען איז געווען ענג צום אומקומען. וואַרשאַ איז זיך צולאָפען.

און אָפּט כאַפּ איך זיך דערביי, ווי איך זיץ, דעם קאָפּ אָנגעשפּאַרט אויף דער האַנד, און איך קלער און קלער: רבונו של עולם! איז דאָס נישט אַ בייזער חלום? וואָס טהוט זיך דאָ מיט אונז און וואו זענען מיר דאָס איז מיין רעכטע האַנד און דאָס איז מיין לינקע. מיר זענען נישט אין מיטעל־אַפריקאַ ביי די ווילדע, און דאָס האָט פּאַסירט נישט אין פינסטערען מיטעל־אַלטער. וואָס טהוט זיך דאָ? אין צוואַנציגסטען יאָהרהונדערט, אין מיטעל־אייראָפּאַ, אין דעם בליהענדיגען וואַרשאַ אַנט־לויפען הונדערטטויזענד מענשען פּלוצלינג אין אַ שעהנעם פריהמאָרגען — פאַר וואָס? ווייל מען האָט מורא, אַז מענשען זאָלען נישט איבערפאַלען און הרג'נען, מען האָט מורא, אַז די רעגירונג, די אייגענע רעגירונג, זאָל נישט איבערפאַלען און הרג'נען און וואו איז די ציוויליזאַציע? און וואו איז די מענשליכקייט? און וואו איז אייראָפּאַ? און פאַרוואָס רעדט מען נאָך פון מענשען־פרעסערס אין די ווילדע מדבריות? — פאַר עטליכע וואָכען האָבען מיר געלייענט ווי אין איטאַליען איז דער וועזוף אויפגע־בראָכען און הונדערטער טויזענדער מענשען זענען געלאָפען זיך ראַטעווען. אויך האָבען מיר געלייענט פאַר עטליכע וואָכען, ווי אין סאַן־פראַנציסקאָ איז אַנ'ערדציטערניש געוואָרען און הונדערטער זענען געלאָפען וואוהין די אויגען האָבען זיי געטראָגען, אום דאָס לעבען צו דערהאַלטען. און דאָרט האָבען מיר געהאַט צו טהון מיט נאַטור־כוחות, מיט ווילדע עלעמענטען! און די רעגירונגען זענען געקומען פון ארבע כנפות הארץ און האָבען געשיקט קאָנדאָלענץ־טעלעגראַמען קיין איטאַליען און קיין אַמעריקאַ, און האָבען אויסגעדריקט זייער טיעף מיטלייד איבער דעם אומגליק, וואָס די נאַטור האָט אָנגעמאַכט. אין וואַרשאַ אָבער איז נישטאָ קיין וועזוף, און אויך

ערד־ציטערנישען קומען אין דער גענענד קיינמאָל נישט פאָר — אין וואַרשאַ איז נאָר פאַרהאַן אַזעלכעס, וואָס איז ווילדער פון די ווילדעסטע עלעמענ־טען. אַ רעגירונג מיט קאָזאַקען און האַרמאַטען. און פאַר דער דאָזיגער ווילדער נאַטור־קראַפט, וואָס האָט אָנגעהויבען פלוצלינג אויפצוברעכען, זענען דעם עלפטען יולי 1906 הונדערטער טויזענדער מענשען געלאָפען וואו נאָר זייערע אויגען האָבען זיי געטראָגען. עס וואָלט נאָך פאַסען, אַז די רעגירונגען פון ארבע כנפות הארץ זאָלען אויך דאָ אַהערשיקען קאָנדאָלענץ־טעלעגראַמען איבער דעם אומגליק, אַנטקעגען וועלכען אַלע מענשליכע קראַפט איז צו שוואַך. צו וואָס נאָך די ליגענס? צו וואָס די קאָמעדיעס? וואָס דרעהען זיי נאָך מיט זייער מענשליכקייט און מיט די מענשען־רעכטען און מיט פרידענס־קאָנפערענצען און מיט שוץ פאַראיינען פאַר חיות? קאָ־נען זיי זעהען, ווי נעבען זיי האַרט ביי דער נאָז, ווערען טאָג־טעגליך הונדערט־ער מענשען געשאָכטען און געמאַטערט און ענטווירדיגט און קאָנען גאָרנישט דערצו טהון, אָדער עס לויהנט זיי זייער פאַליטישער עסק נישט דערצו עפּעס צו טהון — טאָ זאָלען זיי וועניגסטענס שווייגען.

בין־כך־וכך טהוט די דומאַ דאָס איהריגע, און אין דער היינטיגער וואָך איז פיעל גערעדט געוואָרען איבער דער אידישער פראַגע. די דומאַ־קאָמיסיע, וועלכע איז געשיקט געוואָרען קיין ביאַליסטאָק האָט אָבגעגעבען דין־וחשבון. די מעשיות, וועלכע ווערען דערצעהלט פון ביאַליסטאָק, זענען אַזוי שרעקליך, אַז זיי שטייגען איבער אַלע פריוואַטע נאַכריכטען, וועלכע מיר האָבען ביז יעצט בעגעגענט אין צייטונגען. זעלבסטפערשטענדליך, טהוט אויך די רעגירונג דאָס איהריגע: זי האָט פערעפענטליכט אַ בעריכט וועגען ביאַליסטאָק, וואָס איז געשריבען אין דעם בעקאַנטען נוסח פון שטענדיג. מיט רעכט בעמערקט די צייטונג „ריעטש”, אַז דער דאָזיגער בעריכט האָט געקאָנט ווערען אָנגעשריבען אין פעטערבורג אַליין, אויך ווען די רעגירונג וואָלט נישט געהאַט געשיקט אַ דעלעגאַט קיין ביאַליסטאָק, און אפילו גאָר אינגאַנצען פאַר'ן פּאָגראָם. עס איז דער אייגענער נוסח, ווי ער איז געווען אָנגעשריבען נאָך קעשיניעוו, האָמעל, זשיטאָמיר, קיעוו, אָדעס און הונדערט אַנדערע פּאָגראָם-שטעדט: „עפּעס אַ צופאַל איז געווען, עס האָט איינער אויסגעשאָסען, און מען האָט געמיינט, אַז עס איז אין די

פּראָצעסיע אריין, און אזוי ווי רעוואָלוציאָנארען זענען דאָ אין ביאַליסטאָק געגוג, האָט מען זיך גענומען נוקם זיין אָן זיי. נאַטירליך, האָט דאָס מיליטער נישט דערלאָזט, עטליכע מענשען זענען אומגעקומען פוןביידע זייטען." איבריגענס, איז די רעגירונג מבטיח צו שיקען אהין נאָך איין עקסטראַקאָמיסיע פון סענאַטאָרען. חוץ דעם גיט די רעגירונג אין אַלער־העכסטען נאָמען אַ דאַנק דעם מיליטער פאַר זייער גוטע ארבייט.

אָט דאָס אונגעפעהר איז דער נוסח פון דער רעגירונגס־פּראָקלאַמאַציע. צו וואָס די רעגירונג שרייבט דאָס אַזוי, ווייס קיינער נישט, גלויבען גלויבט דאָך איהר קיין איינציגער מענש נישט, און חוץ דעם זענען דאָך דאָ גענוג מענשען, וועלכע האָבען אַלעס געזעהען מיט אייגענע אויגען, און אַ חוץ דעם איז דאָך דאָ אַ דומא־קאָמיסיע, און אַ חוץ דעם האָט אפילו דער דע־לעגאַט פון'ם מלוכה־ראַט אַליין זיך אָנפאַנגס פערפּלוידערט און האָט אַלעס אויסגעזאָגט. אָבער אלה תולדות רוסלאַנד! אַ רעגירונגס־בעריכט אָהן אַ ליגען טאָר נישט זיין! נאַטירליך איז געקומען שפּעטער דער דעפּוטאַט יאַקאָבסאָן אין דער דומא און האָט געזאָגט: „ערשט נאָך דעם בעריכט פון דער רעגירונג, האָב איך פערשטאַנען, אַז איך בין גאָרנישט אַזוי מאַכטלאָז, ווי איך האָב אַלעמאָל געגלויבט. איך האָב ערשט יעצט פערשטאַנען די בקשות פון די פאַמיליעס פון די געהרג'טע און פערוואונדעטע, צו דער־צעהלען, וואָס און ווי אַלעס איז געשעהן". און דער אייגענער יאַקאָבסאָן, איינער פון דער דומא־קאָמיסיע, רופט מיט אַ קרעפטיגער שטימע: „די פּאָליציי צוזאַמען מיט דעם מיליטער האָט געמאַכט דעם פּאָגראָם. אומע־טום, וואו פּאָליציי און מיליטער זענען נישט געווען, איז אויך, קיין פּאָגראָם נישט געווען! אין דער סוראַסקא־גאַס, וואו עס וואוינען לויטער יודישער פּראָלעטאַריאַט, איז קיין פּאָגראָם נישט געווען — ווייל דאָס מיליטער און די פּאָליציי, וועלכע האָבען מורא פאַר אַ שאָס, האָבען פּראָסט מורא געהאַט דאָרט אהין זייער נאָז אריינצושטעקען". און ווייטער זאָגט דער אייגענער יאַקאָבסאָן: „דער ביאַליסטאָקער פּאָגראָם איז געבויט לויט דעם בעקאַנטען מוסטער, וואָס דער פירשט אוראָסאָוו האָט אונז מגלה געווען: די רעגירונג האָט איהם געמאַכט מיט דער הילף פון געדרוגגענע באַנדעס: דער חילוק איז נאָר, וואָס איז דעם לעצטען פּאָגראָם האָט אויך דאָס מיליטער שוין

עפּענטליך מיטגעאַרבייט.״ און יאַקאָבסאָן ענדיגט מיט די ווערטער: „צום ערשטען מאָל קאָן יעצט די יודישע בעפעלקערונג דורך מיין פערמיטלונג זיך ווענדען צו אייך, איהר פערטרעטער פון דעם רוסישען פאָלק, כדי איהר זאָלט וויסען, אז נישט דאָס רוסישע פאָלק אָרגאַניזירט פּאָגראָמען, דאָס איז אַ געמיינע מסירה. דאָס רוסישע פאָלק איז אַ געגנער פון פּאָגראָמען; עס ווענדעט זיך צו אייך, כדי איהר זאָלט אַרויסזאָגען, דאָס די מענשען, פון וועלכע עס בעשטעהט דאָס יעצטיגע מיניסטעריום, קאָנען נישט בלייבען ביי דער רעגירונג, נאָר מוזען אָבגעגעבען ווערען צום שטראָף־געריכט.

# דריטער בריעף

די דעפּעשע פון פּעטערבורג, וועלכע איז היינט דורכגעפלויגען די גאַנצע וועלט ברענגט די דאָזיגע טרוקענע נאַכריכט: „לויט אַניאוקאַז פונים צאַר איז די דומאַ דעם 21־טען יולי געוואָרען פונאַנדערגעלאָזען. די נייע דומאַ וועט ווערען צונויפגערופען דעם 5-טען מערץ 1907. די בעדינגונגען, לויט וועלכע די נייע וואַהלען וועלען ווערען דורכגעפיהרט, וועלען ערשט שפּעטער בעקאַנטגעמאַכט ווערען, גאָרעמיקין איז אין דעמיסיע, זיין שטעל פערנעהמט סטאָליפּין, וועלכער בלייבט אויך יעצט מיניסטער פון אינערען. פּעטערבורג איז ערקלערט אין „שטאַרקער אויפזיכט". (גאַנץ קיעווער גובערניע איז ערקלערט אין קריעגסצושטאַנד. דער גרעסטער טייל פון די מיטגלידער פון דער דומאַ איז אַרויסגעפאָהרען קיין פינלאַנד, אום דאָרט זיך בעראַטען" . . .

ובכן האַלטען מיר שוין ווידער ביים אָנפאַנג. ה' נתן וה' לקח — דער צאַר האָט געגעבען אַ דומאַ און דער צאַר האָט גענומען. עס איז נאָך אַ חסד פון זיין ליעבען נאָמען, וואָס מען איז מבטיח, אַז אַ נייע דומאַ וועט צונויפגערופען ווערען אין 1907. ווער עס קען רוסלאַנד, וואָלט זיך גאָרנישט וואונדערען, ווען ער וואָלט לעזען, אַז די נייע דומאַ וועט ווערען צונויפגערופען אין 1917 אָדער 1927. צעהן יאָהר פריהער אָדער צעהן יאָהר שפּעטער שפּיעלען קיין ראָלע נישט אין רוסלאַנד, וואו אַלץ וואָס ווערט געגעבען, ווערט געגעבען נאָר פון אייגענער גנאָד און נישט ווייל עס קומט און נישט ווייל אַ פאָלק האָט עס פערלאַנגט און האָט עס זיך גענומען, צעהן יאָהר פריהער אָדער צעהן יאָהר שפּעטער שפּיעלען דאָך אויך קיין ראָלע נישט ביי עפּעס אַ סאַטראַפּ אין אַזיען, וואָס, ווייל ער — טהוט ער זיך אַזוי, און ווייל ער — טהוט ער זיך אַנדערש. ס'איז נאָר איין אומגליק, וואָס אייראָפּאַ פערשטעהט נאָר אייראָפּעאיש און האָט נאָר אייראָפּעאישע בעגריפען און איבערזעצט זיך אַלעס נאָר אין איהרע אייגענע בעגריפען. ווען זי לייענט דאָס וואָרט „דומאַ", איבערזעצט זיך דאָס אין „פּאַרלאַמענט",

און „פונאַנדערלאָזען” הייסט ביי איהר „פונאַנדערלאָזען” אויף אייראָפּעאיש, און „נייע וואהלען” הייסען ביי איהר „נייע וואהלען” לויט דעם בעגריף פון אייראָפּאַ — און דעריבער האָב איך מורא, פערשטעהט מען דרויסען אין אייראָפּאַ גאָרנישט„ וואָס עס טהוט זיך דאָ ביי אונז. זיי מיינען, אַז זיי האָבען צו טהון מיט דייטשלאַנד, אָדער עסטרייך, אָדער זיי האָבען צו טהון מיט נאַפּאָלעאָן דעם דריטענס אַנ׳אויפלעזען פון אַ פּאַרלאַמענט און זיין עצה פון אַ מיליטער־דיקטאַטור. דאָס איז אַלעס זעהר שעהן און איז פּאַרלאַמענטאריש און קומט פאָר אין דער בעסטער געזעלשאַפט — אָבער ווען מען בעציהט דאָס דאָזיגע אויף רוסלאַנד, דאָ געהט איינעם אַ פּראָסט אַריבער איבער דעם לייב און דאָס בלוט ווערט געדונען אין די אָדערען. דאָ ביי אונז אין רוסלאַנד בעדייט נישט די פּאָליטיק פאַר׳ן פאָלק — אַ פּאָליטיק, ביי וועלכער דאָס פאָלק קאָן זיך זיצען אָוועגדס אין לאָקאַל ביי אַ גלאָז ביער און לייענען די דאָזיגע דעפּעשען און זיך צוהיצען און טרינקען און פּלוידערען איינער מיט דעם אַנדערען וועגען דער פּאָליטיק; דאָ ביי אונז באַדייט אַלעס — לעבען און טויט. ביי אונז ווערט געגעבען אַ דומאַ — און הונדערטער קאָזאַקען רייטען דורך יעדע גאַס און עס פאַלען הונדערטער קרבנות און הונדערטער פאַמיליעס בעקלאָגען די „פרייהייט”; ביי אונז ווערט געשלאָסען אַ דומאַ — און צוואַנציג שטעדט ווערען ערקלערט אין קריעגסשושטאַנד און טייכען בלוט פליסען און אַ בליהענדיגע געגענד ווערט פּלוצלינג אַרויסגעריסען ווי אַ סדום אָדער אַנ׳עמורה. אַ קליינינקייט — מיר לייענען אַ דעפּעשע פון פּעטערבורג, אַז די דומאַ איז פונאַנדערגעלאָזען — און דאַגעגען לייענען מיר באַלד, אַז פּעטערבורג איז ערקלערט אין שטאַרקען אויפּזיכטס־צושטאַנד, און בעזונדערס לייענען מיר אויך אַ נאַכריכט, אַז אַכט גוואַרדיע־פּאָלקען זענען ביינאַכט געשיקט געוואָרען פונ׳ם לאַגער אין קראַסנאָיע־סעלאָ קיין פּעטערבורג, אום צו זיין גרייט און אין פּעטערבורג הערשט אַ פּאַניק, ווי אין אַ טעאַטער אין וועלכען עס איז בעת דער פאָרשטעלונג אַ פייער אויסגעבראָכען. ביי אונז אַריינגעהן אין אַ דומאַ איז סוף־כל־סוף ווי אַריינגעהן אַלס בענדיגער אין אַ קליאַטקע פון ווילדע חיות, און דער וואָס איז אין דרינען בעווייזט סוף־כל־סוף נישט מעהר ווי נאָר קונצען און בראַוואור־שטיקלעך און אַליין איז ער נישט זיכער קיין

איינציגע מינוט מיט זיין אייגען לעבען. דערפאַר איז עס דאָך רוסלאַנד, און עס איז אַ „רוסישע״ פרייהייט און אַ „רוסישע״ דומאַ און אַ „רוסישע״ קאָנסטיטוציע. עפּעס קומט עס מיר פאָר, ווי די מעשה מיט יענעם שדכן, וועלכער האָט הונדערט פּרימאַ־שידוכים פאַר אַן׳איינגע׳עקשנ׳טער בת־יחידה, און אַז זי וויל נישט און זאָגט, אַז זי וועט חתונה, האָבען נאָר פון ליעבע, נעהמט ער אַרוים זיין נאָטיץ־ביכעל און ער ערקלערט איהר, אַז ער האָט פאַר איהר גראָד אַ געפּאַסטען שידוך פון ליעבע אויך. מען האָט פאַר אונז אין רוסלאַנד געהאַט „פון פרייהייט אויך״. לויט דעם פּאַראַגראַף און לויט דעם און דעם זאַקאָן און לויט דעם און דעם געזעץ זענען מיר פריי אויך. אַ גליקליך לאַנד, וואו עס איז פאַרהאַנען אַ פּאַראַגראַף און אַ קאָזאַק מיט אַ ניגייקע אויף אַלצדינג, און אפילו אויף פרייהייט!

און מאָרגען וואָס וועט זיין? און איבערמאָרגען? — עס קאָן זעהר געמאָלט זיין, אין דער נעכסטער דעפּעשע וואָס מיר וועלען בעקומען, וועט שטעהן: „פּעטערבורג איז ערקלערט געוואָרען אין קריעגצושטאַנד״. און דאַן ווידער מיט אַ דעפּעשע שפּעטער: „גאַנץ רוסלאַנד איז ערקלערט גע־וואָרען אין בעלאַגערונגס־צושטאַנד״. יעדער, וואָס וועט זיך ווייזען אין גאַס, וועט ווערען געשאָסען. און דאַן ווידער מיט אַ דעפּעשע שפּעטער: „די מיליטער־דיקטאַטאָר״. און דאַן ווידער: „די געוועזענע מיטגלידער פון דער געוועזענער דומאַ ווערען געזוכט, און אומעטום וואו זיי ווערען געפונען, ווערען זיי 1) אויפגעהאָנגען, 2) געשאָסען, 3) פערשיקט אין סיבעריען און 4) גע׳הרג׳עט און געשלאָגען מכות־רצח פון יעדען אוריאַדניק און פון יעדען קלענסטען פּאָליציי-בעאַמטען אין מינדעסטען שטעדטעל, וואָס וויל זיך נוקם זיין פאַר די דברים רעים, וואָס די דאָזיגע פּריצים האָבען גערעדט בימי גדלותם אויף די פּאָליציי און אויף די הייליגע הערען פון דער ביוראָקראַטיע״. דערוייל, גאַטירליך, זענען אַזעלכע דעפּעשען נאָר פאַנטאַזיעס, אָבער ווייט פון אמת זענען זיי פאָרט נישט. אין אַ טעלעגראַם פון פּעטערבורג האָבען מיר שוין היינט געלייענט: „נאָכדעם ווי עס איז געוואָרען פעסטגעשטעלט, אַז דער מערדער פון גענעראַל קאָזלאָוו איז אַ יוד, האָט טרעפּאָוו ווידער אָנגעהויבען מיט דער גאַנצער קראַפט זיין אַגי־

טאַציע געגען די יודען. מען האָט מורא פאַר נייע פּאָגראָמען. פינף פאָלקען מיליטער זענען פונם לאַגער געשיקט געוואָרען קיין פעטערבורג".

וועהרענד איך שרייב די דאָזיגע ווערטער, קומען אַלץ מעהר און מעהר פרישע טעלעגראַמען אָן פון פעטערבורג. עס איז אינטערעסאַנט אין די דאָזיגע טעלעגראַמען אויך דער אופן, ווי אין רוסלאַנד ווערט אַ דומא פונאַנדערגעלאָזען. ס'איז עפּעס אויף עכט רוסיש; איך גלויב נישט, אַז דער נישט־רוסישער לעזער וועט זיך מאַכען די ריכטיגע פאָרשטעלונג דער־פון. צוערשט איז אינטערעסאַנט די שעה: פיער אַ זייגער פאַרטאָג איז דער אוקאַז בעקאַנט געוואָרען. גאַנץ פעטערבורג איז בעלאַגערט פון מיליטער. שבת ביז צוועלף ביינאַכט איז אָנגעקומען מיליטער אַלץ מעהר און מעהר: אינפאַנטעריע, קאַוואַלעריע, גוואַרדיע אויף די פערד, הוזאַרען, אולאַנען און טויזענד אַנדערע. אַרום דער דומא זענען אויסגעשטעלט הוזאַרען מיט בלאַנקע שווערדען. די דומא אַליין איז געשלאָסען; די פּאָליציי בעוואַכט אַלע טהירען און טויערען, און אַריין און אַרויסגעלאָזען ווערען נאָר דער פּרעזידענט און די וויצע-פּרעזידענטען פון דער דומא. די מענשען וועלכע האָבען דאָרט דעם בופעט, זענען ביינאַכט אויפגעוועקט געוואָרען פונם שלאָף און מען האָט פון זיי צוגענומען די שליסלען און מען האָט זיי געהייסען אַרויסנעהמען זייערע כלים און זייערע זאַכען. דער פּרעזידענט פון דער דומאַ, מוראָמצעוו, ווערט געוואָהר וועגען דעם פונאַנ־דערלאָזען פון דער דומא ערשט אינדערפריה, ווי דער וויצעפּרעזידענט, פירשט דאָלגאָרוקאָוו, דערצעהלט איהם דאָס דאָזיגע נייעס. דער סעקרעטאַר פון דער דומא, פירשט שאַכאָווסקי, וואַרט פון אינדערפריה ביז דריי אַ זייגער נאָכמיטאָגס, ביז מען וועט קומען פונ'ם מלוכה־ראַט און מען וועט אָבנעהמען פון איהם אַלע פּאַפּירען און אַלע אַקטען פון דער דומא, און אַז ער קאָן זיך נישט דערוואַרטען, געהט ער אַוועק און לאָזט אַלעס אויף גאָט'ס בעראָט. די מיטגלידער פון דער דומא, וועלכע האָבען אין דער דומא ליגען אויך זייערע פּריוואַט־קאָרעספּאָנדענצען, האָבען זיך מורא צו ווייזען. אין דער רעדאַקציע פון „מיסל" ווערט פון פּאָליציי געמאַכט אַ רעוויזיע. דער רעדאַקטאָר זעלבסט, הערר סאַלאָמקאַ, איז אַ מיטגליד פון דער דומא און ביי איהם אין דער רעדאַקציע איז גראָד אַ פערזאַמלונג פון

דעם צענטראַל־קאָמיטעט פון דער סאָציאַל־רעוואָלוציאָנערער־פּאַרטיי. דער רעדאַקטאָר בעהאַלט אין זיין אַרבייטסצימער דריי זעהר וויכטיגע מענשען פון דער פּאַרטיי. צוויי, ווי זיי זעהען, אַז עס איז שלעכט, שפּרינגען אַרויס דורך אַ פענסטער און אַנטלויפען. זעהר וויכטיגע פּאַפּירען ווערען פון דער פּאָליציי געכאַפּט און קאָנפיסקירט. דאָס גאַנצע לעבען אין פּעטערבורג איז ווי אויסגעשטאָרבען. מען האָט מורא צו קוקען איינער דעם אַנדערען אין די אויגען, די גאַסען זענען לעער און טויט-שטיל.

און יעצט וואָס וועט ווערען? — נאַטירליך, אַז די דעפּוטאַטען פון דער דומאַ האָבען זיך ענטשלאָסען אין דער זיצונג פון שבת צו יענעם געפעהרליכען שריט, צו געבען אַ מאַניפעסט צום פאָלק, האָבען זיי דאָך געמוזט גענוי וויסען וואָס זיי טהוען. זיי האָבען דאָך געוואוסט, אַז דער דאָזיגער שריט וועט ציהען נאָך זיך דאָס פונאַנדערלאָזען פון דער דומאַ, און ווען זיי האָבען עס פאָרט געטהון, האָבען זיי עס דאָך מן הסתם גע־וואָלט; מן הסתם האָבען זיי דאָך געוואוסט ווי ווייט דאָס פאָלק שטעהט שוין גרייט בחרבו ובקשתו און ווי ווייט די אַגראַר-רעוואָלוציע איז שוין פערטיג און ווי ווייט מען קאָן זיך שוין פערלאָזען אויף דער בעוואָפנטער מאַכט פון די אַרבייטער. יעצט וועט דאָס בלוט רינען אין די גאַסען — און פאָרט האַלטען מיר דאָך ערשט ביי די ערשטע שורות פון דער הקדמה צו דער רעוואָלוציע. איך האָב נאָר מורא, אַז די דומאַ, וועלכע האָט ביז יעצט געפיהרט מיט זעהר פיעל טאַקט די פּאַסיווע פּאָליטיק, האָט פאָרט געמאַכט אַ צו איבערגעאיילטען שריט און האָט זיך געלאָזט צו איהר מאַ־ניפעסט פּראָוואָצירען פון מענשען, וועלכע האָבען נאָר דערויף געוואַרט, אום פון איהר פּטור צו ווערען.

און פאָרט איז אַ שאָד די דאָזיגע דומאַ! ווען אויך זי האָט אונז גאָרנישט פּראַקטישעס געגעבען, האָט זי פאָרט געווּג נוצען געבראַכט דער־מיט, וואָס זי האָט געהאָלפען אייראָפּאַ אויפקלערען איבער אונזער אמת׳ען צושטאַנד. איינציגע גלענצענדע רעדעס וועלען נישט פערגעסען ווערען, ווי למשל די רעדע פון ווינאַווער איבער דעם פּאָרוואורף, וואָס די רעגירונג מאַכט דער יודישער יוגענד, אַז זי איז רעוואָלוציאָנער. „איהר האָט אונז אין ענגשאַפּט אַריינגעקוועטשט, אין עלענד און אָהן שום רעכט. איהר האָט

אונז צום אָפּפער אַהינגעוואָרפען צו די ווילדע ליידענשאַפטען פון דער פינסטערער מאַסע, וועלכע איהר האָט אָנגערייצט אויף אונז. און דאַן קומט איהר און זאָגט: צווישען אייך זענען פאַרהאַנען מענשען, וועלכע ווילען זיך נישט מעהר לאָזען דריקען, גיט זיי אונז אַרויס, וועלען מיר אויפהערען אייך צו הרג'ענען! איהר מוזט אָבער פערשטעהן, אַז יעדע געדולד פּלאַצט אַמאָל, און איהר האָט גאָרנישט דאָס רעכט צו פערלאַנגען, אַז אונזער יוגענד, וואָס האָט זיך אַזוי פיעל אָנגעזעהען, ווי זייערע עלטערען האָבען געליטען, זאָל יעצט קומען פריעדליך און רוהיג און זאָל אויס־שטרעקען דעם האַלז און זאָל זיך לאָזען קוילען. איהר אַליין האָט געמאַכט די יוגענד פאַר רעוואָלוציאָנערען!" — אָדער די נאָך גלענצענדערע רעדע פון ראָדיטשעוו געגען דער רעגירונג, וועלכע וויל בכל אופן שהוא דעם אמת פערגראָבען און נישט הערען און נישט לאָזען הערען, וואָס די דומאַ־קאָמיסיע דערצעהלט פון ביאַליסטאָק. „פאַרוואָס פיהרט די רעגירונג פּאָלעמיק מיט אונז? פאַרוואָס האָבען די דומאַ-דעפּוטאַטען אין ביאַליסטאָק געאַרבייט ווי פּריוואַט־מענשען, ווי צייטונגס־קאָרעספּאָנדענטען? ווייל זי שטרע־ט נישט צו דעמזעלבען וואָס מיר שטרעבען, ווייל זי שטרעבט דערצו, אַז דער נאַקעטער אמת זאָל נישט אַרויסקומען. יעדער רוסישער טשינאָווניק ווייס, אַז עס איז פאַרהאַנען איין אמת, וועלכען ער טאָר נישט אויסזאָגען און אַז פאַר יעדען געזאָגטען ליגען וועט ער ווערען גוט בעלויהנט. יעדער טשינאָווניק, וועלכער איז געשיקט געוואָרען קיין ביאַליסטאָק, ווייס, אַז ווען ער וועט שיקען צום מיניסטער פון אינערען אַ ליגנערישע נאַכריכט, און אפילו ווען דער ליגען וועט דאַן אַרויסקומען, קאָן ער אויך דאַן ווערען חבר פון מיניסטער סטאָליפּין. יעדער טשינאָווניק, יעדער גובערנאַטאָר ווייס דעמזעלבען אמת, וועלכען דער פירשט אוראָסאָוו האָט אויסגעזאָגט, און קיינער פון זיי וואַגט נישט דעמזעלבען אויפצודעקען. דאָס גאַנצע אינערען־מיניסטעריום ווייס, אַז דאָס לייכטסטע מיטעל צו ווערען דער הויפּט-מיט־אַרבייטער פון סטאָליפּין איז: אָנצוהויבען זיין קאַריערע פון ליגנערישע נאַכריכטען. אַזוי האָט מען זיך נוהג געווען אין דעם דעפּאַרטאַמענט פון דעם יוסטיץ־מיניסטער מוראַוויעוו און אַזוי איז מען זיך נוהג יעצט אין דעם פּאָליציי־דעפּאַרטאַמענט אין דער רעגירונגס־צייט פון סטאָליפּין. און וואָס

מיינט איהר? קאָנעו מיר זיך דערוואַרטען אנ׳אמת פון דעם דאָזיגען מיניסטער סטאָליפּין? איך מיין, ניין. מען זאָגט אונז, אַז דאָ אין דער דומאַ זענען געפאַלען ווערטער וועלכע בעליידיגען די עהרע פונ׳ם מיליטער. זיי, וואָס זיי אַרבייטען נאָר מיט הילף פון ליגענס, זיי רעדען אינ׳ם נאָמען פונ׳ם פּאַטריאָטיזם! זיי, וואָס דאָס גאַנצע פאָטערלאַנד ליעגט ביי זיי אין די קאַזאַרמעס, זיי רעדען פון פאָטערלאַנד! די אמת׳ע בעליידיגער, וואָס בעליידיגען די עהרע פון אונזער מיליטער און פערדאַרבען עס און מאַכען עס אומגליקליך, זענען יענע דאָרט, וואָס רופען אָן זייערע זינד מיט דעם נאָמען „ערפילונג פון דער פליכט צום פאָטערלאַנד". — נישט אין דעם „בערוהיגען" פון דער אינערליכער מלחמה ליעגט די גבורה פונ׳ם מיליטער. ניין! איהר ווייסט וואָס גבורה איז טייטש. גבורה איז מוט, רחמנות אויפ׳ן פיינד. אין דער אינערליכער מלחמה, וועלכע הויבט זיך יעצט אָן צום אומגליק פון דעם מיליטער, איז דער העלד, דער סאָלדאַט, געשטאַרבען און נישט געהרג׳עט געוואָרען. די מענשען, וועלכע בעפעהלען דעם רוסישען מיליטער נישט קיין רחמנות צו האָבען אויף מענשענס לעבען, מאַכען דאָס מיליטער צום שונא פון אייגענעם לאַנד. — מיינע הערען! מיר און דאָס גאַנצע לאַנד געפינען זיך אין אַ טראַגישען צושטאַנד. שוין צוויי חדשים, ווי מיר רופען: הערט אויף בלוט צו פערגיסען, הערט אויף ליגען צו זאָגען, הערט אויף צו האַלטען די מדינה אין אַ נעץ פון ליגענס און טיראַנישער מאַכט; ווען איהר קאָנט דאָס נישט, טאָ געהט אוועק — נאָר זיי האָבען זיך נישט געריהרט. מיינע הערען! איז דאָס נישט אַנ׳אוטאָפּיע? מענשען שטעהען אין דער שפּיץ פון אַ פאָלק פון הונדערט מיליאָנען און געפינען זיך אין אייביגען קריעג און אייביגער פיינדשאַפט מיט זיינע אויס־געוועהלטע, דען דאָס איז דאָך אַ מלחמה געגען אונז, געגען דעם רוסישען פאָלק אַליין! — קאָן מען אַ רעגירונג וויטער פיהרען אָהן דעם ווילען פון דער דומאַ? צו וואָס זאָלען מיר וואַרטען? היינט איז נאָך צייט, דאָ האָבען מיר 500 נאַכריכטען פון די פערשידענסטע ערטער און מיר ווייסען, אַז די רעגירונג זאָגט ליגען. מיר ווייסען דאָך דעם אמת׳ען אמת. מיר האָבען שוין די סימנים פונ׳ם שטורעם און ווען די אַלע קולות וועלען צוזאַמענקומען, וועלען זיי די אויבערמאַכט צוקלאַפּען און וועלען חרוב

מאַכען די מדינה, וועלכע געפינט זיך יעצט אין די הענד פון די, וועלכע מאַכען זי אומגליקליך דורך זייערע ליגענס. אינ׳ם נאָמען פון דער אייגענער עהרע, אינ׳ם נאָמען פון דער ליעבע צו אַנ׳אמת׳ער רעגירונג און אינ׳ם נאָמען פונ׳ם רוסישען פאָלק מוזען מיר יעצט זאָגען דעם מיניסטעריום: הערט! איהר, איהר זענט שולדיג אין די פּאָגראָמען, איהר זענט שולדיג אין דעם אומגליק פונ׳ם לאַנד, איהר זענט שולדיג אין זיין ירידה. אַז איהר האָט נישט קיין יושר, אַז איהר האָט נישט קיין פּאַטריאָטיזם, טאָ פאַרשטעהט איהר, וועניגסטענס, אַזויפיעל, אַז עס איז נאָך פאַרהאַנען אַ מאַטעריעלער כח? אָדער ווילט איהר זיך דורכאויס בעגעגנען מיט איהם פּנים אין פּנים? איהר מוזט אָבער וויסען: ווען דער דונער וועט זיך שוין לאָזען הערען און איהר וועט דאַן זאָגען: מיר וועלען געהן — דאַן קאָן זעהר געמאָלט זיין, אַז עס וועט שוין זיין אַביסעל צו שפּעט!"

# פיערטער פריעף

די שבעת ימי המשתה, די ערשטע זיבען טעג נאָך דעם פונאַנדערלאָזען פון דער דומא, זענען אַריבערגעגאַנגען „רוהיג”. אַזוי וועניגסטענס האָב איך געלייענט אין די אָפיציעלע טעלעגראַמען, וועלכע די רעגירונג לאָזט זיך שיקען פון אַלע פראָווינצען פונ'ם גאַנצען לאַנד און וועלכע זי שיקט ווידער פונאַנדער אין אַלע עקען פון דער וועלט, און אַזוי ווי אַנדערע קוועלען האָבען מיר יעצט נישט — דען כמעט אַלע פרייע צייטונגען זענען געוואָרען פערמאַכט אָדער געהען אַרוים ערשט נאָכדעם ווי זייער ערשטער נומער איז אַריבער בשלום אַ כשר'ע בדיקה (מיר האָבען נעמליך דאָ, ביי אונז אין רוסלאַנד, זינט ניין חדשים פרעסע־פרייהייט!) זענען אונז געבליבען, גאָט צופאָר, נאָר יענע אָפיציעלע נאַכריכטען און מיר מוזען זיי גלויבען. מיר מוזען אויך גלויבען אַז דער נייער פרעמיער־מיניסטער סטאָליפּען איז אַ זעהר, זעהר ליבעראַלער מאַן און זיין מיניסטעריום וועט זיין אַ זעהר, זעהר ליבעראַלעס — דען אַזוי שטעהט אין די אָפיציעלע נאַכריכטען. מיר מוזען אויך גלויבען, אַז אַלע אָנפיהרער פון דער סאָציאַל־רעוואָלוציאָנערער פּאַרטיי זענען אַריינגעפאַלען אין די רעגירונגס־הענד און מיט זיי צוזאַמען זענען אַריינגעפאַלען אויך אַלע זייערע וויכטיגסטע דאָקומענטען, אַזוי אַז יעצט איז שוין קיין שום ספק נישט, דאָס דער סוף פון דער גאַנצער רעוואָלוציע איז שוין געקומען — דען אַזוי שטעהט אין די אָפיציעלע נאַכריכטען. מיר מוזען אויך גלויבען, אַז אין דער בעקעריי פון דער נייער רעגירונג באַקען זיך שוין אַלע רעפאָרמען און באַלד ווערען פערטיג ישועות טובות פאַר די פויערים און ישועות טובות פאַר די יודען, אויבוואויל די דאָזיגע יודען זענען רעוואָלוציאָנערען און האָבען עס נישט פערדיענט, אַז מען זאָל זיי בעהאַנדלען ווי מענשען — דען אַזוי שטעהט אין די אָפיציעלע נאַכריכטען. מיר מוזען אויך גלויבען אין דעם, וואָס דער גענעראַל קוילבאָרס האָט געענטפערט דער יודישער דעפּוטאַציע אין אָדעס, אַז „ער וועט נישט קאָנען אָבהאַלטען די סאָלדאַטען פון מאַכען אַ פּאָגראָם, ווייל די סאָל-

דאַטען זענען אַזוי שטאַרק אין כעס אויף יודען, דערפאַר ווייל זיי זענען רעוואָלוציאָנערען" — דען אַזוי האָבען מיר געלייענט אין די אָפיציעלע טעלעגראַמען און אויך אין דעם דאָזיגען מוזען מיר גלויבען: אַז די פויערים פיהלען זיך יעצט שוין גליקליך און צופרידען נאָכדעם ווי זיי האָבען נאָר געהערט, אַז די רעגירונג האָט מבטיח געוועזן אויף איהר עהרענוואָרט, אַז, זי, די רעגירונג, וועט זיי שוין געבען לאַנד גענוג, און מעהר וועלען די פויערים שוין נישט צינדען און ברענען און ראַבעווען די גיטער און די פעלדער פון די פּריצים — דען אַזוי פערזיכערען אונז די אָפיציעלע מעלדונגען. בקיצור, רוסלאַנד איז, לויט די אָפיציעלע מעלדונגען, דאָס גליקליכסטע לאַנד פון דער גאַנצער וועלט. רוסלאַנד איז ווי עס ווייזט זיך אויס, אַזוי גליקליך, אַז מען מעג שוין אפילו רעדען פון אַ נייער הלאוה אויך. אמת, אַז מען קוקט אַביסעל אריין, האָט דאָס אַלעס עפּעס אַ שטיקעל עהנליכקייט מיט די מעשיות פון די אָקטאָבער־טעג אינ'ם פאָריגען יאָהר און נאָך די באַריקאַדען־טעג אין מאָסקווא. אויך דענסמאָל האָבען מיר פלוצלינג בעקומען טאָג און נאַכט בשורות טובות, אַז אַלעס איז שוין גאָט זיי דאַנק רוהיג, אויך דענסמאָל האָט זיך געהערט אָהן אַנ'אויפהער, אַז וויטע איז דער ליבעראַלסטער מאַן אין גאַנץ אייראָפּאַ. אויך דענסמאָל האָבען די אָפיציעלע טעלעגראַמען גאַנץ אונטערטעניגסט געמעלדעט, אַז די רעוואָלוציאָנערע פּאַרטיי אין מאָסקווא איז אינגאַנצען שוין מיט קאָפּ און קראַגען און מיט די לאַנגע האָר און מיט די באָמבעס און רעוואָלווערען און מיט אַלע וויכטיגע פּאַפּירען, אַריינגעפאַלען אין די הענד פון דער רעגירונג. די טענה „אַז אַלעס איז רוהיג", איז אין רוסלאַנד נישט ניי; אויך פון שיפּקאַ איז דאָך געקומען די בעקאַנטע מעלדונג, אַז אין שיפּקאַ איז אַלעס רוהיג. דאָס איז רוסישע פּאָליטיק — חכמת יון.

עס איז די קללה וועלכע רוהט אויף רוסלאַנד, וואָס ביי איהר ווערט באַלד אַלעס „רוהיג"! פּלעווע איז צוגעגאַנגען צו זיין רעזשים — און אַלעס איז געוואָרען רוהיג; דורנאָוואָ איז צוגעטרעטען צו זיין רעזשים — און אַלעס אין געוואָרען רוהיג; דובאַסאָוו איז געקומען קיין מאָסקווא — און אַלעס האָט זיך אין פיער און צוואַנציג שעה בערוהיגט, און יעצט קומט סטאָליפּין צו דער מזרח־וואַנד — און פלוצלינג איז אומעטום גאָר שלום

ושלוה און רוה. עס איז דאָס אומגליק פון אַ רעגירונג, וועלכע איז אַזוי בלינד און זעהט נישט און פערשטעהט נישט, אַז אַ בעוועגונג פון אַ סך צעהנדליגער יאָהרען, אַ פייער, וואָס צייטענווייז ברעכט עס העל אַרויס און פערפאַרבט רויט דעם הימעל מיט דער ערד, און צייטענווייז טליעט עס בע־האַלטענערהייט און גראָבט אונטער אַלע זיילען און אַלע שטיצען אויף וועלכע דאָס לאַנד רוהט, אַזאַ בעוועגונג אָדער אַזאַ פייער בערוהיגט זיך נישט פלוצלינג צוליעב איינער אָדער צוליעב דער אַנדערער מעשה, וואָס איז געשעהן. עס איז זעהר נאַאיוו פון אַ רעגירונג, וועלכע רעדט זיך איין, אָדער וועלכע וויל אַנדערע איינרעדען, אַז אַזאַ בעוועגונג הענגט אָב פון איינצעל־נע מענשען. און האָט מען עטליכע צעהנדליג אָדער הונדערט אָדער אפילו טויזענד פון זיי צוגענומען — און אפילו ווען מ'האָט זיי צוגענומען צוזאַ־מען מיט די אייביגע „זעהר וויכטיגע פאַפּירען" — איז שוין די גאַנצע בעוועגונג דערשטיקט, און אַ רעוואָלוציע פון צעהנדליגער יאָהרען ווערט אָבגעמעקט, ווי אַ שענקער מעקט אָב אַ ציפער פון קרייד מיט אַ שפּיי אויפ'ן פינגער. עס איז זעהר נאַאיוו פון אַ רעגירונג, ווען זי מיינט, אַז דערמיט וואָס זי וואַרפט צו עטליכע טויזענד אומגליקליכע יודען פאַר די חיה'שע אינסטינקטען פון דעם פינסטערען המון און לאָזט זיי אויסקוילען און לאָזט זייער בלוט לעקען, האָט זי שוין דעם דאָזיגען פינסטערען המון אַוועקגע־פיהרט אין אַ זייט און איהם געמאַכט פערגעסן די רעוואָלוציאָנערע בעווע־גונג. שוין פינף און צוואַנציג יאָהרען, ווי די רעגירונג געברויכט דאָס דאָזיגע מיטעל, און זי האָט דערמיט גאָרנישט דערגרייכט; די רעוואָלו־ציאָנערע בעוועגונג איז נישט שוואַכער, נאָר אדרבא, שטאַרקער געוואָרען. אין הונדערט און דרייסיג שטעדט האָט די דורנאָוואָ'שע רעגירונג נאָך די אָקטאָבער־טעג געלאָזט מאַכען פּאָגראָמען, און גרויל־טאַהטען זענען גע־שעהען, אַנטקעגען וועלכע די גרויל־טהאַטען פון אַלע באַרבאַרען אין אַלע פינסטערע צייטען ווערען בלאַס. — און די רעוואָלוציע אין רוסלאַנד האָט זינט דענסמאָל מיט הונדערט פּראָצענט זיך פערשטאַרקט. אין וויפיעל־זשע שטעדט האָט בדעה דער ליבעראַלער מיניסטער סטאָליפּין, דער העלד פון סאַראַטאָוו, צו לאָזען מאַכען פּאָגראָמען, אום, ווי ער מיינט, צו זיין ציעל

צו קומען ? צווייהונדערט מיט זעכציג ? פינפהונדערט מיט צוואַנציג ? אין אַלע שטעדט פון גאַנץ רוסלאַנד ?

עס איז מערקווירדיג : ווייל די רעוואָלוציאָנערע בעוועגונג האָט נישט געענטפערט אויף דעם פונאַנדערלאָזען פון דער דומא זאָפאָרט מיט אַ גע־נעראַל־שטרייק אָדער מיט באַריקאַדען אָדער מיט עהנליכע זאַכען, ווי אַ סך האָבען דאָס ערוואַרטעט, לכן לערענט מען פשט, אַז אַלעס איז רוהיג. די דאָזיגע, וועלכע האָבען ערוואַרטעט אַ תשובה מיט קולות וברקים, זענען, ווי עס ווייזט זיך אויס, מענשען, וועלכע זענען געוועהנט צו טעאַטער־עפעקטען, צו זאַכען מיט'ן קנאַל און מיט'ן קנאַק, און אַ רעוואָלוציאָנערע בעוועגונג איז עפּעס ביי זיי אַזאַ מין דיאַלאָג, אַז קוים האָט איינער אָבגעטענה'ט, האָט דער צווייטער זאָפאָרט זיין שטיך־וואָרט. עס איז אפשר דאָס קלוגסטע, וואָס די רעדעל־פיהרער האָבען געמאַכט זייט וואָכען און חדשים, דאָס וואָס זיי האָבען יעצט נישט געענטפערט יענע קנאַקעדיגע תשובה און האָבען זיך נישט געלאָזען רייצען און טהון עפּעס פאַר דער צייט. זיי האָבען שוין גענוג געזינדיגט דערמיט, וואָס זיי האָבען אין די דעצעמבער־טעג געלאָזען זיך פערפיהרען און זענען אַרויסגעשפּרונגען פאַר דער צייט. צוויי מאָל דעמזעלבען פעהלער האָבען זיי נישט געטאָרט מאַכען.

ניין, אין רוסלאַנד איז יעצט נישט רוהיג : די רעוואָלוציאָנערען זענען דערוויל צוריקגעקעהרט צו זייער סיסטעם מיט די באָמבעס. אין העלען ליכטיגען טאָג ווערען מענשען איבערפאַלען און געהרגעט. פּאָליציאַנטען ווערען נישט מיר נישט דיר דערשאָסען. אין לויף פון דער דאָזיגער איינ־ציגער וואָך זענען אין וואַרשאַווער קאַנט נישט ווייניגער ווי פיער אייזען־באַהן־צוגען אָבגעהאַלטען און בעראַבעוועט געוואָרען. מעהר ווי 100,000 רובעל זענען ביי די דאָזיגע פאָרפאַלען גענומען געוואָרען. אויף דער גרעניץ־וואָך בוו טשענסטאָכאָוו האָט מען געשאָסען, און געהרגעט זענען געוואָרען צוויי גענעראַלען און עטליכע אָפיצירען און סאָלדאַטען. צווישען דעם מיליטער קאָכט זיך און ראָיעט זיך ; אין פּראָקלאַמאַציעס צום מיליטער נאָך דעם פונאַנדערלאָזען פון דער דומא ווערט מיט אַ מערקווירדיג קלאָרער און איבערציינגענדער שפּראַך ערקלערט, אַז דער דאָזיגער סאָלדאַט וועלכער

שיסט יעצט אויף זיינע ברידער אין דער גאַס, וועט נאָך זיין דיענסטצייט דאָך אהיימגעהן און וועט דאַן ווידער געהן אין פּראָסטע קליידער ציוויל אָנגעטהון און עס וועט זיין אַ נייער סאָלדאַט, וועלכער וועט שיסען אין איהם אריין. צווישען די פּויערים איז די בעוועגונג נאָך אזוי שטארק ווי פריהער, און אפשר נאָך שטארקער. דער רעגען האָט אין אַ טייל געגענדען אויך דאָס לעצטע ביסעל תבואה פערפּלייצט און דעם לעצטען ביסען צוגע'גזלט, אזוי אז די פערביטערטקייט צווישען די פּויערים איז טויזענדמאָל שטארקער געוואָרען. וועלכען איינדרוק עס האָט אויף זיי געמאַכט דאָס פונאַנדערלאָזען פון דער דומאַ, ווייס מען נאָך נישט, אָבער עס איז קלאָר, אז דער מאַניפעסט פון די געוועזענע דומאַ-מיטגלידער פערלאַנגען פון זיי, אז זיי זאָלען אויפהערען צו צאָהלען שטייערען, און זיי זאָלען ביים נייען פּריזיוו נישט צושטעלען זייערע זיהן צו ווערען סאָלדאַטען. ביז דענסמאָל וועלען זיי אָבער נישט אויפהערען צו צינדען און צו ברענען גיטער און פעלדער פון די פּריצים, און נישט וועלען אויפהערען צו ראַבעווען און צו כאַפּען אַלצדינג וואָס וועט זיי פּאַלען אין די הענד אריין. דאָס איז די „רוה".

און אויך פון דער אַנדערער זייט זעהט זיך שוין גענוג אַרויס צו וועלכען סיסטעם מען האָט זיך דאָרט גענומען און וואָס עס איז צו ערוואַרטען אין דער נעבסטער צייט: אַלע פרייערע צייטונגען ווערען פערמאַכט, און אזוי ווי די דומאַ איז אויך שוין נישטאָ, איז כמעט קיין שום פריי וואָרט נישט מעהר צו ערוואַרטען. הונדערטער מענשען ווערען ווידער טאָגטעגליך אַרעסטירט; אין פּעטערבורג, אין מאָסקווא, אין ווארשא און כאַרקאָוו זענען אין די לעצטע טעג העכער זעקס הונדערט אין די טורמעס געזעצט געוואָרען, און צווישען זיי געפינען זיך אַ סך בעוואוסטע און וועלט־בעקאַנטע מענשען. די פּאָליציי און די מיליטער־פּאַטראָלען זענען אין פיעל שטעדט פערשטארקט געוואָרען, און וועלען וואָסאַמאָל מעהר פערשטארקט ווערען, און דאַן וועלען קומען די וואַהלען, וואַהלען „בהכשר הרב דפּה", אונטער דער אויפזיכט פון דעם נייעם „ליבעראַלען" מיניסטעריום און מיט דער הילף פון דעם מיליטער און פון פּאָליציי און פון געהיים־פּאָליציי. אַ גרויל וועט יעדען מענשען אַריבער איבער די ביינער, ווען מען וועט זיך דערמאָהנען אז מען מוז וועהלען און אז יעדער שריט ווערט גע־

פיהרט פון קאָזאַקען און בעוואכט פון געהיימע אַגענטען, און אַז אַ דומא וועט דאַן צושטאַנדקומען, וועלען זיצען אין איהר אויסגעדיענטע ניקאָלאַ־יעווסקע סאָלדאַטען, און אויסגעדיענטע און נישט אויסגעדיענטע ביוראָקראַ־טען, און אָנפיהרער פון כוליגאַנעס און די רעדעלפיהרער פון דער שווארצער מאה און כדומה אַזעלכע פּאַרשוינען — לויטער „ליבעראַלע" מענשען לויט דעם זין פון דעם נייען מיניסטעריום, און איירעפּאַ וועט דאַן זעהן, אַז מיר האָבען אַ ליבעראַלע דומאַ און זי לעבט פּאָרט בשלום ובשלוה מיט דער רעגירונג, און עס וועט זיין שמחה וששון, און מי יודע אויב מען וועט נישט באַפּען עפּעס אַ ניי שטיקעל הלואה אויך. עס איז, ווי מען זעהט קיין וואָרט נישט אַנדערש, ווי עס האָט זיך געפיהרט אין פלעוועס צייטען און אין וויטעס צייטען און אין פיעל אַנדערע צייטען. און ווען עס וועט אינמיטען דרינגען אַמאָל ווידער ווערען אַ שטיקעל מכשול, וועט מען ווידער געבען דעם פּאָלק אַ גלעט איבער די מאָרדע, און מען וועט איהם צוואַרפען עפּעס אַ שטיקעל רעפאָרם און מען וועט דערמיט אָבנאַרען אויף עטליכע וואָכען אָדער עטליכע חדשים דאָס לאַנד און די וועלט — און אַזוי וועט זיך דרעהען דאָס רעדעל. און אַזוי וועט עס זיך דרעהען ביז — ביז דאָס פּאָלק וועט זיין רייף געוואָרען, און ביז עס וועט פּלוצלינג דערקענען זיין אייגענעם פירכטערליכען כח — און דאַן וועלען זיך גיסען טייכען בלוט אין די גאַסען. אַזוי זעהט אויס ביי אונז די „רוה".

נאַטירליך וועלען אינצווישען געמאַכט ווערען אויך די אַלטע עקספּע־רימענטען פון פּאָגראָמען. פּראָבען דערפון האָבען מיר שוין געזעהען אין אָדעס און אין אַנאַטאָליוווקא. פערשטעהט זיך, אַז מען וועט זיי שוין נישט מאַכען מעהר אַזוי גראָבליך און אומגעשיקט, ווי מען האָט עס געמאַכט למשל אין ביאַליסטאָק, אַז אַ האַלבע וועלט האָט אָנגעהויבען באַלד שרייען. ניין, אַ נאַר טאָר מען נישט זיין. סטאָליפּין איז זיין טעלעגראַם צו די גענעראַל-גובערנאַטאָרען און צו די גובערנאַטאָרען זאָגט: אַז טהוען זאָלען זיי לויט זייער אייגענער איניציאַטיווע, און אונטערשיידען זאָלען זיי צווישען דער געזעלשאַפט און צווישען די פיינד פון דער געזעלשאַפט, און אונטער־דריקען זאָלען זיי מיט אַלע מיטלען און מיט יעדער קראַפט די רעוואָלוציאָ־נערע בעוועגונג, און פּאָרט זאָלען זיי קיין גוואַלד־טהאַטען נישט טהון (שבור

את החבית ושמור את יינה!) און הויפּטזעכליך זאָלען זיי זיין קלוג. ובכן וועט מען שוין זיין קלוג אויך. אין אָדעם האָט מען געזעהן, אז דערווייל געהט עס נאָך נישט אָהן גרויסע גוואַלדען, האָט מען גיך א סוף געמאַכט. א טעלעגראַם פון א פּרעמיער-מיניסטער צו גובערנאַטאָרען איז א גרויסע זאַך. נאַטירליך האָט גענעראַל קוילבארס געטענה'ט, אז ער קאָן נישט זיין פערענטוואָרטליך פאַר די סאָלדאַטען, ווייל די סאָלדאַטען זענען אזוי שטארק אין כעס אויף יודען צוליעב זייער רעוואָלוציאָנערען גייסט. אָבער די הויפּטזאַך איז דאָך דער סוף: דער סוף איז געווען דאָס די סאָלדאַטען האָבען אַרויסגעלאָזען פּראָקלאַמאַציעס, אז דאָס אַלעס איז שוא ושקר, און אז זיי זענען קיינמאָל נישט געווען אין כעס אויף די יודען צוליעב זייער רעוואָלוציאָנערען גייסט און אז זיי וואָלטען קיינמאָל נישט געהן געגען די יודען, ווען מען וואָלט זיי נישט מיט געוואַלד געהייסען. בסך-הכל האָבען די „אמת רוסישע לייט”, וועלכע ארבייטען פאַר דער רעגירונג, אין לעצטען חודש מעהר ווי צוויי מיליאָנען בראָשורקעס און אויך אין דעם ערך פּראָ־קלאַמאַציעס פערטיילט, כדי צו העצען דעם עולם געגען די יודען — און דער גובערנאַטאָר פון מינסק האָט אַרויסגעלאָזען א צירקולאַר צו דער פּאָ־ליציי און צו די פּריסטאַווס, אז ער בעט, מען זאָל די אמת רוסישע ניט מאַכען קיין שוועריגקייט ביי זייער ארבעט צווישען דעם פאָלק אין די דערפער. דער מינסקער גובערנאַטאָר האַלט זעהר פון א דבר מצוה, און וויים וואָס עס הייסט ביטול תורה! איבריגענס האָט אויך סטאָליפּין אַליין, אין די פיער טעמים, וועלכע ער האָט דערמאָהנט, פאַרוואָס די דומא איז אונטערגעגאַנגען, בפירוש געזאָגט, אז איין טעם, איז ווייל די דומא האָט זיך אריינגעמישט אין פּריוואַטע שטעדטישע פּאָליציי-הנהגות, ווי ביאַליסטאָק, וואָס האָט גאָרנישט געהערט צו איהר. ווי עס ווייזט זיך אויס, וויל מען באיין אופן נישט אז מען זאָל זיך מישען אין אזעלכע זאַכען, און אז אזעלכע זאַכען וועלען נאַכאַמאָל געשען, וועט שוין אַלעם אַריבערגעהן פיין און שעהן. עס ווערט איינעם גערונען דאָס בלוט אין די אָדערען, אז מען דערמאָהנט זיך וואָס קאָן ווערען!

א שטיקעל סימן פאַר דעם גייסט וועלכער הערשט אין דעם יעצטיגען ליבעראַלען מיניסטעריום, איז אויך דאָס, וואָס די „נאָוואָיע ווּרעמיאַ”

(סטאָליפּינ׳ס א ברודער איז דאָרט א שטענדיגער מיטארבייטער, און מען האלט די דאָזיגע צייטונג פאר דעם מיניסטערס אָרגאַן) איז געקומען באַלד נאָכדעם ווי סטאָליפּין איז געוואָרען פּרעמיער־מיניסטער, און האָט אין צוויי פייערדיג געשריבענע ארטיקלען פערלאַנגט, אַז מען זאָל אַלע יודען אַרויס־טרייבען פון רוסלאַנד.

## פינפטער בריעף

עס איז די רעוואָלוציע פון א העלפאַנט, עס איז די מרידה פון א שור־הבר, וועלכער איז געקומען האַלב אומבעוואוסט צו דעם שכל, נישט צו וועלען לאָזען זיך איינזאַלצען פאַר די צדיקים׳ס וועגען, עס איז די בעווע-גונג פון א וואַלפיש, וועלכען מען האָט געשטאָכען אין קאָפּ אַריין און ביי וועלכען עס דויערט א היבשע צייט ביז ער ווערט געוואָהר דערפון און ביז ער קריגט אנ׳אידעע צו געבען א דרעה מיט דעם ווידעל — און דאָס זענען אַלץ אזעלכע באַוועגונגען, וועלכע זענען אזוי ווייניג גראַציעז און אזוי ווייניג בעהנ׳ט אזוי ווייניג פיין, און זיי זענען כלל וכלל נישט געמאַכט אז צאַרטע, פיינע דאַמען-הענדטלעך זאָלען פּאַטשען בראַוואָ. אַלעס איז עפּעס אזוי שווערפעליג און עפּעס אזוי ברייט-פּיסיג און עפּעס אזוי לעכער־ליך. און דאָ אין דרויסען שטעהען מענשען, אייראָפּעאישע מענשען, און דערצעהלען אויף אייראָפּעאיש מעשה־נסים: דער גענעראַל־שטרייק איז געלונגען, דער גענעראַל־שטרייק איז נישט געלונגען; די מרידה פונ׳ם מיליטער איז געראָטען, די מרידה פונ׳ם מיליטער איז נישט געראָטען; די פּויערים האַלטען ביים זיעגען, די פּויערים האַלטען נישט ביים זיעגען — און די דאָזיגע אַלע מענשען ווילען נישט פערשטעהן, אז דאָס איז א רעוואָ־לוציע אין רוסלאַנד. אין רוסלאַנד איז נישט שייך צו זאָגען געלונגען אָדער נישט געלונגען, געראָטען אָדער נישט געראָטען, געזיעגט אָדער נישט גע-זיעגט. מען זיעגט נישט אין רוסלאַנד איבער נאַכט; מען זיעגט אויך נישט געראָטען און עס איז דאָס געראָטענסטע דווקא, אָפּט איז עס געראָטען און עס טויג דווקא אויף כפּרות. עס איז דאָך רוסלאַנד. אין רוסלאַנד האָט זיך דער העלפאַנט בעוועגט, און אז דער האָט געגעבען א דרעה מיט זיין לאַנגען אונענדליכען חוטם, איז אז אָך און וועה.

אָט לייענען מיר למשל א טעלעגראַם. איך בין זיכער אז ביים לייענען די דאָזיגע טעלעגראַם האָט מעהר ווי איינער געמוזט אַרויסשיסען מיט א געלעכטער. דען באמת האָט די נאַכריכט פון דער דאָזיגער טעלעגראַם א

היבשע פּאַרציע פון קאָמיזם, און פאַרט איז זי טיעף טראַגיש. די פּויערים אין אַ דאָרף נעבען קיעוו — ווערט אונז דאָרט דערצעהלט — האָבען זייער דומאַ־דעפּוטאַט, וועלכער איז אַהיים געקומען, גוט דורכגעקלאַפּט, ווייל ער איז אַהיים געקומען פון פּעטערבורג און האָט זיי גאָרנישט מיטגעבראַכט, נישט קיין ערד און נישט קיין פרייהייט, און ווייל ער האָט צוגעלאָזען, די דומאַ צו פערמאַכען. ענגליכע טעלעגראַמען האָבען מיר דאַן געלייענט פון פיעל אַנדערע ערטער. זאָגט, קאָנט איהר אייך מאַלען אַן'ענליכע מעשה אין גאַנץ אייראָפּאַ? קאָנט איהר אייך פאָרשטעלען וואו אַנדערש אַזאַ פערהעלטעניש צווישען פאָלק. און אָבגעאָרדנעטען? פאַר עטליכע חדשים, בשעת די דומאַ־דעפּוטאַטען זענען אַרויסגעפאָהרען פון זייערע היימאַטס־ערטער קיין פּעטערבורג, האָבען מיר געלייענט, ווי פּויערים האָבען אָב־געשטעלט אַן'אייזענבאַהן־צוג און האָבען מיט צלמים אין דער האַנד און אויף די קניהען אָבגענומען אַ שבועה ביי זייערע דעפּוטאַטען, אַז זיי זאָלען נישט צוריקקומען ביז זיי וועלען נישט מיטברענגען ערד און פרייהייט. זאָגט, קאָנט איהר אייך מאַלען אַזאַ מין אויפפאַסונג פון אַ פּאַרלאַמענט ביי אַן'אַנדער אומה? פאַר עטליכע וואָכען, בשעת די דעפּוטאַטען זענען גע־זעסען אין דער דומאַ און האָבען געאַרבייט, האָבען מיר געלייענט, ווי פּויערים האָבען געשיקט קיין פּעטערבורג זייערע געהיימע שפּיאָנען, אום אַכטונג צו געבען אויף זייערע דעפּוטאַטען, אַז זיי זאָלען נאָר אַלעם מאַכען ווי עס געהערט צו זיין. זאָגט, האָט איהר שוין געהערט אין אייראָפּאַ פון אַן'ענליכען פאַל? אָט דאָס איז אין רוסלאַנד. אָט אַזוי פּאַסט אויף דאָס פּאָלק אַ דומאַ. אָט אַזוי איז דער אָנפאַנג פון אַ פרייהייט־געדאַנק, ווי ער האָט זיך אַריינגעגנבעט אין זיין ענגען מוח אַריין. און ביי אַזאַ מין פאָלק ווילט איהר מיר רעדען איבער נאַכט פון געלונגען און נישט געלונגען, פון געראָטען און נישט געראָטען? ווען קומען אַמאָל דער טאָג, ווען דאָס דאָזיגע פאָלק, דאָס פאָלק פון די פּויערים, וועלכעס איז אַכט מאָל אַזוי גרויס ווי דאָס פאָלק פון די אַרבייטער, וועט אויפמאַכען זיין מוח און וועט אָנ־הויבען פּלוצלינג מעהר צו פערשטעהן, דאַן בין איך קיינעם נישט מקנא. זיי וועלען נישט מאַכען קיין מיטינגען ווי די אַרבייטער, זיי וועלען נישט האַלטען קיין רעדעס און זיי וועלען נישט האָבען דעפּוטאַטען אין דער דומאַ

ווי הערר אלאדין און זיינסגלייכען, זיי וועלען נישט ארויסשיקען פּראָקלאָמאציעס, — אָבער די ערד וועט ציטערען און דער דאָזיגער טאָג וועט זיין דער גרויסער טאָג.

אוי, דאָס דאָזיגע רוסלאנד, ווער עס קען עס! און אפילו די האלב־אינטעליגענטע, די האלב-וויסענדע, ווער עס קען זיי! איך געדענק א מעשה׳לע, וואָס וויל מיר גאָרנישט ארויס פון קאָפּ. פאר עטליכע יאָהר איז עס געוועז. געאָרג בראנדעס איז געקומען קיין פּעטערבורג און האָט געהאלטען דריי עפענטליכע פאָרלעזונגען. אלע צייטונגען האָבען געשריבען פון׳ם בריהמטען „קריטיקער". אלע מענשען, קליין און גרויס, אָרים און רייך, האָבען גערעדט טאָג און נאכט פון׳ם „בעריהמטער קריטיקער". נאטירליך, נישט וויסענדיג ווער ער איז און וואָס דאָס איז און ווי איז דאָס די זאך, וואָס ווערט אָנגערופען קריטיק. זעלבסטפערשטענדליך האָט דאָס אלעם נישט געשאדט, מיטצורעדען וועגען דעם דאָזיגען וויכטיגען פּאָרפאל, און די ליגנערישע פאנטאזיע פון דער „ברייטער נאטור" האָט זיך צעשפּיעלט ביי יעדען רוסישען מענש. צוויי רוסישע לייט, געשעפטס־אגענטען פון דעם אלעקסאנדער-מארק, שטעהען און רעדען וועגען קריטיקער בראנדעס. „שוין געוועזן?" פרעגט איינער דעם אנדערען. „געוועזן, ווי דען זשע!" „און וואָס האָסטו געזעהן?" פרעגט יענער ווייטער. „קריטיקירען!" ענטפערט דער צווייטער. „ווי געהט דאָס צו?" — „גאָר פּראָסט, מען בעצאָהלט א רובעל און מען געהט אריין!" — „געהען אריין מאנסבילען און וויבער צוזאמען?" פרעגט דער ערשטער. „חס וחלילה", ענטפערט דער אנדערער, „מאנסבילען געהען אריין פאָרמיטאָג דורך די רעכטע טהיר, און וויבער געהען אריין דורך די לינקע טהיר נאָכמיטאָג. מען געהט אריין און מען לעגט אוועק אויף דעם שווארצען טיש דעם רובעל. דאָ קומט בראנדעס און נעהמט עפּעס אין דער האנד אדיין און הויבט אָן צו קריטיקירען. געהט ארויס דער, וועלכער איז שוין אָבגעקריטיקירט, קומט אריין דער צווייטער. דאן געהט דער ארויס אָבגעקריטיקירט, קומט אריין דער דריטער, און אזוי ביז אין שפּעטען אָווענד"... — דאָס איז רוסלאנד און דאָס זענען די בעגריפען פון 99 פּראָצענט פון זיינע מענשען. און פון אזא לאנד וויל מען רעדען וועגען א רעוואָלוציע נאָך דעם צוגעשניטענעם מוסטער און נאָך די בעקאנטע פלעסטערלעך פון אייראָפּא?!

דער גענעראַל־שטרייק — אַזוי מעלדעט די אָפיציעלע פּרעסע און אַזוי פערזיכערט די האַלב־אָפיציעלע פּרעסע און אַזוי דערצעהלען די זעהר קלוגע קאָרעספּאָנדענטען אין די אויסלענדישע בלעטער — איז נישט גע־לונגען. אָבער מען פערגעסט דערביי, אַז אַלע ערנסטערע אָרגאַניזאַציעס זענען געווען געגען דעם שטרייק און האָבן געטענה'ט, אַז מען דאַרף שפּאָרען די קרעפטען אויף שפּעטערע צייטען. מען מאַכט זיך פערגעסען, אַז אַלע מיושב'דיגע מענשען האָבען געשריען אין איין געוואַלד, יעצט איז נאָך נישט געקומען די צייט צו אַזאַ אונטערנעהמונג און האָבען געוואָרענט פאַר די היץ־קעפּ. הויפּטזעכליך מאַכט מען זיך נישט וויסען דאָס, וואָס אַלע קלאָרע מענשען אין רוסלאַנד וויסען, אַז די גאַנצע פּראָבע צו דעם יעצטי־גען שטרייק איז געווען נאָר אַ שטיקעל פּראָוואָקאַציע, וואָס די רעגירונג האָט זיך בעמיהט צו פּראָוואָצירען, ווייל זי האָט געוואָלט ווייזען דעם אויס־לאַנד, ווי זעהר תקיף זי איז און ווי די גאַנצע רעוואָלוציע שטעהט שוין אויף היהנערישע פיסלעך. אַ חסרון צו אַ נייע הלואה קאָן דאָס אודאי און אודאי נישט זיין.

די הויפּט־צרה, נאַטירליך, איז דאָס שטיקעל הלואה, וואָס מען דאַרף. אַז אַ רוסישער פינאַנץ־מיניסטער בענשט, רעכען איך, זאָגט ער נישט דעם פּסוק: „ואל תצריכני לא לידי הלואתם". אדרבא, פון אַ מתנת בשר ודם האַלט מען זעהר און זעהר. ערשט דאָ לעצטענס האָט דער פינאַנץ־מיניס־טער קאָקאָצעוו פראַנק און פריי ערקלערט, אַז די לאַגע פון די רוסישע פי־נאַנצען איז פיעל „שלעכטער" ווי מען מיינט. מיט דעם גאַנצען האַרצען האָט ער זיך מודה געווען, אַז דאָס, וואָס בלייבט פון דער לעצטער גרויסער אַנלייהע, קלעקט נישט אפילו במקצת מן המקצת צו דעקען די דעפיציטען פון די צוויי יאָהרען, אַזוי אַז פון העלפען די הונגעריגע קאָן שוין גאָר נישט די רעדע זיין. ווייטער האָט ער אויסגעזאָגט פונ'ם חדר, אַז דער היי־יאָהריגער דעפיציט, אַזוי ווייט ווי מען קאָן שוין היינט וויסען, וועט אויסמאַכען צום ווענינסטענס 94 מיליאָנען רובעל.

בין כך וכך האָט מען אַראָבגעוואָרפען אין פּעטערבורג אויך דאָס לעצטע שטיקעל מאַסקע, וועלכעס מען האָט נאָך געטראָגען. מען האָט שוין גע־לאָזען פאַלען דעם אויסרייד פון „ליבעראַל" און מען האָט גענומען צוויי־

דריי נייע מיניסטאָרען, פּראָסטע בן־אדם׳ס, אַזעלכע וואָס נישט בלויז זיי זענען כפול־שמונה׳דיגע ביוראָקראַטען, נאָר וואָס זענען עכטע רוסישע מענשען מיט אַלע ל״ב פּירושים. אַזוי, למשל, האָט מען גענומען פאַר אַקערבוי־מיניסטער דעם בעוואוסטען וואסילשטשיקאָוו, וועלכער איז בע־קאַנט פון זיינע מעשים טובים בשעת ער איז געווען אויפזעהער פונ׳ם רויטען קרייץ. די אונטערהאַנדלונגען, וועלכע די רעגירונג האָט געפיהרט עט־ליכע טעג מיט די האַלב־ליבעראַלע מענשען פון דער דומאַ וועגען מיניס־טער־שטעלען, זענען געווען, ווי עס ווייזט זיך יעצט אַרויס, נאָר משום מראית־עין. גראַף הייהדען און לוואָוו ערקלערען יעצט אין די צייטונגען, אַז די מניעה איז געווען נישט פון זייער צד, נאָר פון דעם רעגירונגס־צד, ווייל די רעגירונג האָט נישט געוואָלט אפילו אָנהויבען צו געבען די מינדסטע גאַראַנטיע פאַר וועלכע עס איז רעפאָרמען. זעלבסטפערשטענד־ליך, האַלט דאָס אַלעס נישט אָב די רעגירונג פון מבטיח זיין אויך היינט, צו געבען גאַנצע בערג פון רעפאָרמען. נאַטירליך נישט שוין יעצט און נישט מיטאַמאָל. די רעגירונג וויל געבען מיט געטליכער הילף אַלע האַלבע יאָהר אַ האַלב קאָווע־לעפעלע מיט רעפאָרמען. דאָס איז געזונד און מען קאָן זיך דערביי נישט דעם מאָגען פערדאַרבען. — וואָס די רעגירונג וויל יאָ געבען מיט אַ פולער האַנד און מיט דעם גאַנצען האַרצען, דאָס איז גאָר עפּעס אַנדערש: זי וויל געבען איהרע בעקאַנטע „בערוהיגונגען“. אינ׳ם לויף פון דער וואָך זענען איינגעזעצט געוואָרען אין די טורמעס מעהר ווי טויזענד מענשען. געשאָסען זענען געוואָרען הונדערטער. נאָך די טעג פון סוועאַבאָרג און קראָנשטאַדט איז דאָס געווען אַנ׳הריגה, וואָס שרעקליך. ווי מען דערצעהלט זיך, וועט אין קראָנשטאַדט דער געוועזענער דומאַ־דעפּוטאַט אָניפּקאָ געשטעלט ווערען פאַר אַ קריעגס־געריכט.

אָבער בשעת דער חזן זאָגט „ברכו“ זאָגט דערווייל קהל „יתברך“: טויט און מאָרד און רויב הערען נישט אויף אין די גאַסען אפילו אויף איין שעה. אַ גענעראַל׳ס אַ טאָכטער קומט צופאָהרען פון פּעטערבורג קיין אָדעס צו אַ בעזוך פון גענעראַל קוילבאַרס טאָכטער, און דורך אַ בייזען צופאַל פאַלט איהר אַרויס פון איהר שטריק־בייטעל אַ באָמבע. נאָר דורך דעם דאָזיגען צופאַל איז גענעראַל קוילבאַרס ניצול געוואָרען.

ווייסט איהר איבריגענס שוין דעם אמת'ען טעם, פאַרוואָס די דומא איז פונאַנדערגעלאָזען געוואָרען? אַט לייענט, וועט איהר ווייסען. אין דעם קעקסהאָלמער און וואָהלינער פאָלק אין ווארשא האָט מען די סאָלדאַטען פאַרגעלייענט דעם בעפעהל פונ'ם קייזער פונאַנדערצולאָזען די דומא, און מען האָט דערצו מוסיף געווען די דאָזיגע ערקלערונגען:

„לויט דער אַנזיכט פון דער דומא, איז עס קיין אומגליק נישט, אז מען האָט געהרגעט אונזערע, די קעקסהאָלמער און די ליטווינער, נאָר אַן אומגליק איז עס, אַז מען כאַפּט די רוצחים און מען וויל זיי שיסען. די רוצחים מוז מען געבען אַמנעסטיע. אין די לעצטע טעג איז פערברענט געוואָרען די גאַנצע שטאָדט סיזראַן מיט 30,000 איינוואוינער, און די דומא האָט נישט געפונען פאַר נויטיג אפילו מיט איין וואָרט צו דערמאָהנען די דאָזיגע אמת'דיגע רוסישע אומגליקליכע שטאָדט, נאָר אין דעם יודישען ביאַליסטאָק איז געווען עפּעס א פּאָגראָם, וואָס יודישע רעוואָלוציאָנערען האָבען איהם געמאַכט און וועלכער איז גאָרנישט צו פערגלייכען מיט דעם אומגליק אין סיזראַן. דאַן האָט די דומא באַלד געפונען פאַר נויטיג אָבצוגעבען א בעזונדערען כבוד די יודען און אהין צו שיקען אַן'עקסטרא קאָמיסיע. די קאָמיסיע איז בעשטאַנען פון דעם יוד יאַקאָבסאָן, פון דעם אַרמעניער אַרקאַנצעוו און פון איינעם שטשעפּקין, וועלכער האָט א יודיש ווייב. קאָן רוסלאַנד זיך דערוואַרטען גערעכטיגקייט פון אַזאַ מין קאָמיסיע? זעלבסטפערשטענדליך, האָבען זיי געזאָגט, אַז שולדיג זענען די רוסען און דאָס מיליטער, אָבוואָהל מיר האָבען גענוג דערוויזען, אַז די יודען דאָרט האָבען געשאָסען אין א פּראָצעסיע און האָבען געוואָרפען א באָמבע. גאַנץ בעזונדערס אין די לעצטע טעג איז די רעוואָלוציע אין דער דומא געוואָרען וואָסאַמאָל שטאַרקער. די יודען זענען דאָרט געווען די אָנפיהרער און די רעוואָלוציאָנערען פון די אַנדערע פעלקער האָבען זיי געהאָלפען. דער גאַנצער צוועק פון דער יודישער דומא איז געווען, די אַלגעמיינע רעוואָלוציע צו מאַכען, רוסלאַנד צו פערשוואַכען, זי איינצוטיילען שטיקערווייז און דערביי זיך צו בערייכערען. אַלעס וואָס איז רוסיש האָט מען אין דער דומא נישט געלאָזען אויפקומען. אין דער דומא האָט מען געפּרעדיגט, אַז עס איז א שאַנדע צו הייסען א רוסישער פּאַטריאָט. אויף דעם מיליטער האָט

מען געוואָרפען שמוץ. עס איז שווער צו גלויבען, אז אזא דומא איז געווען אין רוסלאנד און נישט אין פאלעסטינא. אויף די וואהלען צו דער דומא האָבען יודען אויסגעגעבען מיליאָנען — —"

און דאָס אלעס, זעהט איהר, נוצט נישט. די רעוואָלוציע אין דעם מיליטער ווערט פון טאָג צו טאָג שטארקער.

פון אָדעם ברענגט אונז היינט דער טעלעגראף אזא מין ידיעה: „דער שטאָדט־הויפטמאן האָט בעהאלטענערהייט אויפגעפאָדערט די פערוואלטונג פון דער שטאָדט, זי זאָל פון היינט אָן קיין שום יוד נישט מעהר אָננעהמען אויף קיין שום שטעלע פון קהל'שע שטעלען, און אפילו נישט אלס דאָקטוירים, אָדער יוריסטען אָדער אינזשענירען אָדער טעכניקער. די דאָזיגע אויפפאָדערונג שטיצט זיך אויף א צירקוליאר פון מיניסטער אויס פעטערבורג". — זעהט איהר, אז מען זאָגט רעפאָרמען און אז מען רעדט פון גלייכבערעכטיגונג פון יודען אין רוסלאנד, זאָל מען גלויבען!

צו גוטער לעצט נאָך א נאכריכט פון דער פוילישער צייטונג „סלאָוואָ", וועלכע איז בעקאנט מיט איהרע ריכטיגע אינפאָרמאציעס פון די העכסטע ספערען אין פעטערבורג. דער קאָרעספאָנדענט פון דער צייטונג ברענגט א געשפרעך, וועלכעס ער האָט געהאט מיט א הויכער פערזענליכקייט פון דעם גענעראל־שטאב. די נאכריכט איז אינטערעסאנט, ווייל זי כאַראקטעריזירט דעם מצב פון אונזער מיליטער, און אפילו פון די, וועלכע זענען שוין רעוואָלוציאָניזירט געוואָרען. — בשעת מען האָט גענומען אויספאָרשען די שולדיגע סאָלדאטען פון קראָנשטאדט פאר דעם קריעגס־געריכט, האָט דער פראָקוראָר בעמערקט, אז אלע סאָלדאטען ענטפערען מיט איין נוסח, אז זיי האָבען זיך געבונטעוועט ווייל „מען מוז האָבען א קאָנסטיטואנטע, וועלכע זאָל געבען דעם פאָלק לאנד און פרייהייט". דער פראָקוראָר האָט זיך זעהר געוואונדערט איבער די דאָזיגע ווערטער אינ'ם מויל פון אונוויסענדע סאָלדאטען און האָט פלוצלינג איינעם א פרעג געגעבען: ווער האָט דיך אויסגעלערנט, אז מען דארף דאָס דאָזיגע? — „אָט, דאָס מיידעל האָט אויסגעלערנט", האָט דער סאָלדאט געענטפערט בתמימות. „וועלכעס מיידעל?" האָט דער פראָקוראָר ווייטער געפרעגט, און דאָ האָט זיך ארויסגעוויזען, אז עטליכע מיידלעך פון די רעוואָלוציאָנערע פארטייען האָבען זיך

אויף אזוי ווייט מקריב געווען, אַז זיי האָבען זיך אָבגעגעבען אין די עפענט־ליכע הייזער, אום דאָרט זייער לעהרע צווישען דעם מיליטער צו פערברייטען. די מיידלעך, האָט דער גענעראַל מוסיף געווען, זענען אַלע, ווי עס האָט זיך ארויסגעוויזען, פון די בעסטע פאַמיליעס און דער גרעסטער טייל פון זיי זענען קורסיסטקעס.

# זעקסטער בריעף

פון פעטערבורג קומט די נאכריכט: עס איז פארהאן א פראיעקט, די קאנסטיטוציע איינגאנצען גאר אבצושאפען. אט דאס, זעהסט איהר, געפעלט מיר. דאס וועניגסטענס וועט זיין עהרליך און מענשליך און אהן די נארישע פערמאסקירונגען. איך האב שוין לאנג געזאגט: בעהיט מיך, גרויסער גאט, פאר קאנסטיטוציע; פאר נישט קאנסטיטוציע וועל איך שוין, ווי עס איז, זיך אליין אויסהיטען. אין רוסלאנד א קאנסטיטוציע! פערשיקט ווערען קיין סיביר אדער פערמשפט ווערען צו טויט-שטראף איז א קינדער-שפיעל געגען דעם. איך האב מורא, עס וועט קומען אמאל א צייט, אז יענע שטראפען וועלען אבגעשאפט ווערען און עס וועט בלייבן נאר קאנסטיטוציע. מען וועט לייענען אין די צייטונגען: דער און דער איז פערמשפט געווארען אויף זעקס יאהר קאנסטיטוציע, דער און דער אויף פופצעהן יאהר קאנסטיטוציע, דער און דער אויף לעבענסלענגליכע קאנסטיטוציע. רבונו של עולם, וועט דאס זיין א שרעקליכע שטראף!

פאר עטליכע וואכען, ווען מען האט די דומא פונאנדערגעטריבען האט מען אונז געזאגט: אזוי ווי מען האט איינגעזעהן, אז די דומא איז נישט אימשטאנד געווען, דאס אונרוהיגע לאנד צו בערוהיגען, האט מען געמוזט זי פונאנדערלאזען. גלייכצייטיג האבען מיר זיך דענסמאל דערוואוסט, אז גאט איז א דערבארעמדיגער גאט און אז אויף דער וועלט זענען נאך פארהאן גוטע מענשען. אנשטאט איוואן לאנגיננאוויטש איז געווען פיאטר ארקאדיעוויטש. פיאטר ארקאדיעוויטש סטאליפין האט איבערגענומען דאס שטיקעל ארבייט, וואס די דומא האט נישט געקאנט: ער האט דאס לאנד אנגעהויבען צו „בערוהיגען". דערפאר טאקי איז עס דאך ביי אונז זיינט דענסמאל זעהר רוהיג. עס איז געגוג, דאכט זיך, אז איך וועל נאר נעהמען די רשימה פון די לעצטע עטליכע טעג: אט איז דער אנפאל אויף דעם ווארשאווער גענעראל-גובערנאטאר סקאלאן; אט ווערט דער ראדאמער פאליצמייסטער פון א באמבע אין שטיקער צעריסען; אט פאלען

אין ווארשא 26 פּאָליציי־מענשען טויט אין די גאַסען; אַט איז דער שרעק־ליכער אָנפאַל אויף דעם פּרעמיער סטאָליפּין אַליין, ביי וועלכען עס ווערען געהרגעט 28 נפשות און 26 פערוואונדעט; אַט ווערט דער גענעראַל פּאַמין, דער קאָמאַנדיר פון דעם סעמיאָנאָווישען רעגימענט, אין העלען ליכטיגען טאָג דערשאָסען; אַט ווערט דערהרגעט דער דערוויילינער קריעגס־גענעראַל־גובערנאַטאָר פון ווארשא, גענעראַל וואָנלאַרלאַרסקי; אַט קומען נאָך פּאָר טאָג־טעגליך אַנדערע אַזעלכע צעהנדליגע פּאַרפאַלען, חוץ די איבעריגע טויזענדער מעשים פון טעראָר און רויב און מאָרד און טויטשלאָג. דאָס, זעהט איהר, איז פון חתן-צד. יעצט אָבער איז דאָך אויך פאַרהאַן אַ כלה־צד: 400 מענשען, צופעליגע דורכגעהער, ווערען אין איין טאָג געהרגעט אין איין איינציגער שטאָדט, ווי די הינד דעשאָסען; 2000 מענשען זענען אין פערלויף פון דעם נעכטיגען טאָג בלויז אין ווארשא ארעסטירט געוואָרען; אויף אַ האַלבע שעה בין איך נעכטען אַרויס אויף די גאַס און בין אין פערלויף פון דער דאָזיגער האַלבער שעה נישט ווענינער ווי זעקס מאָל רעווידירט געוואָרען און איך קאָן גומל בענשען, אַז די קאָלבע פון אַ ביקס, מיט וועלכער מען האָט מיך געוואָלט מכבד זיין, האָט מיך נישט געטראָפען; פיער אַ זייגער בייטאָג ווערען ביי אונז די טויערען געשלאָסען און דאָס גאַנצע לעבען הערט אויף אין דער גאַס אַרום 6—7. אַ קליין, לוסטיג בילד פון דעם דאָזיגען לעבען ביי אונז ברענגט אַ נומער פון אַ היינטיגער צייטונג: „די גאַסען זענען אָבגעשלאָסען. איין רעוויזיע קומט נאָך דער אַנדערער. די קאָמוניקאציע פון דראָשקעס און טראַמווייען און וועליסאָפּעדען האָט אויפ־געהערט. מען ברויכט פּאַפּיער פאַר די דרוקעריי פון אונזער צייטונג און עס איז נישט מעגליך צו קריגען; די צייטונג וועט נישט אַרויס. דער קליינער יונג, וועלכען מיר האָבען געשיקט מיט מאַנוסקריפּטען אין די דרוקעריי, איז אַרעסטירט. אונזער מיטאַרבייטער איז אַוועק אום אביסעל נאַכריכטען פון דער גאַס צו ברענגען, און קומט נישט צוריק; ער זיצט אודאי שוין דערווייל אין אַרעסט. אַ ריינע אידילע!" — זעהט איהר: און דאָס ווערט אָנגערופען „רוהיג", אַלעס איז ברוך־השם „רוהיג", רוס־לאַנד איז גאָט צו דאַנקען „רוהיג", דאָס לאַנד און דאָס פאָלק האָבען זיך ענדליך מיט געטליכער הילף „בערוהיגט". וואָס אַזאַ קינסטלער, אַ מיניסטער, קאָן אַלץ מאַכען!

אין אמת גערעדט: צו וואָס די נארישע קאָמעדיע? וועמען נוצט זי? וואָס האָבען זיי דערפון? פאַרוואָס האָבען זיי נישט דעם מוט צו זאָגען, אז זיי האָבען א טעות געהאַט און זייער טאַקטיק פיהרט נישט צום ציעל, נאָר אומגעקעהרט, עס ווערט דורך איהר אַלץ ערגער און ערגער? אָדער צי זענען די מענשען דאָרט אויבען אין די הויכע ספערען אינגאַנצען משוגע און בלינד און טהוען אַלעס שוין נאָר אין א צעפּלאָמטער ווילדקייט? און צי איז נישטאָ איינער, נאָר איין איינציגער כאָטש קאָפּ, און ער זאָל זיי אָנכאַפּען פאר די האַנד און זאָל זיי זאָגען און זאָל זיי ווייזען, ווי אויף דעם וועג, אויף וועלכען זיי געהען, געהען זיי אַלץ מעהר און מעהר אין זייער אומגליק אריין, און וואָס מעהר זיי מיינען זיך אזוי ארויסצודרעהען, דרעהען זיי זיך אַלץ מעהר און מעהר אריין?

אָט לייען איך, למשל, א אינטערעסאַנטע רשימה אין איינעם פון די לעצטע נומערען „טאָוואַרישטש“, די סטאַטיסטיק פון די געהרגעטע און פערוואונדעטע הויכע אַדמיניסטראַטאָרען אין רוסלאַנד זינט דעם יאָהר 1901 ביז 1906. עס איז א מורא'דיגער צעטעל, און נישט ווילענדיג פער־טראַכט מען זיך און מען קומט צו מאָדנע געדאַנקען. די רשימה איז שרעקליך לאַנג, און איך האָב מורא מיינע לעזער צו בעלעסטיגען; איך וויל ארויסכאַפּען נאָר עטליכע נעמען פון דעם דאָזיגען הזכרת־נשמות־צעטעל: מיניסטער באָגאָליעפּאָוו, מיניסטער סיפּיאגין, גובערנאַטאָר באָגדאַנאָוויטש, גענעראַל־גובערנאַטאָר באָבריקאָוו, וויצע־גובערנאַטאָר אַנדרעיעוו, מיניס־טער פּלעווע, פירשט נאַקאַשידזע, גרויספירשט סערגיי אַלעקסאַנדראָוויטש, גראַף שוואַלאָוו, גענעראַל־גובערנאַטאָר זשעלטאָנאָווסקי, גובערנאַטאָר סלעפּצאָוו, אַדמיראַל קושמיטש, מיניסטער סאַכאַראָוו, אַדמיראַל טשוכנין, געהילפס־גענעראַל־גובערנאַטאָר מאַרגראַפּסקי, גובערנאַטאָר בלאָק, פירשט אָבאָלענסקי, גובערנאַטאָר פאָן וויל, פירשט גאַליצין, גובערנאַטאָר מיאַסאָיעדאָוו, אָבער־פּאָליצמייסטער נאָלקען, גובערנאַטאָר גענעראַל סאָקאָ־לאָווסקי, גובערנאַטאָר קלינגענבערג, גובערנאַטאָר באַראָן קאָרף, גובערנאַטאָר כוואָסטאָוו, גענעראַל־גובערנאַטאָר סקאַלאָן, פּרעמיער סטאָליפּין, קאָמאַנדיר פאָן מין און נאָך און נאָך. — ווי געזאָגט: די דאָזיגע רשימה, פון וועלכע איך האָב דאָ נאָר א קליינעם ברוכטייל געבראַכט, ברענגט, נישט ווילדרענדיג,

צום פערטראַכטען זיך און מען קריגט עפּעס מאָדנע געדאַנקען. און אָט דאָ פרעג איך מיך; קומט נישט פאַר, אַז אַ פּרעמיער זאָל אויך אַמאָל עפּעס קומען צו אַזאַ מין בעטראַכטען זיך און זאָל מאַכען אַ חשבון-הנפש און זאָל מיט איינמאָל וויסען און פערשטעהן, וואָס עס טהוט זיך ? דאַכט זיך, עס מאַכט זיך אַמאָל ביי אַ מענשען אַ שטילע, שוואַכע, מענשליכע שעה, בשעת בין-השמשות אָדער דעסגלייכען, מען זיצט און מען טראַכט פון קראַנקע, פערוואונדעטע קינדער אָדער דעסגלייכען. מען האַלט פאַר זיך די אויבען דערמאָהנטע רשימה אָדער דעסגלייכען. און פּלוצינג זאָגט מען זיך: שטעה איך נישט אויף דעמזעלביגען פּונקט, אויף וועלכען עס זענען געשטאַנען אַלע מיינע פאָרגענגער ביז היינט, נאָר מיט דעם אונטערשייד, וואָס יעצט איז אַלעס געוואָרען טויזענדמאָל ערגער און געפעהרליכער ? בין איך נישט אָנ־געקומען, נאָך דעם גאַנצען דרעהען זיך, ווידער ביז צו דער שטעלע, אויף וועלכער עס האָט געהאַלטען פּלעווע עליו השלום פאַר פינף יאָהר ? און אַלע מיינע אויפּטועכצער, די צעהנטויזענדער אַרעסטען און די טויזענדער הרוגים און די אָפענע און בעהאַלטענע פּאָגראָמען און די אַלע אַנדערע „ליבעראַלע רעפאָרמען", זענען עס נישט דיזעלביגע, מיט וועלכע עס האָ־בען געאַרבייט אַלע מיינע פאָרגענגער זינט צעהנדליגער יאָהרען ? און האָבען זיי עפּעס דערגרייכט ? און האָב איך עפּעס דערגרייכט ? און בע־לעהרט מיך נישט דער אָנפּאַל אויף פאָן-מין און אויף סטאָליפּין און אויף סקאַלאָן און אויף וואָנלאַרלאַרסקי און אויף צעהנלדיגער אַנדערע, אַז דאָס אַלעס איז אַ פערפעהלטע טאַקטיק און האָט גאָרנישט גענוצט ? און בע־לעהרט מיך נישט די לאַנגע רשימה פון די אָנפאַלען זינט 1901 ביז 1906, אַז דורך אונזערע מיטלען איז די רעוואָלוציע גאָרנישט געוואָרען שוואַכער, נאָר אדרבא, נאָך יעדער פערשטאַרקער רעפּרעסיע איז זי אַלץ געוואָרען שטאַרקער און שטאַרקער ? און נוצט מיר עפּעס, ווען איך בין מודיע, אַז „די רעדעלפיהרער און אויך זעהר וויכטיגע פּאַפּיערען זענען אַריינגעפאַ־לען אין אונזערע הענד", ווען מיט אַ טאָג שפּעטער קומט אַרויס דער אמת, אַז עס זענען דאָ אָנשטאָט איין רעדעלפיהרער צעהן נייע און עס זענען ביי זיי דאָ אַלעמאָל נייע פּאַפּירען און נייע סודות ? — וואָלט נישט אפשר גלייכער זיין, אַז איך וואָלט אויפגעבען אונזער גאַנצע אַלטע טאַקטיק און וואָלט אפשר פּרובען אומגעקעהרט ?

אַזוי, זעהט איהר, וואָלט איך טראַכטען, ווען איך וואָלט זיין מיניסטער. איך בין עס אָבער נישט, אָבוואָהל מיין קאָפּ איז אויך נישט עפּעס אַזוי איי איי. מיניסטאָרען טראַכטען נישט אַזוי, אָדער טראַכטען איבערהויפּט נישט. יעדענפאַלס זענען זיי נישט אימשטאַנד אורזאַך און פאָלגע, סיבה און תולדה, צו דערקענען. זיי שטרענגען זיך אָן מיט זייער גאַנצער קראַפט, ווי עס ווייזט זיך אויס, אַלעס צו טהון, אום די רעוואָלוציע מיט זייערע איי־גענע הענד אַלץ גרעסער און גרעסער צו מאַכען. ווען די רעוואָלוציאָנערען וועלען אַמאָל טיילען אָרדענס, וועלען די רוסישע מיניסטאָרען זיין די ערשטע, וועלכע וועלען קריגען פון זיי אַזעלכע אָרדענס, ווייל זיי האָבען פאַר זיי אַזוי גוט געאַרבייט.

## זיבעטער בריעף

רוסלאנד און — א יודען־פראגע. גאט האט אויך שוין נישט געהאט עפעס בעסערס צו טהון, ווי צו נעהמען זעקס מיליאן יודען און זיי אריינ־שטופען אין דעם דאזיגען איידעלען לאנד. עס איז דאסזעלביגע געשעפט, וואס די קלוגע באנקירען פון אויסלאנד האבען געמאכט, וועלכע האבען זיך אריינגערוקט אין רוסלאנד מיט זייערע מיליארדען. דאס האט נאך געפעהלט דעם דאזיגען געראטענעם און קלוגען און פיינעם לאנד! א פראגע, וואס פיעל בעסערע און געניאלערע פעלקער האבען נישט געוואוסט מיט איהר זיך אנ׳עצה צו געבען — און אט וויל די בלינדע וועלטגעשיכטע, אז דער שווערפונקט פון אזא געוואלדיגער פראגע זאל גראד אריינפאלען אין די איידעלע הענד פון דעם איידעלען פאלק פון רוסלאנד. איידעל ווי איי־דעל, נאר קלוג וועט דאך רוסלאנד פותר זיין די פראגע. זי וועט זי לעזען פא רוסקי, קורץ און שארף על־פי חכמת יון. עס הויבט אן צו שווינדלען פאר די אויגען, אז מען בערעכענט די לאגע פון זעקס מיליאן מענשען, וועלכע זענען סוף־כל־סוף דאך „אויך" מענשען. עס פערגעהט איינעם די אמונה אין מענשליכקייט, ווען מען איבערלעגט זיך, וואס דאס אויסלענדישע אייראפא טהוט פאר די דאזיגע אומגליקליכע. טויזענדער יודען ווערען געשאכטען. פון די אונצעהליגע טויזענדער מענשען, וועלכע זענען אין די לעצטע וואכען געשאסען און געהאנגען און גלאט געטויט געווארען, זענען 80 פראצענט יודען. צעהנטויזענדער יודען לויפען, וואוהין די אויגען טראגען זיי. די בהלה פון דער עמיגראציע איז אזוי גרויס געווארען, אז מיר האבען שוין נישט קיין גענויע ציפער. פון ביאליסטאק אליין זענען 20,000 יודען אויסגעוואנדערט. „די יודישע בעפעלקערונג", שרייבט א יודישע צייטונג, „איז אויף אזויפיעל שיטערער געווארען, אז דאס אויג בעמערקט עס שוין; עס זענען לעדיג געווארען גאנצע גאסען". פון קיעוו אליין זענען אין דער לעצטער וואך ארויסגעפאהרען 500 פאמיליעס. פון ליבוי מעלדעט מען, אז פון דעם דארטיגען פארט זענען ארויסגעפאהרען

אין פערלויף פון נאָר פיער טעג — 1600 יודען. און דאָס מערקװירדיגע פון דער זאַך איז, אז די רעגירונג, װעלכע האָט ביז איצט די עמיגראַציע גערעכנט פאַר אַ פערברעכען, האָט אָנגעהויבען פּלוצלינג זי צו בעגינסטיגען, אַזוי אַז זי טהוט איצט כל המעגליכקייטען, אום די עמיגראַציע לייכט צו מאַכען. יעדען, װער עס װיל עמיגרירען, װערט אַרויסגעבען אַ פּאַספּאָרט אין יעדען רוסישען פּאָרט אין 24 שעה. דער פּאַספּאָרט װערט אַרויסגעגעבען אומזיסט. אינ׳ם אייזענבאַהן-מיניסטעריום איז די טעג געגעבען געװאָרען אַ פעראָרדונג, אַז מען זאָל אָנװענדען אויף די באַהנען אין די צפון־מערבדיגע געגענדען אַלע נויטיגע מיטלען אויפצונעהמען מאַסען־עמיגראַנטען. עס װעלען אַלזאָ מאַסען עמיגרירען — און מיט די איבעריגע פינף מיליאָן און עטליכע הונדערט טויזענד װעט מען זיך שוין װי עס איז אַנ׳עצה געבען. דערװייל לאָזט מען די שװאַרצע מאות װידער קעניגען ביד רמה. דערװייל לאָזט מען זייער „ליטעראַטור” בהכשר הרב דפה װידער בליהען. דערװייל לאָזט מען עפענטליך מאַכען פּאָרבערייטונגען צו װייסגאַטװאָס. עפּעס איז די לופט אַרום, אַ לופט פון ערב פּאָגראָמען אין גרויסען סטיל. מיט אַ קלייניגקייט פון פינף מיליאָן מענשען װעט מען שוין פערטיג װערען!

איבריגענס, האָט איינער פון אונזער „זעהר ליבעראַלען” מיניסטעריום, דער מיניסטער פון אַקערבוי, װאַסילטשיקאָװ, גאַנץ אָפענהערציג שוין ערקלערט אין איינעם פון די לעצטע טעג, אַז די איינפאַכסטע עצה צו לעזען די יודען-פראַגע איז, אַזוי צו מאַכען װי אין רומעניען, דאָס הייסט אַרויסצוגעבען אַ געזעץ, אַז אַלע יודען זענען — פרעמדע. זעלבסטפערשטענדליך האָט מען זיך אין די הויכע ספערען, און נאָך זיי אויך די „נאָװאָיע װרעמיאַ”, אָנגעכאַפּט אָן דעם דאָזיגען פּלאַן, װי אָן אַ הייס געבראָטענס. איבערלעגט אייך נאָר, װאָס מען װיל: זעקס מיליאָן רוסישע אונטערטאַנען זאָלען בעטראַכט װערען אַלס פרעמדע. און דאָס געשעהט אינ׳ם יאָהר 1906, און דאָס װערט געמאַכט, אָדער אפילו נאָר גערעדט, אין געגענװאַרט פון גאַנץ אייראָפּאַ!

די אויסרייד, װאָס זיי זאָגען, איז, דאָס די רעװאָלוציע װערט הויפּטזעכליך געמאַכט פון יודען. נאַטירליך, װען דאָס דאָזיגע װאָלט אפילו זיין

אמת, וואָלט עס אויך, דאַכט זיך, קיין עוולה נישט זיין; אויך אַ וואָרעם קרימט זיך, ווען מען טרעט איהם. בפרט אָבער וואָס די גאַנצע מעשה איז אַ ליגען. — אָט האָב איך פאַר מיר גראָד ליעגען אַ זעהר אינטערעסאַנטען סטאַטיסטישען חשבון: זינט דעם 24־טען נאָוועמבער 1905 ביז צום 24־טען אויגוסט זענען 12.692 מענשען פערשיקט געוואָרען אויף אַדמיניסטראַטיווען וועג. אין דער דאָזיגער צאָהל געפינען מיר 972 יודען. דאָס הייסט אַלזאָ 7.6 פראָצענט פון דער אַלגעמיינער צאָהל. איז דאָס נישט ווידער אַ בלבול, ווי די הונדערט איבעריגע בלבולים?

זעלבסטפערשטענדליך ווייסען נאָר מיר אינים לאַנד דאָס, וואָס עס טהוט זיך אמת'דיג אָב מיט יודען; דאָס אויסלאַנד אָבער קריגט גאָר עפּעס אַנדערש צו הערען. דער זעהר זעהר ליבעראַלער פּרעמיער־מיניסטער סטאָליפּין, ווען ער קריגט עפּעס אָן אַ קאָרעספּאָנדענט פון אַנ'אויסלאַנדס־ציימונג, דאָ שיטען זיך איהם פּעריל פון מויל. אָדער קומט צו איהם צוגעהן עפּעס אַ דר. פּויל נאַטהאַן, אַ יוד אַ דייטש, וואָס קוקט איהם אין מויל אַריין און גלויבט שטאַרק, דאָ רעדט מען נאַטירליך גאָר אַנדערע דבורים. דאָ רעדט מען דערפון, אַז די ערשטע אַרבייט, מיט וועלכער די רעגירונג וועט זיך פערנעהמען, וועט זיין רעפאָרמען פאַר די אומגליקליכע יודען. דערווייל וועט מען זיי געבען אַ הונדערט נייע דערפער, וואו זיי וועלען מעגען וואוינען; אָדער מען וועט צולאָזען אַ צוואַנציג, דרייסיג נייע יודישע בחורים צו די אוניווערזיטעטען; אָדער מען וועט אָנהויבען צו רעדען דערפון, אַז אינ'ם גענעראַלשטאַב בעשעפטיגט מען זיך גראָד איצט מיט דער פראַגע, צוצולאָזען יודען צו ווערען אָפיצירען; אָדער — ווען מען וועט גראָד האַלטען דערביי, צו מאַכען אַ הקדמה צו אַ נייער הלואה — וועט מען מבטיח זיין נאָך און נאָך; מען וועט אפילו נישט צוריקשרעקען פון מבטיח זיין, צו געבען יודען אויטאָנאָמיע אין רוסלאַנד. נאַטירליך וועט אַזאַ פּרעמיער־מיניסטער נישט פערגעסען מוסיף צו זיין, אַז די הויפּט־רעפאָרמען וועט ערשט די צוקונפטיגע דומאַ אַרויסגעבען. אויך וועט ער נישט פערגעסען צו זאָגען, אַז מען האָט מורא צו געבען אַלע רעפאָרמען מיטאַמאָל, „ווייל דאָס גאַנצע רוסישע פאָלק וועט זיין דאַגעגען, און בלוט וועט זיך גיסען אין די גאַסען".

די דאָזיגע תשובה איז נישט סטאָליפּינס חכמה. אינ'ם פאָריגען יאָהר האָט אזוי גע'טענה'ט וויטע. פאר 25 יאָהר האָט אזוי גע'טענה'ט איגנאַטיעוו. פאר 50 יאָהר האָט אזוי גערעדט מוראַוויאָוו. און נישט נאָר אין רוסלאַנד, ניין: אין קען נישט קיין איין איינציגען פאַל פון אַ גלייכבערעכטיגונגס־פראַגע, וואו מען זאָל נישט זיין געקומען מיט דער דאָזיגער קלוגער טענה. אזוי האָט מען גערעדט פאר דעם יאָהר 1848 אין דייטשלאַנד, אזוי האָט מען גע'טענה'ט דענסמאָל אין עסטרייך, אזוי האָט מען גערעדט נאָך אינ'ם יאָהר 1830 אין פראַנקרייך און אזוי האָט מען געזאָגט דעם תירוץ זאָגאר אין דעם קלוגסטען פון אַלע לענדער—אין ענגלאַנד.

מען קאָן צוזעצט ווערען פאר כעס, אַז מען זעהט ווי איין נאַרישקייט קאָן זיך איבערחזרן הונדערט מאָל. אַבוואָהל נאָך יעדען בעזונדערען מאָל קומט דער אמת און ווייזט, ווי נאַריש דאָס גאַנצע איז געווען — און פאָרט נעהמט מען זיך דערפון נישט אַרויס קיין מוסר פאַר דעם נעכסטען פאַל. הונדערט מאָל איז מען געקומען מיט דעם דאָזיגען אויסגעבלאָזענעם תירוץ, און איך קען נישט קיין איינציגען פאַל פון אַ געגעבענער עמאַנציפּאַציע, נאָך וועלכער דאָס פאָלק זאָל זיין געוועזען דאַגעגען און בלוט האָט זיך דערפאַר געגאָסען אין די גאַסען. און פאָרט דערוועגען זיך מענשען צו קומען אַלעמאָל אויפסניי מיט דער דאָזיגער באַיקע, און קיינער שפּייט זיי נישט דערפאַר אין פּנים אַריין.

בין כך וכך געהט די רעוואָלוציע אַלץ ווייטער און ווייטער. דער פּרע־מיער טענה'ט: זאָל זיך איינשטילען די רעוואָלוציע, וועל איך געבען אַלע מיינע ליבעראַלע רעפאָרמען; און דער צד השני טענה'ט: זאָל מען אונז געבען רעפאָרמען, וועט דער טעראָר אויפהערען. און אזוי גלייכווערטלען זיך דיביידע צדדים, און דערווייל פליסט דאָס בלוט אין אַלע גאַסען. אַלע מתנות פון אַ מאָדערנער קולטור געהען צו גרונד. שולען און אוניווערסי־טעטען זענען געשלאָסען, האַנדעל און אינדוסטריע הערען גענצליך אויף, די אונמענשליכסטע ליידענשאַפטען און אינסטינקטען זענען צעפלאַמט און מאָרד און רויב און אָנפאַלען זענען געוואָרען די געוועהנליכסטע ערשיינונגען פונ'ם טעגליכען לעבען. מיט אַנ'אונגעהויערער געשווינדקייט פערשפּרייט

זיך די אַנאַרכיע איבער דעם גאַנצען לאַנד און נעהמט אַרום וואָסאַמאָל מעהר נייע געגענדען און נייע ספערען פון דער געזעלשאַפט. אין קאַווקאַז און אין די באַלטישע פּראָווינצען, אין פּוילען און אין ניי-רוסלאַנד, אין גרויס רוסלאַנד. קליין-רוסלאַנד, סיבעריען און אינ׳ם ווייטען מזרח, איבער דעם גאַנצען ריעזענהאַפטען לאַנד, אומעטום, וואו די רוסישע ביוראָקראַטיע קיניגט, שפּרייט זיך אויס די שרעקליכע אַנאַרכיע און מאַכט אַ סוף צו דער גאַנצער איינהיימישער קולטור. דערווייל האָט די ביוראָקראַטיע אויך איהר געפעהרליכסטען שריט געמאַכט: זי האָט פערעפענטליכט דאָס געזעץ פון אַ פעלד-געריכט און די תשובה דערויף וועט מסתמא נישט לאָזען לאַנג אויף זיך וואַרטען: מאַסען-באָמבעס וועלען געוואָרפען ווערען און אינ׳ם לאַנד וועט באַלד אויפפלאַמען דאָס אונאויסלעשליכע פייער פון דעם שרעקליכסטען פון אַלע שרעקען — פון אַ בירגער־קריעג.

# אַכטער בריעף

אך, וואָס פאַרא פירכטערליכע טעג! און נישט די, וועלכע שטעהען אין סידור און אין מחזור — ניין! מענשען ווען זיי מאַכען „ימים נוראים", מאַכען זיי נאָך גאָר אביסעל אַנדערש, ווי די וועלכע שטעהען געדרוקט. מיט ביקסען-קוילען און מיט ארמאַטען-קאַרטאַטשען און מיט פייער־פלאַמען מאַ־כען זיי זיי. צו „תשליך" געהען זיי צו טייכען בלוט. די, וועלכע פאַלען „כורעים", שטעהען נישט מעהר אויף. אך, וואָס פאַרא פירכטערליכע טעג דאָס זענען ווידער געווען! דער פּאָגראָם אין שעדלעץ איז דער פירכטער־ליכסטער וועלכער איז ביז היינט געווען. מיין לעצטען „בריעף" האָב איך געענדיגט מיט די ווערטער, אז „די לופט ארום שמעקט מיט ערב־פּאָגראָם", און וועהרענד איך האָב געשריבען די דאָזיגע ווערטער, האָט זיך שוין דאָרט געגאָסען דאָס בלוט און די הייזער זענען שוין געשטאַנען אין פלאַמען...

אין זינען האָב איך געהאַט דאַסמאָל מיינע לעזער אביסעל יום־טוב־שטימונגען צו ברענגען. אָבער ווי קאָן מען דאָס אין רוסלאַנד? מען ווייס קיינמאָל נישט, וואָס הינטער איינעם געהט. דער מענש דענקט און — א פּאָגראָם לענקט. א מינוט שפּעטער רוקט זיך אריין א שעדלעץ. און דו מוזט שוין ווידער בלייבען ביי דיין אַלטען טעמא און דו מוזט שוין ווי־דער שטעהן אויף דיין פּאָסטען און דיין בעריכט געבען און דיין פליכט ערפילען. אך, איז דאָס א פּאָגראָם געווען! עס איז א שווערע אויפגאַבע, אין צוואַנציגסטען יאָהרהונדערט צו זיין עדות און צייטגענאָסע פון מעשים פון דעם ווילדעסטען מיטעל־אַלטער. אָפּט שעהמט מען זיך און מען האָט דאָס געפיהל, ווי מען וואָלט זיך מוזען שפּייען אַליין אין פּנים אריין. און נישט נאָר, ווייל מען זעהט די, וועלכע מאַכען די פּאָגראָמען, נאָר ווייל מען זעהט די, וועלכע שטעהען אין גאַנץ אייראָפּא ארום און קוקען צו און האַלטען די הענד אין די קעשענעס און טהוען גאָרנישט און רעדען מיר פון פּאָליטיק און פון דיפּלאָמאַטיע, וואָס ערלויבען זיי נישט צו טהון. און יעצט וועט ווידער קומען דער „הילפס־פעראיין" אין בערלין און וועט שיקען

טעלעגראַמען אהין און אהער; און יעצט וועלען ווידער קומען די גוטע מענשען און וועלען שיקען נדבות, „נדבות אויף שעדלעץ", עטליכע הונדערט טויזענד רובעל; און יעצט וועט מען ווידער מאַכען מיטינגען און האַלטען רעדעס און הויפּטזעכליך אָבגעבען „פּראָטעסטען"; און יעצט וועט מען ווידער אין עטליכע פּאַרלאַמענטען די שעדלעצער מעשה דערמאָהנען און די בעקאַנטע „אונצופרידענהייט" אויסדריקען — און אַלעס וועט בלייבען ביים אַלטען; און די זון וועט אויפגעהן און די זון וועט אונטערגעהן, און אַ נייער טאָג וועט ווערען און אַ נייע נאַכט, און מענשען וועלען האַנדלען און מענשען וועלען וואַנדלען, — ביז עס וועט פּלוצלינג ווערען דער נעכסטער פּאָגראָם; און דאַן וועט ווידער קומען אַ הילפּס־פּעראיין און ווידער נדבות און ווידער פּראָטעסטען און ווידער די בעקאַנטע אונצופרידענהייט אין עט־ליכע פּאַרלאַמענטען — און אַזוי וועט מען ביסלעכוויז דאָס ביסעל יודען אין רוסלאַנד (סך־הכל נאָר 6,000,000) אויסקוילען, און דאָס געוויסען פון אייראָפּאַ וועט אַלץ נאָך זיין רוהיג. און אפשר בין איך מיך גאָר אינגאַנ־צען טועה, און אפילו דאָס ביסעל גערודער פון אַ הילפּס-פּאַראיין און פון נדבות און פון מיטינגען און פון פּראָטעסטען וועט אויך שוין נישט זיין — דען אונזער שליח־בצור, די דומא, וועלכע האָט געמאַכט דאָס לעצטע מאָל דאָס ביסעל גערודער, איז אויך שוין נישטאָ.

דער פּאָגראָם אין שעדלעץ איז געווען דער שרעקליכסטער פון אַלע, וואָס זענען ביז יעצט פּאָרגעקומען, אַזוי ווי דער פּאָגראָם אין ביאַליסטאָק איז געווען דער שרעקליכסטער פון אַלע ביז צו איהם. ליעגט שוין אין דער נאַטור פון דער זאַך. עס איז אַ מין אַלקאָהאָליזם; דער טרינקער מוז האָבען וואָסאַמאָל אַ גרעסערען קוואַנטום און וואָסאַמאָל אַ שטאַרקערען גראַד. אין שעדלעץ — אין אַ שטעדטעל פון נאָר עטליכע און דרייסיג טויזענד איינוואוינער — האָבען מיר דערוייל 142 הרוגים (כמעט אַלע יודען!), 450 פערוואונדעטע (כמעט אַלע יודען!) און דערצו נאָך 280 אַרעסטירטע (כמעט אַלע יודען!). רוסלאַנד, דאָס גרויסע, מעכטיגע לאַנד, האָט געמאַכט ריעזענהאַפטע פּאָרשירט — איר מיין דאָס ,אויף דעם גע־ביעט פון פּאָגראָם־מאַכעריי. אויך זיין מיליטער האָט געמאַכט גרויסע פּאָרטשריט — זינט דער מלחמה מיט יאַפּאַן; זיי הויבען שוין אָן צו

זיענען איבער גאַנצע שטעדט, און ווען זיי קאָנען, זאָלען זיי שטאָלץ זיין אויף זייערע זיעגען.

פאַר צוואַנציג, פאַר עטליכע און צוואַנציג יאָהר, ווען זיי האָבען גע־מאַכט אַ פּאָגראָם, זענען זיי צוגעטרעטען צו איהם אַביסעל פערשעהמט; זיי האָבען אַרויסגעשטעלט אַ מנין „באָסיאַקעס" (באָרוועסע, יחפים) און די דאָזיגע האָבען זיך בענוגענט דערמיט, וואָס זיי האָבען צעבראָכען די מע־בעל, צעשאָטען די פעדערען, צעראַבירט די סחורות, און די פּאָליציי און דאָס מיליטער פלעגען אָנקומען אַלעמאָל צו שפּעט; אויך פלעגט מען אַלע־מאָל מאַכען עפּעס אַ שטיקעל אויסרייד צום פּאָגראָם: אַ יוד האָט זיך גע־שלאָגען מיט אַ פּויער, אַ גויה האָט געכאַפּט ביי אַ יודינע אַנ'איי פון איהר קיישעל אַרוים וכדומה, און אויך פלעגט מען די „שולדיגע" שפּעטער משפּט'ען און פער'משפּט'ען למראית עין. דאַן איז געוועזען אַ פּאָרטשריט: מען האָט זיך נישט מעהר בענוגענט מיט מעבעל און סחורות, נאָר מען האָט זיך שוין גענומען אויך צו נפשות; אָבער אַנ'אויסרייד האָט נאָך אַלץ גע־מוזט זיין: מען האָט געשאָסען אין קייזערס בילד, מען האָט געשטערט אַ הייליגע פּראָצעסיע וכדומה, און אויך אַ משפּט האָט נאָך אַלץ געמוזט זיין, און אויך וועגען פּאָליציי און מיליטער איז אַלעמאָל געווען אַ נאַכריכט, אַז זיי האָבען בשום אופן נישט געקאָנט דאָס צעפלאַמטע פאָלק איינהאַלטען און איינשטילען. דאַן ווייטער איז געקומען די צייט פון כוליגאַנעס: אַריינגעקלאַפּטע נעגעל אין די מוחות, אויסגעשטאָכענע אויגען, צעריסענע קינדער, טויזענד מיתות משונות, געשענדעטע מיידלעך און נאָך און נאָך, און דאָס מיליטער פלעגט שטעהן און קוקען און גאָרנישט טהון. און דאַן פלעגט קומען אַ קאָמיסיע פון פעטערבורג, און דאַן פלעגט זיך שטענדיג אַרויסשטעלען, אַז דאָס מיליטער און די פּאָליציי נעבעך זענען נישט שול־דיג; העכסטענס האָט מען דעם גובערנאַטאָר אָדער אַנ'אַנדערען הויכען בעאַמטען אָבגעזאָגט פון זיין שטעל און איהם איבערגעגעבען אַ העכערע שטעל. דאַן ווידער זענען געקומען נייע צייטען מיט אַ נייעם פּאָרטשריט: די פּאָליציי און דאָס מיליטער האָבען עפענטליך אָנגעפיהרט דאָס ביסעל חברה כוליגאַנעס (און על־פּי רוב האָט זיך אַרויסגעשטעלט, אַז דאָס ביסעל כוליגאַנעס זענען אויך נאָר געווען פערקליידעטע מיליטער-לייט אָדער פּאָ-

ליציסטען !), און מען האָט געראַבעוועט און געקלאַפּט נעגעל און געריסען קינדער און געשענדעט מיידלעך — און אַנ׳אורזאַך, אַ שטיקעל אויסרייד, האָט נאָך אַלץ געמוזט זיין. דאַן אָבער איז געקומען דאָס נייעסטע: מען ברויכט אויך שוין נישט דאָס ביסעל כּוליגאַנעם משום מראית־עין; דאָס מיליטער בכבודו ובעצמו, מיט אָפיצירען און מיט אַ קאָמאַנדיר און מיט זאַק און פּאַק בעפאַלט אַ שטאָדט און נעהמט זיך צו דער ארבייט, זי אויס־צוראַטען ביז אויף דאָס לעצטע שטיקעל, אין געגענוואַרט פון גאַנץ אייראָפּאַ. זיי ראַבירען די קראָמען און רופען עס „קאָנפיסקירט די סחורות״; זיי צעשיסען אַ שטאָדט און רופען עס „מען זוכט רעוואָלוציאָנערען; זיי צינדען הייזער און פערברענען זיי און רופען עס... איך ווייס שוין אַליין נישט וואָס. דאַכט זיך, „זיי ווילען צווינגען די רעוואָלוציאָנערען, זיך אונ־טערצוגעבען״. און דערביי איז די דאָזיגע שטאָדט אַ שטאָדט, וועלכע איז אָנגעפּראָפּט כּמעט נאָר מיט חסידישע מענשען, אַ כּשר יודיש שטעדטעל, וועלכעס ווייס כּמעט גאָרנישט, וואָס רעוואָלוציע איז.

שבת־צו־נאַכטס 9 אַ זייגער. דאָס גאַנצע שעדלעץ שלאָפט שוין כּמעט. פּלוצלינג הויבט זיך אָן די באָמבאַרדירונג. מען בעשיסט די הייזער. מען שיסט 36 שעה אָן אַנ׳אויפהער. כּלומרשט זאָגט מען נאָך עפּעס אַ שטיקעל תירוץ, אַז מען האָט פון אַ הויז ארויסגעשאָסען אויף אַ סאָלדאַט (ווי עס האָט זיך ארויסגעשטעלט איז דער דאָזיגער שיסער געוועזן אַ רוסישער בעאַמטער, אַ רעכטסגלויביגער!) די קאָמוניקאַציע מיט דער וועלט ארום שעדלעץ ווערט איינגאַנצען אונטערבראָכען. אַ מיליטער־קאָרדאָן נעהמט ארום די שטאָדט ארום און ארום און לאָזט קיינעם נישט ארויס און לאָזט קיינעם נישט אריין. די אייזענבאַהן-פערבינדונג הערט אויף. דער טעלע־גראַף און דער טעלעפאָן ווערט איבערגעריסען, און נאָר דאָס מיליטער קאָן זיי געברויכען. שעדלעץ ליעגט צוויי שעה פון וואַרשא, און אין וואַרשא ווייס מען נישט, וואָס עס טהוט זיך דאָרט. מען ווייס נאָר, אַז עפּעס שרעקליכעס קומט דאָרט פאָר: די גאַנצע שטאָדט ברענט; די גאַנצע שטאָדט ווערט ביסלעכווייז אויסגעקוילעט. עפּעס אַ מין שכם, וואָס מען האָט אויסגעקוילערט גאָר איינגאַנצען. זענען דאָרט 50 הרוגים? זענען 500? זענען 1000? — עפּעס איין צייטונג האָט שוין טאַקי געהאַלטען

ביי טויזענד. די רעדאַקציעס פון וואַרשאַ שיקען אַרויס זייערע מענשען, די דאָזיגע מענשען ווערען אָבער אין די שטאָדט נישט אַריינגעלאָזען; זיי זעהען נאָר רויך־וואָלקענס און הערען נאָר דאָס פייפען פון די ביקסען־קוילען. פּלוצלינג הערען זיי אויך קאַרטאַטשען פון קאַנאָנען. און פּלוצלינג נאָכ'ן פערלויף פון עטליכע טעג, הויבט זיך די סיטואַציע אָן אַביסעל אויפצוקלערען: הרוגים זענען דאָ גאָט זיי דאַנק נישט מעהר ווי 142, פער־וואונדעטע 450 און אין די געפענגענישען ליעגען נאָר אַ שטיקלעך 280.

און דאַן הויבען זיך אויך אָן ביסלעכווייז די מעשות פון דאָרט צו הערען: אַ מעשה פון אַ יודיש שפּיטאָל מיט קראַנקע, וועלכעס מען האָט אונטערגעצונדען (אַז אַ יאַפּאַנישע קויל האָט אויף אַ שטרעקע פון 400 אַרשין געטראָפען צופעליג אַ רוסישען לאַזאַרעט, האָט מען געמאַכט אין גאַנץ אייראָפּאַ אַ געוואַלד וועגען די אונמענשליכע אַזיאַטען!) אַ מעשה פון אַ יוד, אַ גערטנער, וועלכען מען איז בעפאַלען און מען האָט איהם דער־שטאָכען און מען האָט אויף זיין קערפּער אַוועקגעשטעלט אַ טיש, ביי וועלכען מען האָט זיך אַוועקגעזעצט עסען רוהיג אַ סעודה פון פירות פון דעמזעלביגען גאָרטען; אַ מעשה פון אַ יוד, וועלכער איז געלעגען מיט זיינע קינדערלעך בעהאַלטען אין אַ קעלער 36 שעה און די קינדערלעך זענען אויסגעגאַנגען פון דורשט, און אַז דער יוד האָט דעם צער שוין נישט גע־קאָנט מעהר צוזעהען און האָט זיין לעבען געשטעלט אין סכנה און איז נעגאַנגען די גאַנצע גאַס ביז צו אַ ברונען, האָט מען איהם דאַן געכאַפּט און מען האָט איהם פּאַר אַ שטראָף געלאָזען עלף מאָל געהן אַהין און צוריק איבער דער דאָזיגער גאַס אונטער דעם רעגען פון קוילען, און צום סוף האָט מען איהם די קרוג צעבראָכען און די קינדערלעך האָט מען געלאָזט שמאַכ־טען ווייטער פאַר דורשט; אַ מעשה פון אַ יודענע, וועלכע האָט זיך מיט איהר קינד ביי דער ברוסט אין אַ שטאָל פערגראָבען, און אַז דאָס קינד האָט פּלוצלינג אָנגעהויבען וויינען און די מאַמע האָט מורא געהאַט, דאָס געוויין זאָל נישט אויסזאָגען זייער בעהאַלטענעם אָרט, האָט זי מיט דער האַנד דאָס קליינע מיילעכעל צוגעהאַלטען, ביז זי האָט דאַן בעמערקט, אַז דאָס קינד איז דערשטיקט און זי איז דאַן אַראָב פון זינען. בקיצור, מעשות,

ביי וועלכע די האָר שטעלען זיך קאפויר און מען הויבט זיך אָן צו שעהמען, אז מען הייסט אַ מענש.

און דאַן די לעצטע טעלעגראַם, וועלכע איז געקומען אויף אַנ׳אומוועג פון דאָרט: מען האָט דעם רב און די פּני העיר געזעצט תפוס און מען וועט זיי אַזוי לאַנג האַלטען, ביז זיי וועלען ארויסגעבען „די רעוואָלוציאָנערען״. — עפּעס קלינגט דאָס ווי אַ מעשה פון מיטעלאַלטער, ווענען אַ בלבול פון אַ געהרג׳עט קריסטליך קינד אויף פּסח, אָדער ווענען דער שענדונג פון אַ היילינער האָסטיע, ביי וועלכער מען פלעגט איינזעצען דעם רב און די חשובים פון דער יודישער קהלה, ביז זיי וועלען זיך מודה זיין אָדער ביז זיי וועלען זאָגען ווער עס זענען די שולדיגע — און דאָס אין יאָהר 1906 אין אַ שטאָדט, וועלכע ליעגט צוויי שעה ווייט פון וואַרשאַ!

און דאַן די אַלערלעצטע טעלעגראַם: אינ׳ם נעכטיגען טאָג זענען פערקויפט געוואָרען אין שערלעץ 3000 באַהן־בילעטען, און דער עולם צעלויפט זיך און די שטאָדט ווערט מענשען־לעער!

רבונו של עולם, וואו זענען מיר דאָ אין דער וועלט? וואָס טהוט זיך דאָ? וואָס וועט ווערען?...

# ניינטער בריעף

עס איז יום־כפור. אין שוהל שטעהען יודען. די נאָכמיטאָגס־זון שיקט אריין בלייכע, שטארבענדע שטראהלען. שטיל פלאקערען די ליכט אין די רעהרען, און זייערע שאָטענס שוועבען איבער די ווענד. מיעד און געבראָכען זאָגט עפּעס א יוד פון א מחזור אַרויס: „. . . ארבע מיתות בית־דין", און קלאפט זיך אין הארצען אריין. הייזעריג און מאַט קלאָגט אַנ׳־אַנדערער: „עשרה הרוגי מלכות" און גיט א טיעפען זיפץ און נעהמט א שמעק טאבאק . . .

זיי זאָגען „ארבע מיתות". ניין, מיינע יודען, דער מחזור איז אביסעל אַלט געוואָרען. אַך, מיר בעדאַרפען שוין היינט גאָר אַנדער תפלות! פיער מיתות? — פיערהונדערט, פיערטויזענד, פיערטויזענד, אונצעהליגע טויזענדער מיתות זענען דאָך היינט פארהאַן פאַר אונזערטוועגען, און טאָג־טעגליך נייע, און טאָג־טעגליך, פריש אויסגעקלערטע, און די מיתות זענען לויטער מיתות משונות, אז אַלע אַלטע מעגען זיך שעהמען פאַר זיי, און מיר זענען מ׳שטיינס געזאָגט שוין אזוי שטומפּיג געוואָרען, אז מיר וויינען גאָרנישט מעהר. און „הרוגי מלכות" — וואָס רעדט איהר מיר עפּעס פון צעהן? אפשר פאַר־צייטענס האָט זיך א פערפוילט רוימיש מלכות געקאָנט בענוגענען מיט צעהן. איצט איז די וועלט מאָדערנע געוואָרען, איצט איז זי פאָרטגעשרי־טען. וואָס מאַכט א היינטיג מלכות מיט צעהן הרוגים אינגאַנצען? קוים גענוג פאַר א פּראָסטען סאָלדאַט, בשעת ער שטעהט אויף דער וואַך און לאַנגווײַלט זיך און עס פאַלט איהם פלוצלינג איין א שפּיעלכעל, א צעהנדליג מענשען, וואָס געהט גראָד פערביי אין גאַס, צו דערשיסען. צעהן הרוגי מלכות — צעהן טויזענד ברויכט א מלכות היינט צו האָבען, און יעדען טאָג אויפדאָסניי אַזאַ פּאַרציע, און קאָן זיך אַלץ נישט זעטיגען . . .

איך האָב ליעגען פאַר מיר א קליינעם סטאַטיסטישען חשבון. עס געהט א גרויל איבער די הויט אַריבער, אַז מען קוקט איהם דורך. זינט דעם חודש פעברואר פון פאָריגען יאָהר ביז חודש מאַי פון היינטיגען

יאָהר (אַלזאָ אין פערלויף פון נאָר פינף פיערטעל יאָהר!) זענען אין פער־שידענע פּאָגראָמען אומגעקומען 13,650 מענשען; פערוואונדערט זענען געוואָרען 12,828; פערמשפּט געוואָרען צום טויט און אויך דערשאָסענע אינגאַנצען אָהן אַ משפּט זענען 1,159 מענשען. — ווי געפעלט אייך עפּעס דער מאָדערנער מספּר פון „עשרה" הרוגי מלכות? ווי געפעלען אייך די היינטיגע „ארבע" מיתות?

מיר האָבען געהאַט אַ שעדלעץ. אָבער דאָס, איהר ווייסט פון שעדלעץ, איז דאָך נאָר דער טרוקענער טעקסט. איהר מוזט צו דעם דאָזיגען טעקסט אויך דעם פּירוש קענען, איך מיין, דעם אָפיציעלען בעריכט, וועלכען דער גענעראַל־גובערנאַטאָר פון וואַרשאַ, גענעראַל סקאַלאָן, האָט צוגעשיקט צום קריעגס־מיניסטעריום. הערט נאָר אויס:

„דעם 26-טען אויגוסט (אַלטער סטיל) אויפדערנאַכט האָט זיך אָנגע־הויבען אין שעדלעץ, כמעט גלייכצייטיג אויף פערשידענע גאַסען, צו הערען שאָסען פון רעוואָלווערען, וואָס די רעוואָלוציאָנערען האָבען געשאָסען צו די פּאָסטען פון דער שטאָדטישער הויפּטוואַך און צום מאַגיסטראַט. די פּאָס־טען, די פּאַטראָלען און דאָס מיליטער, וואָס איז צוזאַמענגעקומען דורך דעם גערודער, האָבען אָנגעהויבען אויגענבליקליך צו בעשיסען די הייזער, פון וועלכע מען האָט אַרויסגעשאָסען אַ גאַנצע נאַכט און טאָג דערויף. (27 אוי־גוסט) ביז צוויי אַ זייגער נאָכמיטאָג, די שיסעריי איז שטאַרקער געוואָרען היופּטזעכליך געגען אָוונד. דער שטאָדטישער מיליטער־גאַרניזאָן האָט זונטאָג דעם 27-טען געקריגען פערשטאַרקונג דורך דעם דובנער רעזערוו־רעגימענט און די 147טע ליניען־באַטעריע. — אזי ווי אינדערפריה, דעם 28-סטען, האָבען די פערברעכער מיט עקשנות ווייטער געשאָסען פון אונטער די דע־כער, האָט מען זעקס מאָל אויסגעשאָסען מיט קאַרטאַטשען פון האַרמאַטען אין די הייזער אַריין, דאַן האָבען די רעוואָלוציאָניסטען אויפגעהערט צו שיסען, און דאָס מיליטער האָט זיך גענומען צו דער אַרביי פון מאַסען־רעוויזיעס.

„אַרעסטירט האָט מען ביז 300 פּאַרשוין, דערונטער עטליכע מיט געוועהר אין האַנד. געהרג'עט האָט מען העכער 25 פון די רעוואָלוציאָ־ניסטען, פערוואונדעט האָט מען 150, הויפּטזעכליך יודען. די שאָסען פון

די רעוואָלוציאָניסטען האָבען קיין שאָדען נישט געמאַכט, ווייל פאַר רעוואָלווערען איז געווען די שטרעקע צו ווייט. פון מיליטער איז געהרג'עט געוואָרען איין סאָלדאַט, עטליכע מענשען און עטליכע פערד זענען לייכט פערוואונדעט געוואָרען. וועהרענד די אונרוהען אין דער שטאָדט, איז אויף זיבען שטעלען אויסגעבראָכען פייער, וועלכעס מען האָט באַלד איינגעלאָשען. ווי עס ווייזט זיך אויס, האָבען די רעוואָלוציאָנערען אָנגעצונדען דאָס דאָזיגע פייער, אום אָבצוציהען דאָס מיליטער פון די גאַסען, וואו די רעוואָלוציאָנערען זענען.

„לויט דעם בעריכט פון דעם דערוויילינגען גענעראַל-גובערנאַטאָר, האָט דאָס מיליטער געאַרבייט מיט מסירות-נפש און מיט ענערגיע, דער אויפשטאַנד, ווי עס ווייזט זיך אַרויס, איז געווען פריהער צוגעגרייט. איינצעלהייטען וועל איך מיט דער פאָסט בעריכטען. איך וואַרט אויף נייע נאַכריכטען פון דער שטאָדט פון די אונרוהען — פון דער קאָמיסיע, וועלכע איך האָב אַהין געשיקט, אום די אונטערזוכונג צו פיהרען. גענעראַל-אַדיוטאַנט סקאַלאָן".

דער, וואָס זיין האַרץ איז נישט געפּלאַצט אין איהם ביי די שרעקליכע מעשים אין שעדלעץ, דעם קאָן עס פלאַצען, ווען איהר לייענט דעם בעריכט איבער דער שחיטה אין דער אָפיציעלער בעלייכטונג. און קיין דומא איז שוין אויך נישטאָ, וואָס זאָל געהן קוקען און הערען און זאָל קומען און ווייזען דער וועלט דאָס פירכטערליכע בילד, אַזוי ווי עס איז געווען!

און דאָס עיקר שלעכטע האַלט דאָך אייגענטליך ביים אָנהויב. מיר האָבען קיין שום גאַראַנטיע נישט, אַז דאָס, וואָס איז געווען אין שעדלעץ, זאָל נישט זיין אויך אין וואַרשאַ און אין גאַנץ פּוילען און אין הונדערט שטעדט אַרום. אַדרבא, די שטרענג-לאָגישע קאָנסעקווענץ פיהרט צו דעם געדאַנק, אַז דאָס, וואָס איז פאָרגעקומען אין שעדלעץ, מוז יעצט נויטווענדיג פאָרקומען אויך אין יעדער יודישער קהלה. קוים איז די רעגירונג געקומען אויף דעם איינפאַל פון מיליטער-פּאָגראָמען, אַט הויבט זיך דאָך ערשט אָן דערמיט. מיניסטער סטאָליפּין אַליין — דער אייגענער סטאָליפּין, וועלכער האָט דורך די באַראָנין הירש געלאָזט טעלעגראַפירען צו דער וואַרשאַווער יודישער געמיינדע, אַז זי מעג זיין רוהיג — האָט בפירוש געזאָגט אַ „הויכ-

געשטעלטער פערזענליכקייט" אין אויסלאַנד, אז ער בעדויערט זעהר די פאַר־פאלען אין שעדלעץ, נאָר ער קאָן נישט גאַראַנטירען אַז זיי זאָלען זיך נישט ווידערהאָלען אויך אין אַנדערע שטעדט, „אזוי לאַנג ווי יודען וועלען נישט אַרויסגעבען די רעוואָלוציאָנערען".

די מעשה מיט דעם אַרויסגעבען פון די רעוואָלוציאָנערען איז עפּעס אַ ניי שטיקעל פּורים־שפּיעל. די רעגירונג איז גאַנץ גוט איבערצייגט, אַז די יודישע קהלה קאָן נישט און האָט נישט וואָס אַרויסצוגעבען, אָבער אַ מקום צום פיינינגען איז דאָך דאָ. די רעגירונג מאַכט זיך תמ'עוואַטע און שטעלט זיך אזוי, ווי זי וואָלט נישט וויסען, אַז ווען רעוואָלוציאָנערען האָ־בען אַ שטיקעל אַסיפה, מאַכען זיי זי נישט דווקא מיט אַ היתר פון רב און נישט דווקא אין געגענוואַרט פון די שבעה פני העיר. — אַ וויץ-בלאַט כאַראַקטעריזירט דאָס דאָזיגע אזוי: דער שטאָדט-לץ קומט צו אַנ'אַלטען יוד אויף נאַלעווקי, אַ הענדלער מיט אַלטע הויזען, און זאָגט צו איהם:

„הערר איזראעליט! זייט אביסעל פאָרזיכטיג, דען דאָרט אויף דער רעכטער זייט האָט מען אויפגעשטעלט האַרמאַטען".

„וואָס האָב איך צו זיין פאָרזיכטיג, אַז איך האָב גאָר קיין שום געשעפ־טען נישט מיט אַ האַרמאַט?"

„זיי וועלען שיסען צו אייך..."

„צו וואָס האָבען זיי צו שיסען צו מיר?"

„זיי וועלען אייך הייסען, איהר זאָלט אַרויסגעבען די דאָזיגע לייט, וועלכע האָבען געשאָסען אויף דעם פּאַטראָל און האָבען קיינעם נישט געהרג'עט".

„אָבער אַז איך ווייס גאָרנישט, ווער עס האָט געשאָסען... וואָס קאָן איך אַרויסגעבען?"

„דאָס אַהרט זיי נישט... אבי איהר זענט אַ יוד, מוזט איהר קאָנען אַרויסגעבען!"

די שרעקליכע מעשים אין שעדלעץ האָבען אזוי שטומפּיג געמאַכט די נערוועז, אַז מען פערגעסט שוין מישטיינס געזאָגט די אַנדערע „קליניגקיי־טען", וועלכע זענען פאָרגעקומען אין אַנדערע ערטער. ווער קוקט זיך היינט אַרום אויף אַ קליין הריגה'לע פון 17 פּאַרשוין, וועלכע איז פאָרגעקומען

אויף אַ וואַרשאַווער גאַס? וואָס מאַכט היינט אוים אַ שחיטה׳לע, ביי וועלכער עס זענען דאָ עטליכע און פופציג פערוואונדעטע? ווער מאַכט זיך נאָך עפּעס פון אַ מהומה אין גאַס, ביי וועלכער מען אַרעסטירט 3000 מענ־שען? — עפּעס ווי אין אַ נעבעל נעהמט מען אינדערפריה די צייטונג אין האַנד אַריין און מען לייענט ווי אין אַ שכרות: — „זעהר טרויעריג איז אָבער געווען דער אָוועגד, ווען די רעוויזיעס האָבען זיך אָנגעהויבען אין יודישען קוואַרטאַל, וואו עס זענען פאָרגעקומען זעהר שרעקליכע מעשים. נאָך פאַרנאַכט האָט זיך אָנגעהויבען אַ גרויסער טומעל; מען האָט פערמאַכט די קראָמען און יעדער איז געלאָפען אַהיים. נישט יעדער האָט אָבער געקאָנט קומען צו זיך אַהיים, ווייל אין פיעל ערטער זענען געווען די גאַסען פערמאַכט דורך מיליטער; פיעל מענשען האָבען זיך אַריינגעכאַפּט אין הויפען, פון וועלכע מען האָט פערשלאָסען די טויערען און מען האָט קיינעם נישט גע־לאָזען, אַרויסגעהן, און זיי האָבען דאָרט געמוזט בלייבען נעכטיגען, נישט האָבענדיג וואו צו שלאָפען און וואָס צו עסען" — און דאַן לייענט מען די לאַנגע רשימות פון די געהרג׳עטע און פערוואונדעטע און אַרעסטירטע אויף נאָוואָליפּיע, אויף דזיעלנא און דזיקאַ, אויף לעשנאָ, אויף סאָלנאַ און אָגראָדאָווא און אויף נאָך אונצעהליגע יודישע גאַסען אין וואַרשאַ. אויף וועמען מאַכט עס נאָך אַנ׳איינדרוק? ווער קוקט זיך נאָך גאָר אום דערויף,

און איך לייען אין אַ צייטונג: „נעכטען נאָכמיטאָג האָט אַ פּאַטראָל אויף דער דזיעלנאַ-גאַס, נעבען נומער 47, פערהאַלטען אַ זעקס־יעהריג יונגעל, ליבוש גאָלדבערג, וועלכער איז געגאַנגען אין חדר אַריין מיט אַ סידור׳ל אונטער׳ן אָרעם. דער פּאַטראָל האָט רעווידירט דאָס קינד, וועלכעס האָט זיך אַזוי שטאַרק איבערגעשראָקען, אַז ווען עס איז אַהיים געקומען, איז עס אַנידערגעפאַלען אין קרעמפען. יעצט וויל דאָס קינד באין אופן נישט מעהר געהן אין חדר אַריין, ביז מען וועט איהם נישט געבען אַ... פּאַספּאָרט". רבונו של עולם! אַ זעקס־יעהריג... און ווען מען שטעהט ראש־השנה און יום-כפור אין דיינע שוהלען און מען שרייט: „עשה למען תינוקות של בית רבן!" געדענקט מען אַזאַ זעקס־יעהריג קינד, וואָס אַ מי־ליטער־פּאַטראָל האָט איהם, אודאי נאָר צום שפּאַס רעווידירט?

און אַזוי, אין דער דאָזיגער פינסטערער שטימונג, איז געקומען דער

ראש-השנה. אזא ראש־השנה האָב איך אין ווארשא נאָך קיינמאָל נישט געזעהן. די גאַסען זענען געווען פול מיט מיליטער-פאַטראָלען. אויף די שפּיץ נעגעל איז דער עולם געגאַנגען, דאָס פּנים בלאַס און אין הארץ טויט־שרעק. אבי נאָר מען איז געקומען לעבעדיג אין א שוהל אריין און אבי מען איז נאָר בשלום ווידער געקומען אהיים. ווי די מתים איז מען געשטאַנען בלאַס און בלייך, און מען האָט מורא געהאַט זיך צו שאָקלען און מען האָט מורא געהאַט הויך א וואָרט אויסצורייִדען. עס איז כאראַקטעריסטיש, אז אין מאַנכע שוהלען, און הויפּטזעכליך אין די ווייבער־שוהלען, זענען אין דעם היינטיגען יאָהר די פּראָנט־ערטער, סאַמע אויבען-אָן, געווען ביליגער ווי אַלעמאָל, ווייל א טייל פון עולם, און הויפּטזעכליך פון ווייבערשען עולם, האָט מורא געהאַט צו שטעהן אויבען-אָן. אז מען וועט ארײַנשיסען — האָט מיר נעכטען א פרוי געזאָגט — זענען דאָך די, וועלכע שטעהען אין פראָנט, אין דער ערשטער סכנה.

# צעהנטער בריעף

איך האָב שוין איינמאָל כלאחר יד אָנגעריהרט דאָס דאָזיגע טעמאַ: די פראַגע פון דער גלייכבערעכטיגונג. די רוסישע רעגירונג קאָן נעבעך נישט געבען יודען פרייהייטען אָדער גאָר גלייכע רעכט, און דאָס טאַקי פון רחמנות וועגען, פון לויטער רחמנות וועגען. די הומאַניטעט ערלויבט עס איהר נישט. אַ קשיא אויף אַ מעשה! ביי וועמען דען זאָל זיך געפינען הומאַניטעט, אַז נישט ביי רוסלאַנד? די יודען, זאָגט דער פּרעמיער סטאָ־ליפּין, קאָנען חלילה האָבען צרות דערפון. ווער וויים? די ווילדע רוסען קאָנען חס ושלום אָנפאַלען אויף זיי, און אַנ'אָנפאַל אויף יודען איז אַ זאַך, וואָס דאָס איידעלע הארץ פון אַ רוסישער רעגירונג קאָן עם גאָרנישט אַרי־בערטראָגען. דער בעל-הבית פונ'ם ליבעראַליזם, אונזער סטאָליפּין, איין זיין אונענדליכער ליעבע צו יודען, וויל זיי דורכאויס בעשיצען און בעשיר־מען, און ווי אַזוי קאָן מען גאָר פערלאַנגען פון איהם, אַז ער זאָל זיין האַנד געבען צו אַזאַ זאַך און זאָל דערלאָזען זעקס מיליאָן מענשען פעראומגליקען? און, זעהט איהר, דער גרעסטער וויץ דערפון איז: דאָס דאָזיגע זאָגט מען זיך אַזוי גלאַט אָב און מען האָט דעם כח זיך דערביי נישט פונאַנדערצולאַכען! און דאָס דאָזיגע זאָגט מען באַלד נאָך אַ ביאַליסטאָק און באַלד נאָך אַ שעדלעץ! און דאָס דאָזיגע זאָגט מען מיט דעם טיעפען באַריטאָן פון עהר־ליכקייט און מען איז איבערצייגט, אַז מען וועט עס אפילו גלויבען אויך!

אוי, ווי קאָן זיך איינעם דערעסען דער גאַנצער טאַראַראַם אַרום און אַרום! שוין יאָהרהונדערטער לאַנג, יעדעסמאָל ווי מען קעמפט וועגען עפּעס אַ פרייהייט, קומט די רעאַקציע און בענוצט זיך מיט דעם דאָזיגען תירוץ. ווי אַ רויטער פאָדים ציהט זיך דאָס דאָזיגע וואָרט דורך די געשיכטע פון אַלע פרייהייטס־בעוועגונגען אין אַלע לענדער און ביי אַלע פעלקער. און דאָס מערקווירדיגע דערביי איז, אַז יעדעסמאָל, נאָכדעם ווי די בעטרעפענדע פרייהייט איז סוף־כל-סוף דערגרייכט געוואָרען און עס האָט זיך אַרויסגע־וויזען ווי נאַריש און אונבעגרינדעט די גאַנצע אויסרייד איז געווען, קומט

אַלעמאָל ווידער עפּעס אַ מיניסטער אָדער אַנ׳אַנדער קלוגער יונג, און ביי יעדער נייער מלחמה וועגען אַ נייער פרייהייט אין אַ נייעם אָרט האָט ער יעדעסמאָל ווידער דעם מוט די אַלטע בבא־מעשה צו איבער׳חזר׳ן און עס זענען אַלעמאָל פאַרהאַן פונדאַסניי מענשען, וועלכע לאָזען זיך דערמיט פּטר׳ן.

איך האָב אַ שעהן מעשה׳לע צו דערצעהלען פון אַלטע צייטען. עס איז אַזוי זעהר אינטערעסאַנט און בעלעהרענד, ווייל עס קלינגט ווי אַ סאַטירע, וואָס וואָלט זיין אָנגעשריבען עקסטראַ אויף רוסלאַנד און זיינע היינטיגע צושטאַנדען. און זעהט די מעשה איז געווען אין ענגלאַנד. אויך ענגלאַנד האָט אַמאָל דורכגעמאַכט די צייט, ווען די רעאַקציע האָט געהאַט דעם אַלטען תירוץ: „מיר האָבען מורא". און בעזונדערס שעהן איז די דאָזיגע מעשה, ווייל זי אַליין שוין איז געוואָרען בענוצט אַלס אַ סאַטירע אויף נאָך אַ פריהערע צייט. — וועהרענד איך שרייב דאָס, האָב איך ליעגען פאַר מיר נאָטיצען לויט אַ בעריכט וועגען פּאַרלאַמענטאַרישע פערהאַנדלונגען אין לאָנדאָן אין פערלויף פון די יאָהרען 1825 און 1826.

געווען איז עס דעם 26־טען מאַי 1826. אינ׳ם אונטערהויז האָט מען גערעדט וועגען דער פראַגע פון די קאַטאָליקען און זייער פרייהייט. נאַטירליך, זענען געווען אַזעלכע, וועלכע האָבען געשריען, אַז קוים וועט מען געבען די קאַטאָליקען גלייכע רעכט, וועט דאָס גאַנצע לאַנד אומגליקליך געמאַכט ווערען. דאָס גאַנצע פאָלק וועט אויפשטעהן געגען די קאַטאָליקען. בלוט וועט רינען אין די גאַסען. אָדער: ווען די קאַטאָליקען וועלען קריגען גלייכע רעכט, וועלען זיי באַלד ווערען די הערען פונ׳ם גאַנצען לאַנד. בקיצור: אַלע טענות ווי מען הערט זיי פון אייביג אָן אין עהנליכע פאַלען. אָט דאָ איז אויפגעשטאַנען ספּרינג רייס, אַ ליבעראַלער רעדנער, און האָט געהאַלטען די דאָזיגע רעדע:

„אינ׳ם יאָהר 1753 האָט מען אַריינגעבראַכט אין פּאַרלאַמענט אַ ביל וועגען דער נאַטוראַליזאַציע פון יודען: אַ געזעץ, געגען וועלכען עס וועט אין היינטיגער צייט אין אונזער לאַנד אפילו אַנ׳אַלטע פרוי גאָרנישט האָבען וואָס איינצווענדען, אָבער צו יענער צייט האָט עס אַרויסגערופען אַ פירנטערליכען פּראָטעסט. אונצעהליגע ביטשריפטען זענען אָנגעקומען פון לאַנ־

דאָן און פון אַנדערע ערטער, כמעט אזוי ווי יעצט וועגען דעם ביל פאַר די קאַטאָליקען. אין דער ביטשריפט פון די לאָנדאָנער בירגער איז געשטאַנען: „ווען דער ביל וועגען די יודען וועט חלילה ווערען אַ געזעץ וועט דאָס זיין אַ שרעקליכע סכנה פאַר דער קריסטליכער רעליגיע; עס וועט אונטערגראָבען די קאָנסטיטוציע פון דער מדינה און אונזער הייליגער קירכע (מען לאַכט) און וועט פירכטערליך שאָדען די אינטערעסען פונ'ם האַנדעל בכלל און פון לאָנדאָן בפרט (געלעכטער). און פאָרט האָבען מיר געזעהען, אז טראָץ די דאָזיגע מסירות, האָט דער שפּעטערדיגער האַנדעלס-מיניסטער זיך איבערצייגט, אַז אַלע יענע שרעקליכע סכנות זענען נישט געקומען, נאָכדעם ווי מען האָט די יודען אַריינגעלאָזען אין די סיטי פון לאָנדאָן און אפילו אין דאָונינג-סטריט (געלעכטער). דענסמאָל האָט די צייטונג „דער קראַפטמענש", ביי דער מסירה וועגען די אונצעהליגע אומגליקען, וועלכע דאָס נייע געזעץ קאָן מיט זיך ברענגען, אזוי געשריבען: „איך מוז בעטען ערלויבניש צו מעגען ערקלערען די פאָלגען פון דעם דאָזיגען ביל. ביי גאָט איז פאַרהאַן רחמנות, אָבער ביי יודען איז קיין רחמנות נישט פאַרהאַן; זיי האָבען זיך מיט אונז אָבצורעכענען פאַר 1700 יאָהר צרות, וועלכע מיר האָבען זיי אָנגעטהון. ווען דער דאָזיגער ביל וועט דורכגעהן, וועלען מיך אַלע זיין שקלאַפען פון די יודען, און אָהן האָפנונג אויף עפּעס אַ רעטונג, אמאָל דורך די הילף פון גאָט. דער קעניג וועט ווערען אונטערטעניג ביי די יודען און וועט נישט אַכטען מעהר די פרייע לאַנדבעזיצער. ער וועט אָבשאַפען אונזערע ענגלישע סאָלדאַטען און וועט זיך מאַכען אַ גרעסערע אַרמעע פון קעניגליכע פאַמיליע און צו לאָזען זיך דעסגלייכען נאַטוראַליזירען אונזער אַ יודישען קעניג. דערפאַר זאָג איך אייך: שטעהט אויף פון שלאָף, מיינע קריסטליכע און פּראָטעסטאַנטישע ברידער! נישט האַניבאַל שטעהט פאַר אייערע טויערען, נאָר די יודען, און זיי פערלאַנגען פון אייך, איהר זאָלט זיי אָבגעבען די שליסלען פון אייערע קירכען!" (אַ שטורמיש לאַכען פון עטליכע מינוטען).

„בעת די דעבאַטען וועגען דעם דאָזיגען ביל אינ'ם אונטער-הויז, האָט אַ באַראָן פונ'ם וועסטען (מען לאַכט) ערקלערט, אַז ווען מען זאָל צולאָזען די נאַטוראַליזאַציע פון די יודען קאָן מען קומען אין די סכנה, אַז זיי זאָלען

האָבען א מעהרהייט אויך אינ׳ם פּאַרלאַמענט. „זיי וועלען זיך איינטיילען מיט אונזערע גראַפשאַפטען און אונזערע גיטער וועלען זיי פּערקויפען דעם ראַזינען, וועלכער וועט אַממייסטען פאַר זיי צאַהלען". אַנ׳אַנדערע דעפּוטאַט האָט געזאָגט: „ווען דער ביל וועט דורכגעהן, וועלען זיך די יודען אַזוי גיך פערמעהרען, אַז זיי וועלען זיך פערברייטערען איבער דעם גרעסטען טייל פון ענגלאַנד און וועלען ביי דעם פאָלק צונעהמען זיין לאַנד און זיי מאַכט". אַנ׳אַנדערער ווידער, דער דעפּוטאַט פון לאָנדאָן, סער דזשאָן בערנארד, האָט די זאַך בעטראַכט פון א העכערען טעאָלאָגישען שטאַנדפּונקט: אונגעפעהר אַזוי ווי די היינטיגע, וועלכע האָבען אונטערגעשריבען די פּעטיציע פון לייסטער, וואַרפען פאַר די קאַטאָליקען, אַז זייערע טאַטעס האָבען פערברענט די פּראָטעסטאַנטען — אַזוי האָט אויך ער געטענה׳ט: „די יודען זענען אייניקלעך פון די דאָזיגע, וועלכע האָבען קריסטוס אויפגעהאָנגען, און דערפאַר זענען זיי פערשאָלטען פון גאָט ביז אויף דורי־דורות".

און ספּרינג רייס רעדט ווייטער. ער ברענגט — זאָגט ער — די דאָזיגע נאָטיצען, אום צו ווייזען, ווי דאָס גאַנצע ליאַרמען דענסמאָל איז געווען אַזוי בערעכטיגט און האָט געהאַט זיך אויף וואָס סומך צו זיין, פּונקט אַזוי ווי דאָס ליאַרמען יעצט וועגען די קאַטאָליקען (הערט! הערט!). בשעת דער דיסקוסיע אַרום דעם ביל וועגען די יודען איז געדרוקט געוואָרען עפּעס א וויציגע "יודען-צייטונג", אין וועלכער עס איז געווען צו לייענען אַזעלכע ווערטער: „זינט אונזער לעצטער נומער איז אַרויס, איז אָנגעקומען דער פּאָסט-וואָגען פון ירושלים. די פּאָריגע וואָך זענען אין דעם האָספּיטאַל פאַר קימפּעטאָרינס אין בראָנלאָ סטריט 25 יונגלעך עפּענטליך געוואָרען געמל׳ט. נעכטען אָוונד האָט מען אין סנהדרין מיט רוב דעות דאָס געזעץ וועגען דער נאַטוראַליזאַציע פון די קריסטען נישט אָנגענומען. די נאַכריכט, אַז די קריסטען אין נאָרדאַועלס האָבען זיך געבונטעוועט, איז נישט אמת. אין לעצטען פרייטאָג, ווען עס איז געווען די יאָהרצייט פון קריסטוס׳עס קרייציגונג, איז געווען ששון ושמחה אין גאַנצען לאַנד".

„אויף דעם דאָזיגען אופן און צו אַלע צייטען, סיי ביי א ביל וועגען יודען, סיי ביי א ביל וועגען קאַטאָליקען, אַלעמאָל האָט מען זיך לעכערליך געמאַכט מיט פּראָטעסטירען און מיט ליאַרמען דורך די נאַרישסטע מיטלען,

און פאָרשט מען וועגען די אורזאַכען פון אַזאַ ליאַרמען, געפינען מיר אַלס ערנסטע אויטאָריטעט דעם לאָרד טשעסעם, וועלכער האָט געזאָגט אין'ם פּאַרלאַמענט: „ער, ווי אויך דער גרעסטער טייל פון די אַנדערע דזשענ-טעלמענס זענען איבערצייגט, אַז די רעליגיע אַליין האָט מיט דער האַזיגער פראַגע גאָרנישט צו טהון, און נאָר דער גייסט פון רדיפות, וועלכער שטעקט אין דער אַלטער ערהאַבענער קירכע, בעמיהט זיך, דעם פאָלק דאָס געגענ-טייל איינצורעדען". (הערט! הערט!). אַזוי איז עס אויך אין דעם איצטי-גען פאַל; נאָר די תאוה צו בעזונדערע פּריווילעגיעס און צו אַ בעזונדע-רער מאַכט בונטעוועט אַ געוויסע חברה דאָס פאָלק צו העצען געגען די קאַטאָליקען; און ער (ספּרינג רייס) איז איבערצייגט, אַז פיעל מענשען, וועלכע בענוצען זיך מיט אַזעלכע קונסט-שטיקלעך, ווייסען גאַנץ גוט, דאָס די רעליגיע האָט אַזויפיעל צו טהון מיט דער איצטיגער קאַטאָליקען-פּראַגע, ווי, למשל, זי האָט צו טהון מיט דער פראַגע וועגען אויסרעגולירען די געוויכטער און די מאָסען, אָדער וועגען בעשטימען די לענג פון דעם פּער-פּענדיקעל לויט דער צאָהל פון די בעוועגונגען. און אויך אין בעצוג צו דער יודען-פראַגע, געפינט מען אין דער דאַמאַלסדיגער האַרדוויק-צייטונג אַ בריעף פון אַ דר. בירטש צו אַ הערען פיליפּ יאָרק, אין וועלכען ער שרייבט, אַז דער גאַנצער גערודער וועגען דעם ביל פאַר די יודען האָט נאָר די אַבזיכט אַנ'איינפּלוס צו האָבען אויף די וואַהלען פונ'ם נעכסטען „יאָהר". (הערט! מען לאַכט) „אויך דענסמאָל האָט זיך געמאַכט, ווי עס מאַכט זיך אויך אין אונזערע צייטען, אַז עפּעס אַ פּערנונפטיגער בישאָף פון נאָריטש איז געווען פאַר דעם יודען-ביל. דר. בירטש ערצעהלט, אַז ווען דער דאָזיגער בישאָף איז אַהיים געקומען אין זיין געמיינדע אריין, איז ער וועגען זיינע „בייזע מחשבות" עפּענטליך בעליידיגט געוואָרען. „אויף זיין רייזע קיין איפּס-וויטש, אום דאָרט עטליכע יונגלעך צו קאָנפירמירען, האָט מען איהם אויס-געלאַכט, און מען האָט פערלאַנגט, אַז ער זאָל בעסער געהן מל זיין", און אויך האָט מען מודיע געווען, „אַז דער הערר בישאָף וועט אינ'ם נעכסטען שבת די יודען קאָנפירמירען און זונטאָג וועט ער די קריסטען מל זיין" (מען לאַכט). — אַזוי זעהט איהר, איז דאָס ליאַרמען געגען יעדער ליבעראַ-לער רעפאָרם געווען אין אַלע צייטען פונקט אַזוי נאַריש ווי אונבאַרמהערציג.

(הערט איהם! הערט איהם!) יענעם נאַרישען גערודער וועגען דעם ביל פאַר יודען מוזט איהר פערגלייכען מיט דעם גערודער יעצט וועגען די קאַ-טאָליסען. די סכנה, וואָס קאָן קומען, אַז מען וועט זיי געבען גלייכע רעכט, איז פיעל קלענער ווי די סכנה, וועלכע קומט דאַדורך, וואָס מען אונטער־דריקט זיי". און ספריגגס ענדיגט: „עס וועט קומען אַ צייט, ווען מען וועט קוקען אויף אַזאַ עקשנותדיגען פּראָטעסט פון אַ פּאַרלאַמענט געגען מענגשען־רעכט נישט בלויז מיט פערוואונדערונג, נאָר אויך מיט פעראַכטונג. די רעליגיעזע חכמה פון אַ פריהערען דור איז שוין אָפט געווען צום שפּאָט און צו פעראַכטונג פון די קומענדע דורות". (הערט! הערט!)

און יענער נאַרישער גערודער וועגען יודען־רעכט און וועגען קאַטאָ־ליקען-רעכט דענסמאָל אין ענגלאַנד מוז מען פערגלייכען מיט דעם גערודער וועגען דער יודען־פראַגע אין רוסלאַנד יעצט!

און בין איבערצייגט: עס וועט קומען אַמאָל אַ צייט, אַז די יודען אין רוסלאַנד וועלען האָבען אַלע רעכט, און „אפילו אַנ'אַלטע פרוי וועט גאָרנישט האָבען דאַגעגען איינצווועגדען" — און דענסמאָל, קאָן זיין, וועט זיך מאַכען, אַז עפּעס אַ פערוואָרפענע אומה אין דעם דאָזיגען גרויסען לאַנד וועט נאָך זוכען זיינע רעכט און וועט זיי נישט קריגען און עפּעס אַ קלוגער מיניסטער, וואָס וועט דענסמאָל זיין, וועט אויפשטעהן און טענה'ן די אַלטע קלוגע טענה, אַז מען האָט מורא און מען קאָן נישט און מען טאָר נישט און אַז בלוט וועט זיך גיסען, ווען מען וועט עס טהון, און דאָן, זעהט איהר, וועט קומען איינער, וואָס וועט זיך דערמאָהנען די איצטיגע צייטען און וועט קומען איינער, וואָס וועט זיך דערמאָהנען די איצטיגע צייטען און וועט ווייזען, אַז דאָס איז שוין אַמאָל געווען, דאַכט זיך מיט אַנ'אומה וועלכע הייסט יודען, און אַז מען האָט די פערלאַנגטע רעכט סוף־כל־סוף זיי געגעבען און בלוט איז פאָרט נישט געפלאָסען אין די גאַסען!

# עלפטער בריעף

עס איז ביי מיר שוין פראָסט געוואָרען א כלל אזעלכער, אויף וועלכען איך קאָן מיך פערלאָזען ווי אויף א גוטען ריכטיגען זייגער. לייען איך אין אונזערע אָפיציעלע ציימונגען, עפּעס בשורות טובות אויף יודען אָדער פּראָיעקטען פון רעפאָרמען אָדער גלאַט אזוי א נאַכריכט, אז דער פּרעמיער־מיניסטער (אויף יודיש הייסט דאָס: דער מיניסטער וועלכער פיהרט אלע ביי דער נאָז) האָט פלוצלינג געקראָגען א גליהענדען חשק צו געבען דעם פאָלק כל המינים הומאַנע מתנות, וועלכע זענען נאָר פאַרהאַן אויף דער וועלט, ווייס איך באַלד, אז איך וועל געפינען אין דיזעלביגע ציימונגען אויף דער אַנדערע זייט אויך די ידיעה, אז עפּעס א שליח מיוחד פון רוסלאַנד איז אַרויסגעפאָהרען און זוכט אין אויסלאַנד א שטיקעל הלואה. אזוי פיהרט זיך שוין דאָס פון דורי־דורות. ביידע סדרות געהען אַלעמאָל צו־זאַמען ווי, להבדיל, תזריע און מצורע. א טאָפּ נאָך א פּאָר גראָשען אין אויסלענדישע קעשענעס און גלייכצייטיג א פול מויל מיט הבטחות אויף רעפאָרמען און ספּעציעל אויף רעפאָרמען פאַר יודענס וועגען. א נאַכריכט, למשל, אז דאָס מיניסטעריום זיצט טאָג און נאַכט און עסט נישט און שלאָפט נישט און זוכט נאָר ווי צו פערבעסערען די יודישע לאַגע, און אויף דער אַנדערער זייט די נאַכריכט, אז גראַף וויטע איז נאָך אַלץ לא־עלינו נישט געזונד און מוז שוין נעבעך ווידער אַריינפאָהרען אויך עטליכע מעג אין פּאַריז וועגען זיין אָפּעראַציע (מסתם די אָפּעראַציע ביים פּראָפעסאָר רוימ־שילד!) און דאַן נאָך בערלין (מסתם ווידער צום פּראָפעסאָר מענדעלזאָן!) און דאַן אפשר אויך נאָך לאָנדאָן (ווי הייסט דאָרט דער לאָנדאָנער פּראָפעס־סאָר?) און צום סוף אודאי אויך קיין אמעריקא. א מענש, א חלוש נעבעך. נאַטירליך, מיט דעם פאַלען און מיט דעם שטייגען פון די אויסזיכטען אויף די הלואה, פאַלען און שטייגען אויך די נאַכריכטען וועגען די רעפאָרמען. און קריגט מען די הלואה, פערגעסט מען באַלד די הבטחות און מען רעדט נישט מעהר פון די רעפאָרמען; און קריגט מען זי נישט — דערלאַנגט מען

אַ שפּיי מיט דער בעקאַנטער רוסישער קללה, און מען רעדט ממילא נישט מעהר פון יענע „נאַרישקייטען”. ווי אַ רויטער פאָדים ציהט זיך יענע רעפאָרמען־קאָמעדיע, אָדער יענע יודען־גלייכבערעכטיגונגס־קאָמעדיע זינט חדשים און יאָהרען דורך אונזער טעגליכער געשיכטע, און מיך וואונדערט גאָר, ווי עס געפינען זיך אַלעמאָל נאָך נייע נאַראָנים, וועלכע גלויבען. אָפּט אין די קאָמעדיע אַזוי בולט, אַז זי שטעכט פּראָסט אין די אויגען; על־פּי־רוב קומט אַזאַ נאַכריכט וועגען רעפאָרמען אין דעם בעקאַנטען געשוואָלענעם לאַפּידאַרישען סטיל מיט אַ ים פון ווערטער און מיט אַ סך אַ סך נעמען, אַזוי אַז ווען דער אויסלענדישער לעזער (און דאָס איז דאָך בערעכענט פאַר דעם אויסלענדער!) לייענט, מיינט ער, אַז ער האָט באמת פאַר זיך עפּעס אַ זאַך, וועלכע האָט שטיקעל ממשות.

אין די לעצטע טעג האָב איך געלייענט איבער די פערהאַנדלונגען וועגען אַ נייער הלואה: ראָטשילד וויל, ראָטשילד וויל נישט; לאָנדאָן וועט זיך בעטייליגען, לאָנדאָן וועט זיך נישט בעטייליגען; דייטשלאַנד האָט צוגעזאָגט, דייטשלאַנד האָט זיך אָבגעזאָגט. אויסערדעם האָב איך בעמערקט עפּעס אַ קאָך אויף די בערזעס; עס האַלט אין שטייגען. און נאָך עפּעס: די לייטאַרטיקלען און די רובריק „רוסלאַנד” אין די גרעסערע אויסלענדישע צייטונגען זענען מיר פּלוצלינג געוואָרען זעהר פריינדליך געשטימט פאַר רוסלאַנד וועגען. נאַטירליך דרעה איך אום דאָס בלעטעל און זוך — און ריכטיג: איך געפין אַ גרויסען אַרטיקעל מיט דער אויפשריפט: „קאָקאָווצעווס פּראָיעקט אין דער יודענפראַגע”. ישועות טובות פאַר יודענס וועגען! איך לייען און איך בין זיך מחיה.

אויף סטאָליפּינס וואונש — ערצעהלט אונז די נאַכריכט — האָט דער פינאַנץ־מיניסטער (זעהט איהר: דוקא דער פינאַנץ־מיניסטער!) קאָקאָווצעוו אויסגעאַרבייט אַ פּראָיעקט פון נייע פאָרשריפטען אין דער יודענפראַגע, הויפּטזעכליך וועגען דער פערגרעסערונג פון זייערע רעכט בנוגע די ערטער, וואו זיי מעגען וואוינען און בנוגע קויפען הייזער און ערד און בנוגע זיך באַשעפטיגען מיט האַנדעל און מלאכות און נוגע אָנטיילנעהמען אין אַקציאָנערע אונטערנעהמונגען. — נאָך דעם דורכפאָרשען דאָס גאַנצע ריעזיגע היסטאָרישע מאַטעריאַל פון די דינים וועגען יודען אין רוסלאַנד

זינט קאַטערינאַ די צווייטע ביז אויף אונזערע טעג, איז קאַקאָווצעוו געקומען צו דעם שלוס, אַז די גאַנצע רוסישע לעבענס־אָרדנונג איז למפרע געגען דען אויסברייטונג פון די גרעניצען, וועלכע דער יודישער תחום המושב האָט און געגען דעם, אַז מען זאָל יודען געבען פולע רעכט גלייך מיט אַלע אַנדערע בירגער. — דערפאַר האָט ער אויסגעברייט אַזאַ פּראָיעקט:

1) יודען, רוסישע אונטערטאַנען, מעגען זיין בעשטענדיגע איינוואוי־נער אין די שטעדט און דערפער פון די פאָלגענדע גובערניעס: בעסאַראַביער, ווילנער, וויטעבסקער, וואָהלינער, גראָדנער, יעקאַטעריסנאָלאַווער, קיעווער, קאָוונער, מינסקער, מאָהילעווער, פּאָדאָלסקער, טאַוורישער, כערסאָנער, טשערניגאָווער און אויך אין גאַנץ קעניגרייך פּוילען.

2) יענע יודען, וואָס האָבען ביז יעצט געהאַט רעכט צייטענווייז אָדער שטענדיג וואוינען אויסערהאַלב די גרעניצען פון תחום המושב, וועלען פון איצט אָן האָבען דאָסזעלביגע רעכט אויף צו וואוינען אין דער גאַנצער מלוכה אָהן אויסנאַהם. די סוחרים פון ערשטער גילדע אין קיעוו, אויב זיי וועלען נאָר האָבען אָבגעצאָהלט גילדע שוין 15 יאָהר און זיי וועלען האָבען געוואוינט שוין 10 יאָהר אין קיעוו, וועלען אויך האָבען אַזעלכע רעכט.

3) אַרבייטער און בעלי־מלאכות, אויב זיי האָבען געוואוינט אויסער־האַלב דעם תחום-המושב 10 יאָהר, וועלען מעגען וואוינען אין דער גאַנצער מלוכה.

4) ווייטער: זייערע ווייבער און מינדעריעהריגע קינדער און ברי־דער און שוועסטער וועלען אויך מעגען וואוינען מיט זיי.

5) דאָרט, וואו יודען וועלען מעגען וואוינען, וועלען זיי האָבען אויך די רעכט פון די איבעריגע איינוואוינער, מיט אויסנאַהם פונ'ם רעכט צו קויפען און בעזיצען פּויערישע ערד און „פּאַרצעלע-גיטער", ווי אויך צו קויפען און בעזיצען ערד און גיטער, וועלכע ווערען געקויפט דורך דער פּערמיטלונג פון דער פּויערים-באַנק. אין האַנדעל און אינדוסטריע בלייבען דיר־זעלבע בעגרענצונגען ווי געוועזן בנוגע אויסאַרבייטען און האַנדלען מיט הייליגע בילדער, צלמים און אַנדערע קריסטליכע הייליגע זאַכען.

6) דאַגעגען וועלען אַלע בעגרענצונגען בנוגע דעם אַנטיילנעהמען פון יודען אין אַקציאָנערע אונטערנעהמונגען איינציגווייז אָבגעשאַפט ווערען.

איך לייען דעם דאָזיגען פּראָיעקט, און איך פּיהל, ווי דאָס בלוט שטייגט מיר אין פּנים אַריין און איך הויב אָן עפּעס אַזוי ווי זיך צו שעהמען. אַזוי ביליג קאָן מען אַ וועלט אָבנאַרען! און דערצו ערשט האָט אַ מענש מיט אַ מיניסטער־קאָפּ געברויכט דורכצופאָרשען דאָס גאַנצע ריעזיגע היסטאָרישע מאַטעריאַל פון די דינים וועגען יודען אין רוסלאַנד זינט קאַטערינאַ דער 2־טער ביז אויף אונזערע טעג! און מענשען אין אויסלאַנד לייענען און לייענען דאָס גאַנצע בערגעל פון געאָגראַפישע נעמען ווי בעסאַראַביע, וויטעבסק, ווילנא, וואָהלין א. אז. וו. און מיינען, אַז מען האָט טאַקי עפּעס געגעבען, און כאַפּען זיך צום בייטעל און הויבען אָן צו צעהלען די הלואה! און די מעקלערס קומען, און די וויטעס קומען, און פון די פּאָרטפעלען שלעפּט מען אַרויס די „פּראָיעקטען" פון די רעפאָרמען און מען ווייזט אויף זיי אָן מיט דעם פינגער און מיט אַ שטאָלצער מינע אויפ׳ן פּנים, און די שופּם און די ראָטשילד און די אַנדערע הערען קוקען און שמייכלען צו־פריעדען און — געבען. עס ווילט זיך אַ שפּיי געבען אויף די גאַנצע היבשע געזעלשאַפט און עס ווילט זיך דאָס צייטונג־באַלד צערייסען און דאַן איינ־ציגווייז צערייסען אויך יעדען פון די דאָזיגע פיינע הערען! איז עס מעגליך, אַז עס איז נישט פאַרהאַן צווישען זיי אַלע כאָטש איינער, וואָס זאָל זיך כאַפּען דערפאַר און דערקענען, ווי ווייט מען מאַכט חוזק פון זיי אַלעמען און ווי אין דעם גאַנצן „פּראָיעקט„ פין די דאָזיגע „פּריוויהייטען" פאַר יהודים וועגען איז נישטאָ אפילו קיין קוצו של יוד, וועלכע זאָל זיין געענ־דערט פון דעם ווי עס איז געוועזן ביז אַהער? און דאָס דאָזיגע בעסאַראַביע, וויטעבסק, ווילנא, וואָהלין וכדומה, זענען עס דען נישט די ערטער, וואו יודען אין רוסלאַנד האָבען געמעגט וועגעטירען אויך ביז אַהער? און דאָס דאָזיגע וועגען די סוחרים פון דער ערשטער גילדע, איז עס דען נישט דאָס־זעלבע, וואָס איז געוועזן ביז איצט? און די רעכט פון די אַרבייטער און די רעכט פון די בעלי־מלאכות און די מעשה מיט די ווייבער און די קינדער און די חסדים טובים וועגען האַנדעל און וואַנדעל און די ישועות טובות

וועגען בעטייליגונג אין אקציאָנערע אונטערנעהמונגען, איז עס נישט דער־
זעלבער מפטיר כדאתמול ?

אָבער איך מוז מודה זיין, אז איך האָב זיך בחנם אויפגערעגט און האָב
נישט געהאט פארוואָס. אין דעם היינטיגען מאָרגען־בלאט לייען איך א
טעלעגראם פון פעטערבורג, אז „אזוי ווי דער רעגירונגס־ראט האט זיך איבער־
צייגט, דאָס די געזעצגעבונג וועגען די יודען מוז אינגאנצען רעווידירט און
אויך רעפאָרמירט ווערען, און אזוי ווי דער רעגירונגס־ראט האט גלייכצייי־
טיג ארויסגעפונען, אז עס איז נאָך פאָר דער צייט צוצוטרעטען יעצט צו
אזא ארבייט פון רעוויזיע, האט דער רעגירונגס־ראט בעשלאָסען, די יודען־
פראגע דערווייל ניט ספעציעל צו בעהאנדלען". — די יודען פראגע וועט
אלזאָ מוזען ווערען איבערגעגעבען, ווען די צייט וועט קומען, צו א בעזונ־
דערע „קאָמיסיע" אָדער מען וועט זיך פערלאָזען וועגען איהר אויף דער קו־
מענדער דומא.

מילא וואָס א „קאָמיסיע" איז טייטש אין רוסלאנד, האָב איך אייך
שוין אמאָל ערקלערט; דענסמאָל ווען עס וועט מיר ארויסוואקסען האָר
פון דער אינערער פלעכע פון מיין האנד, דענסמאָל וועט די קאָמיסיע פערטיג
זיין מיט איהרע ארבייטען. נאָר אויך די „קומענדע דומא" איז קיין שלעכ־
טע זאך נישט; איך בין שוין בייצייטענס אויף איהר א שטיקעל מבין.

דען, זעהט איהר, די דומא קומט, זי קומט טאקי! דער פרעמיער־
מיניסטער האט שוין ארויסגעלאָזען א צירקוליאר צו אלע גובערנאטאָרען
וועגען די פאָרבערייטונגען צו די וואהלען פאר דער קומענדער דומא —
און זי וועט אם ירצה־השם קומען. איהר טאָרט מיך אבער נאָר נישט
פרעגען, וואָס פארא דומא דאָס וועט זיין. מילא די אלע שלעק פון דער
ערשטער דומא, איך מיין די אלע, וואָס האָבען געהאט די חוצפה אויפצו־
טרעטען געגען דער רעגירונג און צו בונטעווען און צו מאכען רעוואָלוציעס
און צו פערלאנגען מענשען־רעכט און נאָך אזעלכע רעכט — זיי וועלען אין
די נייע דומא שוין נישט אריינקומען. א גרויסען טייל פון זיי האט מען
שוין פערשטאָפּט די מיילער, און מיט דעם איבעריגען טייל גיט מען זיך
אויך אנ׳עצה. איך לייען היינט, למשל, א טעלעגראם פון פעטערבורג, אז
„דער שטאָדט־הויפּטמאן האט מודיע געווען דער שטאָדט־פערוואלטונג, אז

די געוועזענע דומא־דעפוטאַטען, וועלכע זענען צוגעצויגען געוואָרען צו אַ געריכטליכער פעראַנטוואָרטונג, ווייל זיי האָבען אונטערגעשריבען דעם „וויבאָרגער אויפרוף", ווי: קעדרין, נאַבאָקאָוו, פּעטרונקעוויטש, פאָן רוט־צעם, מ. פּעטרונקעוויטש, מיטאַלניקאָוו, פּאָפּאָוו, פּעטראַזשיצקי, סעמיאָנאָוו, פירשט אורוסאָוו, מאַללעניקאָוו און סמירנאָוו, האָבען פערלוירען דאָס רעכט צו נעהמער אָנטייל אין די וואהלען צו דער רייכס־דומאַ". אחוץ דעם האָט אונז די רעגירונג בעשענקט מיט אַ שעהן ביסעל נייע תקנות וועגען די וואהלען. לויט די דאָזיגע תקנות זענען שוין בעהיט אַ גרויסער טייל פון די פויערים און אַזוי אויך אַ גרויסער טייל פון די ארבייטער אָנטיילצונעה־מען אין די וואהלען. נאָר עכטע רוסען זענען עכטע וועהלער: מענשען, וועלכע וועלען מוזען ברנעגען מן הסתם אַ הכשר פון אַ פאָרשטעהער פון דער „שווארצער הונדערט". און אפשר וועט זיך די רעגירונג נאָך מְישב זיין און וועט עס מאַכען נאָך בעסער: נאָר מענשען, וועלכע וועלען קענען נאָכווייזען ,אַז זיי האָבען זיך ווענינגסטענס איינמאָל אין זייער לעבען בעטייליגט אין אַ פּאָגראָם, וועלען ווערען צוגעלאָזט צו די וואהלען. וועל־כע פרייהייטען און וועלכע רעפאָרמען קאָנען מיר פערשטעהן, ווי אַ יודען פערשטעהן שוין איצט. גאַנץ בעזונדער קאָנען מיר פערשטעהן, ווי אַ יודען־פראַגע וועט ווערען געלעזט פון אַזאַ דומאַ. נישט אמת, די אויסזיכטען זענען הערליך?

נאָר איין זאַך פּלאָנטערט זיך מיר פאָרט אַרום אין מוח: איז זיך די רעגירונג נישט אַביסעל טועה אין דעם חשבון, ווען זי מיינט, אַז מיט פויסטען און מיט ביקסען און מיט אַרעסטען און מיט טויזענד אַנדערע פורעניות קאָן מען פערשטעלען דעם וועג פאַר'ן גייסט?...

# צוועלפטער בריעף

צווישען די ווערטער, וואָס יעדעס רוסישע מויל רעדט זיי אַרויס מע־
כאַניש און אונבעוואוסט אפשר הונדערט מאָל איבער'ן טאָג, איז פאַרהאַן
אַ וואָרט „פּוסטיאַקי" (בעדייט אַזויפיעל ווי: נאַרישקייטען) אָדער אויך
„ניטשעוואָ" (אַזויפיעל ווי: גאָרנישט מיט גאָרנישט) אָדער „יערונדאַ"
(אַזויפיעל ווי: אַ נעבעכטיגער טאָג) אָדער „טשעפּוכאַ" (אַזויפיעל ווי: אויס־
געבלאָזען איי). דער רוסישער מענש בענוצט זיך מיט די דאָזיגע רעדענ־
סאַרטען בייטאָג און ביינאַכט, און וועט זיי רעדען אויך פון שלאָף. דו
דערצעהלסט איהם אַ מעשה־נורא, אַז אַנ'ערדציטערניש האָט אָבגעמעקט
פון דער ערד אַ גאַנצע שטאָדט מיט עטליכע הונדערטוויזענד איינוואוינער,
און ער וועט רוהיג אויסהערען און דיר ענטפערען „פּוסטיאַקי". דו זאָגסט
איהם עדיסאָן האָט ערפונדען אַ מאַשין, אַז דער מענש וועלכער דרעהט זי
אָן, קאָן לעבען אייביג, און ער וועט דיר ענטפערען „ניטשעוואָ". דו
לייענסט איהם פאָר פון דער צייטונג, אַז אין מאָסקווא קעמפען די רעוואָלו־
ציאָנערען אויף די באַריקאַדען און האָבען שוין איינגענומען דעם קרעמל,
און ער גיט דיר אַ מאַך „יערונדאַ". דו ווילסט איהם איבערשרעקען און
זאָגסט איהם, אַז הונדערט און פערציג מיליאָן מענשען אין רוסלאַנד זיצען
שוין אין די פעסטונגען און די ציטאַדעלען און באַלד וועט די דומאַ אַרויס
מיט אַ געזעץ, אַז יעדער אָנשטענדיגער רוס וועט מוזען לכל הפּחות
איינמאָל אין טאָג געהן געבונדען אין אייזערנע קייטען, און ער וועט אויך,
דאָס רוהיג מקבל זיין און וועט דיר ענטפערען זיין „טשעפּוכאַ". דער פּירוש
איז: ער מאַכט זיך פון גאָרנישט. עס איז דער גרויסער בטול־היש, וואָס
ער איז אַלצדינג מבטל, און נישט ווייל ער פילאָזאָפירט אַזויפיעל, נאָר ווייל
דער מוח הויבט גאָרנישט אָן צו אַרבייטען. עס וואָס זיין אַ זעהר אינטערע־
סאַנט ווערק, ווען עפּעס אַ משוגענער פּראָפעסאָר וואָלט אויפשטעהן און
וואָלט שרייבען די פּסיכאָלאָגיע פון דעם רוסישען „טשעפּוכאַ" און „יערונ־
דאַ", פון „פּוסטיאַקי" און „ניטשעוואָ". עס איז די שווערפעליגקייט פון אַ

בער נעבען דער לייכטער גערדאַנקענלאָזיגקייט פון אַ קינד. אַלעס איז רעכט. עס איז רעכט אַ רעוואָלוציע — און ער מיינט, אַז איבער נאַכט איז ער שוין פערטיג מיט איהר און האָט שוין אַלעס דערגרייכט; עס איז רעכט אַנ׳־אויגענבליקליכע אונגעהויערע רעפּרעסיע, וועלכע געהמט אַרום דאָס גאַנצע לאַנד — און ער מיינט, אַז אַלעס האָט זיך שוין געענדיגט און עס איז שוין קיין שום אויסזיכט נישט מעהר פאַרהאַן. דער זין פאַר אַ היסטאָרישער נויטוועגדיגקייט, פאַר אַ היסטאָרישען גאַנג, פעהלט איהם אינגאַנצען.

עס איז אונגעפעהרט אַ יאָהר, ווי די רעוואָלוציע אין רוסלאַנד איז גע־וועזן אין גרויסען ברען. ווער עס האָט יענע טעג מיטגעמאַכט, דער וועט זיי קיינמאָל נישט פערגעסען, און קינדער וועט ער האָבען צו דערצעהלען און קינדס־קינדער און וועט קיינמאָל נישט האָבען גענוג. אָבער לאַכען מוז מען פאַרט, ווען מען דערמאָהנט זיך, ווי צעהנדליגער טויזענדער מענשען האָבען די זאַך אַזוי לייכט גענומען און האָבען געפּלוידערט טאָג און נאַכט פון דער „גוסס־דיגער רעגירונג״ און פון דעם „פערפוילטען אַלטען רעזשים״, וועלכער מוז אין 24 שעה אָדער שוין אין אַ חודש אָדער העכסטענס אין אַ פיערטעל יאָהר איינברעכען און איינפאַלען. נאַטירליך האָט דער בעזונענער מענש אָדער דער שפּעטער, וועלכער איז געשטאַנען ביי דער זייט, געוואָרענט אָדער חוזק געמאַכט און ערקלערט, אַז דאָס איז אַ פּראָצעס, וועלכער מוז דויערען יאָהרען און אפשר גאָר צעהנדליגער יאָהרען און אַז דאָס איז ערשט דער אָנפאַנג און אַז בעגריפען, וועלכע זענען געוואָרען דורך יאָהרהונדער־טער פלייש און בלוט, ווערען נישט בטל איבער נאַכט און אַז טויזענד גע־געבענע פרייהייטען, אפילו ווען זיי זענען עהרליך געגעבען און זענען עהרליך געמיינט, זענען נאָר פרייהייטען אויפ׳ן פּאַפּיער, און ביז זיי געהען איבער אין לעבען דרויערט עס יאָהרצעהנדליגער —עס האָט נישט גענוצט, מען האָט בעטראַכט אַזאַ מענש אַלס אַ רעאַקציאָנערען פינסטערען מענש, וועל־בער פערשטעהט נישט און ליעבט נישט און וויל נישט די פרייהייט. — זינט דענסמאָל איז אונגעפעהר אַ יאָהר אַוועק און די רעפּרעסיעס האַלטען יעצט אין גרויסען ברען. ווער עס לעבט די דאָזיגע טעג מיט, דער וועט זיי נישט מעהר פערגעסען, און קינדער און קינדס־קינדער וועט ער האָבען צו דער־צעהלען. עס איז אָבער קאָמיש, ווי די סיטואַציע האָט זיך געענדערט און

ווי די ראָלען זענען איבערגעביטען געוואָרען. צעהנטויזענדער און הונ־דערט־טויזענדער האַלטען יעצט אין איין שרייען, אַז די רעוואָלוציע איז שוין געענדיגט און אַלעס פערלוירען. די דאָזיגע, וועלכע האָבען אינ׳ם פאָריגען יאָהר טאָג און נאַכט גערעדט פון דער גוסס׳דיגער רעגירונג און פון דער פערפוילטער ביוראָקראַטיע און פון דעם אָבגעשטאָרבענעם רעזשים, זאָגען יעצט, אַז נאָר עטליכע נישט־רייפע יונגלעך האָבען געמאַכט דעם גאַנ־צען געפּילדער און אייגענטליך איז גאָרנישט געווען. בעצאָהלטע קאָרעס־פּאָנדענטען שרייבען דאָסזעלבע לינקס און רעכטס אין די גאַנצע וועלט אַרויס און זענען מבטיח, אַז די בעסטיע אין רוסלאַנד איז שוין בעזיעגט און אַלעס איז שוין גאָט צו דאַנקען אויפ׳ן בעסטען אופן. בערזען־שפּע־קולאַנטען און קליינע און גרויסע געשעפטס־גנבים בעמיהען זיך דעם קורס צו האַלטען און רעדען איין מי יודע וואָס און בעווייזען אַז „טוב מאוד״ מיינט מען רוסלאַנד. און נאָר יענער בעזונענער מענש, וועלכער איז דענס־מאָל געשטאַנען ביי דער זייט, שטעהט אויך יעצט ביי דער זייט און בעמיהט זיך צו ערקלערען דעם פּראָצעס פון אַ רעוואָלוציאָנס־גאַנג און ווי די רע־וואָלוציע איז יעצט אַקוראַט מיט אַ יאָהר עלטער און ענטוויקעלטער און ווי די בעוועגונג האָט אפילו אויף אַ מינוט נישט אויפגעהערט און ווי אַלעס געהט און ענטוויקעלט זיך כשורה טראָץ דער קאָמעדיע און טראָץ דעם שווינדעל פונים 17־(30) אָקטאָבער אינים פאָריגען יאָהר. דען אַ היסטאָרי־שע בעוועגונג ווערט נישט איבער נאַכט געבוירען און ווערט נישט בטל איבער נאַכט. זי הענגט נישט אָב פון אַ דעקרעט מיט איין אונטערשריפט. ווען עטליכע נאַראָנים האָבען אינ׳ם פאָריגען יאָהר געמיינט, אַז אָט אָט זענען זיי שוין מיט אַלעס פערטיג — איז דאָס זייער זאַך; ווען עטליכע נאַראָנים מיינען ווידער יעצט, אַז אָט אָט זענען זיי שוין מיט דער רעוואָלו־ציע בעגראָבען און פערלאָרען — איז דאָס ווידער זייער זאַך. אָבער טראָץ דעם געהט זי, די רעוואָלוציע, און ענטוויקעלט זיך און נעהמט אַרום וואָס־אַמאָל גרעסערע שטרעקען און וואָס אַמאָל נייערע מענשען־גרופּען. ביי איינצעלנע מענשען איז דער טעות געקומען אפשר דערפון, ווייל מען האָט אַלעס געבויט אויף אַנ׳ארבייטער בעוועגונג, און די פּויערים־בעוועגונג האָט

מען ווייניג שטודירט. די הויפּט־מאַסע אין רוסלאַנד איז אָבער די פּויערים־מאַסע.

און ווירקליך — די רעוואָלוציע געהט. מען דאַרף בלויז געגוי פּער־פאָלגען די בעריכטען, וועלכע עס קומען אין די קליינע פּראָווינציאַלעלע אונבעדייטענדע בלעטער און צו לייענען די נאַאיווע מעשה'לעך פון די דערפער. די מעשה'לעך זענען אפשר פאַר פרעמדע אויערען אַזויפיעל ווי גאָרנישט; מיר אָבער, וועלכע ווייסען, וואָס א רוסישער רעוואָלוציע האָט צו ערוואַרטען פון אַזעלכע פּויערים אין עטליכע יאָהר אַרום. — ווי עס ווייזט זיך אויס, האָט דער רוסישער פּויער צופיעל געהאַט ערוואַרט פון דער דומאַ, און זינט דעם פונאַנדערלאָזען פון דערזעלבער איז ער זעהר פער־ביטערט געוואָרען. פאַר איהם איז עס קלאָר, אַז שולדיג אין דעם גאַנצען אומגליק איז די רעגירונג און מען מוז זיך אין איהר נוקם זיין. אָבער וואָס איז „רעגירונג? רעגירונג הויבט זיך פאַר איהם אָן מיט דעם ערשטען מיניסטער און ענדיגט זיך מיט דעם לעצטען פּאָליציאַנט אין דאָרף; אַלעס איז רעגירונג. און אַזוי ווי מיט דעם ערשטען מיניסטער קומט ער נישט צוזאַמען, קיהלט ער דערווייל זיין צאָרן אָן דעם אַלערלעצטען פּאָליציאַנט אין דאָרף.

איך לייען, למשל, א מעשה'לע פון נאָוואָ־אוזענער קרייז אין סאַמאַרער גובערניע, ווי די פּויערים זענען בעפאַלען די וואַלד־היטער און האָבען גע־פאַנגען דעם אוריאַנדיק. די מאַסע האָט זיך א וואָרף געטהון אויף דעם געפאַנגענעם און האָט געשריען: „פאַר וואָס האָסטו פונאַנדערגעטריבען די דומאַ?" — „קינדערלעך!" ענטפערט דער אוריאַנדיק פערציטערט און מיט טרעהרען אין די אויגען, „איך בין אין דעם נישט שולדיג. וואָס מען בעפעהלט מיר, דאָס טהו איך. און דאָס, וואָס איהר זאָגט וועגען דער דומאַ — בין איך דען דער מיניסטער?" — אַלץ איינס!", האָבען די פּויערים געשריען „דו ביסט פון זייער צד!..."

דאָס דומאַ־פונאַנדערטרייבען האָט די פּויערים אַזוי ווייט אויפגע־רייצט, אַז זיי הויבען אָן זייערע מחלוקת מיט דער אָרטיגער אַדמיניסטראַ־ציע ביי דער קלענסטער סיבה און אָפט גאָר אינגאַנצען אָהן א סיבה. — איך לייען ווי אין א דאָרף, צאַרעוואָסאַנטשורסק, איז עפּעס אַרויסגעקומען

א וואָרט־שטרייט צווישן א קרעמער און א סאָלדאַט ביי דעם קויף פון א שירם. דער אוריאַדניק מיט צוויי סטראַזשניקעס זענען געקומען און האָבן געוואָלט אַרעסטירען דעם סאָלדאַט, דאָ האָט זיך אָבער די מאַסע פון די פויערים אַרויפגעוואָרפען אויף זיי מיט ווילדע קולות און האָבן זיי געוואָלט שלאָגען, און די דאָזיגע פּאָליציי־לייט האָבן זיך געמוזט פאַר זיי בעהאַל־טען. די פויערים האָבען זיך אָבער דערמיט נישט בערוהיגט, ביז זיי האָבען דעמאָלירט די הייזער פון דער דאָזיגער פּאָליציי־אַדמיניסטראַציע און האָבען פון אַלע כּלים אַ תּל געמאַכט. — פון ניקאָלסק, א דאָרף אין וואָ־לאָגדער גובערניע, לייען איך, ווי א זשאַנדאַרמען־אָפיצער האָט זיך בע־וויזען אין דאָרף, און ווי נאָר די פויערים האָבען דערפון געהערט, האָבען זיי אָנגעהויבען צו קלינגען אין אַלע גלאָקען און עס האָט זיך צוזאַמענגע־קומען א גרויסער עולם, בעוואָפענט מיט אייזענס און שטעקענס און אַנ־דערע כּלים, און האָט זיך א וואָרף געגעבען צום זשאַנדאַרם. דער דאָזי־גער איז קוים מיט'ן לעבען ענטקומען. — און ווידער לייען איך פון א דאָרף סטראָקינאַ אין קורסקער גובערניע: דריי דראַגאָנער זענען אַמאָל אין אָוועַנד צוגעגאַנגען צו יונגע לייט, וועלכע זענען געזעסען און האָבען געזונגען לידער. די פויערים פונ'ם דאָרף זענען אַזוי שטאַרק געוואָרען אויפגערעגט, אַז אַלע האָבען זיך אויפגעכאַפּט ווי איין מאַן. די דראַגאָנער זענען זיך צעלאָפען. די פויערים האָבען זיי נאָכגעשאָסען און האָבען זיי פערוואונדעט. — אַנ'עהנליכע מעשה לייען איך פון א דאָרף אילמען אין סאַראַטאָווער גובערניע מיט א ראָטע קאָזאַקען, וואָס די פויערים האָבען זיי אָנגעגריפען. ביי דעם אָנגריף זענען אומגעקומען פיער מאַן. — און נישט נאָר אויף דער אַדמיניסטראַציע און דער פּאָליציי איז דער צאָרן אַזוי גרויס, נאָר אפילו אויף דעם פויער, וועלכער ווייזט אַרוים די קלענסטע הילף א פּאָליציאַנט. אין לעפּעטיק, א דאָרף אין מעליטאָפּאָלער קרייז, האָ־בען די פויערים פאַרברענט א הויז פון א פויער אינאיינעם מיט א מאָנאָפּאָל־בראָנפען־האַנדעל, ווייל דער פויער האָט פערדונגען א וואוינונג פאַר פּאָ־ליציי־לייט, און אויך דעם גלח'ס וואוינונג האָבען זיי דעמאָלירט איבער דער אייגענער סיבה.

גאַנץ בעזונדערס קומען פאַר צוזאַמענשטויסען מיט דער פּאָליציי צו־ליעב אַרעסטען. ווען די פּאָליציי וויל עמיצען אַרעסטירען, דערלאָזען עס די פויערים באין אופן נישט. אַזעלכע מעשות מאַכען זיך הויפּטזעכליך, ווען עס קומען „אַראַטאָרס" (געוועהנליך זענען עס סטודענטען, וועלכע קומען אין די דערפער רעדעס האַלטען), אָדער ווען די פויערים מאַכען „מיטינגס". נישט זינדיג איז דער פּאָליציאַנט, וועלכער וויל זיי דערין שטערען. עפּעס ווי אַ עלעמענטאַרע קראַפט ברעכט אַרויס פון די פויערים און זיי ווערען ווילד, ווי די חיות רעות. עס איז נישט פאַרהאַן די קראַפט, וועלכע זאָל זיי קאָנען אָבהאַלטען. אינטערעסאַנט איז די מעשה אין אַ סאַראַטאָווער דאָרף מיט דעם געוועזענעם דומאַ־דעפּוטאַט פון סאַראַטאָ־ווער גובערניע, וועלכען די פּאָליציי האָט געוואָלט אַרעסטירען און וועלכען עטליכע טויזענד פויערים האָבען פערטיידיגט.

ווי ווייט די פויערים זענען שוין ענטוויקעלט און ווי ווייט דער רעוואָ־לוציאָנערער געדאַנק האָט שוין אַרומגעכאַפּט די דערפער, זעהט מען גאַנץ בעזונדערס אַרויס פון די פערשידענע בעריכטען אויס די פערשידענסטע געגענדען, וואו די פויערים שיקען עקסטרא משולחים אין די שטעדט אַריין, אום צו זוכען און צו ברענגען „אַראַטאָרס"...

זאָל אונז גאָט אין אונזער הילף זיין, ווען דער דאָזיגער פויער וועט שוין זיין „רייף" און וועט אויפשטעהן! דער דאָזיגער טעמפּער מוח, וועלכער קאָן קיין שום געדאַנק נישט אויפנעהמען און אין וועלכען אַ געדאַנק מוז זיך ערשט איינגעבערען דורך צענהדליגער יאָהרען ביז ער איז איהם תופס — דער דאָזיגער מוח, האָט ער איינמאָל דעם געדאַנק אויפגענומען, ווערט ער אין איהם פלייש און בלוט, און עס איז דאָן אויף דער וועלט די קראַפט נישט פאַרהאַן, וועלכע קאָן אַזא מין מענש אָבהאַלטען. גאָט מעג דאָן אויף רוסלאַנד רחמנות האָבען! עס וועט דאָן, דאַכט זיך, אויך קיין סטאָליפּין נישט העלפען...

האַלט איך שוין ביי סטאָליפּין, וויל איך צום סוף מזכיר זיין נאָך אַ דבר טוב: דער שרייבער סטאָליפּין, דער ברודער פון'ם מיניסטער, האָט אין איינעם פון די לעצטע נומערען פון „נאָוואָיע ורעמיא" דערצעהלט, אַז אין זייער פאַמיליען־הערב איז פאַרהאַן אַ ווייסער אָדלער, אַזא איינער ווי

אין דעם הערב פון דעם פוילישען קעניגרייך. דאָס האָט בעוואויגען די צייטונג „אוטרעננײאַ פּאָטשטאַ" די זאַך נעהנטער אויסצופאָרשען, און עס האָט זיך אַרויסגעשטעלט, אַז סטאָליפּינס עלטער-עלטער-זיידע איז געווען אַ פוילישער יוד, אַ דאָקטאָר, װעלכער האָט זיך געטויפט.

ווי געפעלט אייך אונזער משפּחה?

# דרייצעהנטער בריעף

אָפט בעשעפטיגט מיך די פראַגע: איז אין רוסלאַנד באמת דאָ אַ חברה „עכט רוסישע לייט", אָדער איז דאָס נאָר אַנ'אויסגעטראַכט אָבשרעק־קונגס־מיטעל, צו שרעקען דערמיט נאאיווע מענשען דעסנמאָל, ווען מען בעדאַרף עס גראָד צום געשעפט? — מען זאָל נאָר קיין טעות נישט האָבען אין מיינע ווערטער. איך מיין נישט צו זאָגען, אַז איך בין חלילה מסופק און די מיט נעגעל דורכגעלעכטע אויגען און אויך די אויפגעשליצטע בייכער אַזאַ אפּיקורס בין איך נישט. איבריגענס, האָבען מיר דאָך מיט אייגענע אוי־גען געזעהען די געשפּאָלטענע קינדער־קעפּלעך און די אויפגעשליצטע בייכער און די מיט נעגעל דורכגעלעכערטע אויגען און אויך די איבעריגע האַנד־אַרבייט פון די דאָזיגע מענשען־חיות, מיט וועלכע די מענשהייט וועט זיך האָבען צו שעהמען אייביג. נאָך מעהר: ווילט איהר דורכאויס, קאָן איך אייך זאָגאַר צוגעבען, אַז דאָס זענען נישט פאַר עטליכע קאָפּעקעס געדונ־גענע מענשען פון דער גאַס אַראָב, נאָר אַנ'אָרגאַניזירטע באַנדע. איך מיין אָבער גאָרנישט דאָס; איך מיין „עכט רוסישע לייט" אַלס אַ מאַכט אין רוסלאַנד, אַזוי אַז מען זאָל מוזען אָננעהמען, דאָס די רעגירונג איז געצ־וואונגען צו האָבען באמת דרך־ארץ פאַר זיי — און דאָס, אָפען גערעדט, ווילט זיך מיר עפּעס נישט גלויבען. מיר דאַכט זיך אַלץ, אַז „עכט רוסישע מענשען" איז עפּעס אַנ'איוב שלא היה ולא נברא, אַ זאַך וואָס די רעגירונג אַליין מאַכט עס און רעדט דערפון, כדי נאַרישע מענשען דערמיט צו שרע־קען. „אָט וויל איך עפּעס טהון, אָט וויל איך געבען, למשל, רעכט פאַר יודענס וועגען, אָט וויל איך געבען רעפאָרמען — באַלד אָבער וועט קומען דער שווארצער מענש מיט דעם זאַק, און איך האָב מורא". ניין, קינדער! איך האָב אַ צו גרויסע מיינונג פון דער קראַפט פון אונזערע רעגירונגס־פּולעמיאָטען און קאָזאַקען און נאַגייקעס און ציטאַדעלען, אום צו קאָנען אָננעהמען, אַז זי האָט באמת מורא פאַר עטליכע גרינגמוטס און דובראָווינס און קרושעוואַנס און שמאַקאָווס און בולאַצעלס און זי שרעקט זיך שטאַרק

פאַר א טעלעגראַם מיט אַנ׳אזהרה, וועלכע זי קריגט פון א חברה „עכט רו־סישע„ אָדער פאַר אַנ׳ארטיקעל, וואָס איז געדרוקט אין „רוסקאָיע זנאַמיאַ״ און אין וועלכען מען דראָהט איהר, אַז אויב מען וועט געבען רעכט, וועט מען מאַכען א פּאָגראָם. וויפיעל קאָנען זיין אַזעלכע „עכטע״ אין רוסלאַנד? זאָגט הונדערט, זאָגט טויזענד, זאָגט צעהנטויזענד — און ווי, מיט זיי קאָן נישט פערטיג ווערען א רעגירונג, וועלכע איז פערטיג געוואָרען דערווייל מיט הונדערטטויזענדער אמת׳ע רעוואָלוציאָנערען און האָט זיי בעגראָבען אין די געפענגנעגישען און האָט זיי געבונדען אין אייזענס און האָט זיי איבערגע־געבען דעם פעלדגעריכט און האָט זיי פערשלעפּט קיין סיביריען און האָט זיי ענדליך פערשטאָפּט אויף דערווייל די מיילער? ווי, מיט זיי קאָן זיך נעבעך נישט קיין עצה געבען א רעגירונג, וועלכע שטעלט זיך נישט אָב פאַר די שרעקליכסטע רעפּרעסיעס, וואָס א פאַנטאַזיע קאָן אויסלערען? ווי, א רעגירונג מיינט עהרליך צו געבען מישטיינס־געזאָגט א צוויי דריי הנחות פאַר יודענס וועגען און מוז אין דערזעלבער מינוט זיך נעבעך דערפון אָב־זאָגען, ווייל א טעלעגראַם איז געקומען, אין וועלכער עס איז געשטאַנען געשריבען, אַז „מיר״ וועלען נישט דערלאָזען? ניין, מענשען, און נאָכ־אַמאָל ניין! ווען דאָס ליבעראַלע מיניסטעריום סטאָליפּינ׳ס וואָלט נאָר עהרליך מיינען און עהרליך וועלען, בין איך זיכער, אַז נישט בלויז קיין פּאָגראָמען וואָלטען נישט זיין, נאָר אפילו צו רעדען וואָלט מען נישט וואַגען, און אין פיערהונדערטזוואַנציג שעה וואָלטען זיך אַזעלכע דובראָווינס און בור־לאַצעלס און שמאַקאָווס פערקריכען אין די מייזענלעכער און מען וואָלט מורא האָבען אפילו א פּיפּעץ צוגעבען. דערווייל אָבער איז עס פּונקט פער־קעהרט, אַזוי אַז עס איז פּראָסט א רחמנות נעבעך אויף אונזער אָרימער רעגירונג. היינט טעלעגראַפירט מען איהר, זי זאָל זיך נישט דערוועגען צו געבען יודען קיין שום הנחה — און די רעגירונג האָט נעבעך שטאַרק פּחד און גיט נישט; מאָרגען וועט אָנקומען א טעלעגראַם, מען זאָל זיך נישט דערוועגען נאָכצוקוקען די שעהנע מעלה פון גורקא־לידוואַל — און די רע־גירונג וועט ציטערען און וועט קלאַפּען מיט די צייהן און וועט נאַטירליך אויפהערען נאָכצוקוקען; איבערמאָרגען וועט אָנקומען א אזהרה, מען זאָל זאָפאָרט אָבשאַפען די נארישע רעוואָלוציאָנערע איינריכטונג פון א דומא—

און די רעגירונג וועט איינבויגען דעם קאָפּ און וועט ציטערען מיט די קניהען און וועט מבטל זיין די נאַרישע איינריכטונג פון א דומא; נאָך איבער־מאָרגען וועט „רוסקאַיע זנאַמיא" דרוקען אַנ'אַרטיקעל אין נאָמען פון די „עכט רוסישע לייט", אַז מען פערלאַנגט, סטאָליפּין זאָל זיך זאָפאָרט אָנ־געבען אין דעמיסיע און אויף זיין אָרט זאָל ווערען קרושעוואַן — און די אומגליקליכע רעגירונג וועט ציטערדיג ענטפערען: „סלושאיוס (צו בע־פעהל!") און קרושעוואַן אָדער גרינגמוט אָדער שמאַקאָוו וועט ווערען מיניסטער. — און מיט אַזעלכע „רוסישע לייט" ווילט איהר שרעקען דאָס אויסלאַנד און איהר רעדט זיך איין, אַז מען גלויבט אייך? פאַר אַזעלכע קינדער האַלט איהר דערוואַקסענע מענשען מיט געהירען אין קאָפּ?

דען אַ שענדליכע קאָמעדיע איז געשפּיעלט געוואָרען — שענדליך אַן און פאַר זיך און שענדליך פאַר פרעמדע מענשען, ווייל מען האַלט זיי פאַר אַזעלכע נאַראָנים, אַז זיי וועלען דאָס אַלץ גלויבען.

דער חלק איז געלעגען אויפ'ן האלז, דער חלק פון דער נויטווענדיגקייט צו דעם אויסלענדישען קרעדיט. ווי דער מנהג איז פון קדמונים אָן ביי אַזא געלעגענהייט, האָט מען אָנגעהויבען צו קלינגען אויף אַלע גלאָקען טאָג און נאַכט, אַז מען גרייט צו אַ פּראָיעקט צו געבען אַ רעכט ביסעל רעפאָרמען פאַר יודענס וועגען, מישטיינסגעזאָגט וואָס פאַרא רעפאָרמען! אַזויפיעל ווי אויף אַ שפּיץ מעסער. נישט עפּעס מען האָט זיך ענדליך ענטשלאָסען, צו געבען יודען מענשען־רעכט מיט אַלע מענשען גלייך; נישט עפּעס, אָב־צושאַפען די שמאַכפולע און אומגליק־ברענגענדע ליניע פון דעם תחום המושב; נישט עפּעס, מבטל צו זיין די טויזענד בעגרענצונגען, מיט וועלכע מען קוועהלט אומגליקליכע נפשות זינט יאָהרהונדערטער. ניין, אַזוי ווייט קאָן מען אין רוסלאַנד גאָרנישט געהן. מען האָט דערווייל „בעשלאָסען" — איהר הערט? בעשלאָסען! — אָבצושאַפען אַ צוויי דריי פון די בעגרענ־צונגען, וועלכע זענען אַריינגעקומען אין געברויך אַריין על־פּי־טעות דורך דורך איגנאַטיעוו'ען אינ'ם יאָהר 1882, אַזוי למשל וויל מען איינפיהרען, אַז יודען זאָלען מעגען וואוינען אין עטליכע דערפער און אַז די פאַמיליע פון אַנ'אַנטלאָפענם רעקרוט זאָל נישט מוזען צאָהלען פאַר איהם דעם קנס פון 300 רובעל. בקיצור, אַזעלכע הנחות וואָס פון זיי וועט אונז אין אַלגעמיין

ניִשט ווערען ניִשט קאַלט און ניִשט וואַרעם. ווי דער שטייגער איז, האָט מען געפּויקט וואָכען-לאַנג אויף דער גרויסער פּויק, וואָס פאַראַ גליקען און ישועות און נחמות מען וועט דאָ געבען פאַר יודענס וועגען. און נאַטירליך האָט מען די קאָמעדיע געמאַכט מיט דעם גאַנצען טאַראַראַם. איין טאָג האָט מען מבשר געווען, אַז מען גיט, און איין טאָג, אַז מען קאָן ניִשט געבען; איין טאָג, אַז אָט האַלט מען ביים אויסאַרבייטען דעם פּראָיעקט, און איין טאָג, אַז די טינט איז אויסגעטריקענט געוואָרען און מען האָט דער־ווייל די אַרבייט אָבגעשטעלט. עפּעס ווי אין אַ קדחת האָט עס געוואָרפען, איינמאָל יאָ און איינמאָל ניִשט. ענדליך איז אַרויס דאָס רעגירונגס-בלאַט, די „ראָסיאַ", מיט דער וועלט-בעוועגענדער נאַכריכט, אַז אָט אָט ווערען די רעפאָרמען באַלד דערלאַנגט; די טעלער קלאַפּערען שוין, מען קאָן דערווייל אויפהאַלטען די מיילער, און נאָך דער „ראָסיאַ" איז געקומען די אָפּיציעזע „פּעטערבורגער טעלעגראַפען-אַגענטור" און האָט מודיע געווען דער גאַנצער וועלט, אַז „די טעג" וועלען די רעכט פון יודענס וועגען אַרויסגעגעבען ווע־רען, ניִשט קוקענדיג דערויף וואָס יודען זענען רעוואָלוציאָנערען און זענען ניִשט ווערט די גרויסע חסדים, וואָס מען טהוט מיט זיי און אויב-וואויל מען ווייסט, אַז די דאָזיגע רעוואָלוציאָנערע יודען וועלען נאָך גאָרנישט זיין צו־פריעדען מיט די דאָזיגע רעכט און וועלען פערלאַנגען נאָך מעהר. און אין בעסטען מיטען, ווי די רעגירונג האַלט אַזוי ביים דרשנ'ען און טראָמפּיי־טערט אַרויס דורכ'ן טעלעגראַף איהר גוט האַרץ דער גאַנצער וועלט — פּלוצלונג דרוקט זיך אָב אין „רוסקאָיע זנאַמיאַ" אַ פייערדיגער אַרטיקעל, אַז מיר, „עכט רוסישע לייט", בעשטעהען ניִשט דערויף און ערלויבען ניִשט צו געבען יודען קיין שום רעכט. גלייכצייטיג מיט דעם דאָזיגען אַרטיקעל קומט אָן אַ טעלעגראַם פון אַ חברה „עכטע" צו מיניסטער סטאָליפּין און נאָך העכער, אַז למען השם מען זאָל מבטל זיין דעם פּראָיעקט; און פון אַ צווייטער חברה „עכטע" קומט אָן אַזאַ טעלעגראַם, און פון אַ דריטער חברה, און פון אַ פיערטער, פון מזרח און מערב און צפון און דרום. בקיצור, די קאָמעדיע ווערט אָבגעשפּיעלט מיט דעם גאַנצען קנאַק. דאָס „רוסישע פאָלק" וויל ליידער ניִשט, און די אָרימע רעגירונג מוז זיך נעבעך אונטער-געבען. די צוויי, דריי פּיצלעך רעכט ווערען ניִשט מעהר געגעבען. אַ קליי־

ניגקייט, דאָס „פאָלק"! דאָס „פאָלק" לאָזט נישט... דאָס פאָלק סטראַשעט, אַז מאָרגען וועט עס אויפשטעהן און וועט מאַכען פּאָגראָמען, אַזעלכע ווי די וועלט האָט נאָך נישט געזעהן... איי וואָס, דעם אמת'ן סוד פון פּאָגראָמען־מאַכען און ווער די אמת'ע בעלי־מלאכה זענען האָט דער וועלט אויסגעזאָגט דער פירשט אורוסאָוו און דער פּאָליציי־שעף לאָפּוכין און אין די לעצטע טעג אויך דער ראָטמייסטער פּיעטוכאָוו אין זיין שרעקליכען בעריכט איבער שעדלעץ? נישקשה, די וועלט האָט אַ שלעכטען זכרון און וועט דערווייל ווידער האָבען פערגעסען. בקיצור, דאָס „פאָלק" לאָזט נישט — און אַזוי, זעהט איהר, איז די רעגירונג אי פיין אי גוט און אויך ליבעראַל. זי האָט זיך מוסר נפש געווען און האָט געוואָלט טהון מעהר ווי איהר יכולת איז נאָר זי קאָן נישט. אַזאַ רעגירונג, זעהט איהר, פערדיענט שוין יעדענפאַלס צו בעקומען אַ הלואה...

און דאָס שענדליכסטע ביי אַזאַ קאָמעדיע איז, אַז עס געפינען זיך תמיד העלפער און העלפערס־העלפער, וועלכע פוצען די זאַך פיין אויס. דער פּעטערבורגער קאָרעספּאָנדענט פונ'ם „דיילי טעלעגראַף" איז מודיע זיין בלאַט, אַז „די רוסישע רעגירונג האָט געהאַט בעשלאָסען צו געבען פאַר יודענס וועגען רעכט, נאָר זי האָט מורא פאַר די מאָנאַרכיסטען, וועלכע פּראָטעסטירען שטאַרק דאַגעגען, און די דאָזיגע פּאַרטיי איז דאָך די איינציגע, אויף וועלכער די רעגירונג שטיצט זיך". די קאָרעספּאָנדענטען פון דעם פּאַריזער „מאַטען" און „פיגאַראָ" און פון נאָך פיעל אַנדערע פראַנצויזישע צייטונגען זענען מודיע, אַז זיי ווייסען פון די „גאַנץ זיכערסטע קוועלען", דאָס „אין די הויכע ספערען פון פּעטערבורג איז מען יעצט שטאַרק צערודערט דעריבער, ווייל די פּאַרבערייטונג פון אַ פּראָיעקט וועגען יודען־רעכט קאָן אַרויסרופען אַ בירגער־קריעג, און ווי עס ווייזט זיך אויס, וועט די פּאַרטיי פון די „עכט רוסישע" גובר זיין און יודען וועלען קיין רעכט שוין נישט בעקומען". און זאָגאַר אין פּעטערבורגער „טאָוואַריטשט" אַליין קומט הערר לוואָוו און איז מודיע, אַז אין „די ביוראָקראַטישע ספערען" האָט מען זיך מיאש געווען פון געבען רעכט פאַר יודינס וועגען, „ווייל מען וויל נישט צערייצען דאָס פאָלק". אוי, דאָס פאָלק, דאָס אייביגע פאָלק, מיט וועלכען מען סטראַשעט טאָג און נאַכט: אוי, די אייביגע פינף, זעקס

פּראָטעסטירענדע מאָנאַרכיסטען פון רוסלאַנד! אוי, דער בירגער־קריעג, וועלכער וועט אויסברעכען, ווען צוויי דריי יודען וועלען מעגען וואוינען אין צוויי דריי דערפער און ווען עטליכע יודען וועלען נישט מוזען בעצאָהלען צו דריי הונדערט רובעל פּאר אנטלאָפענע קרובים! און פּאָרט איז די וועלט אזוי נאַריש, אַז שוין מיט אַזעלכע נאַרישע, פּוסטע, קליינע מיטלען לאָזט זי זיך נאַרען ווי ווייט מען וויל! —

# פירצעהנטער בריעף

עס איז א זעהר, כאראקטעריסטישע ערשיינונג פאר רוסלאנד און פאר די צושטאנדען אין דעם דאזיגען אומגליקליכען לאנד: מיליאנען מענשען האבען אבגעזיפצט ווי פון א שווערען יאך און א געפיהל פון א גרענצלאזער שמחה האט פלוצלינג ארומגענומען אלע און האט געדויערט עטליכע טעג — און די אורזאך דערפון איז געווען יענע נאכריכט, וועלכע האט זיך פלוצלינג געזאלט הערען, אז עס נעהמט זיך ווידער צו א מלחמה צווישען רוסלאנד און יאפאן... ווי אומגליקליך מוז זיין א פאלק און ווי פערקנעכטעט מוז עס זיין און וויפיעל מוז עס ליידען אין דער „פריעדענסצייט", אז די איינציגע דערלייזונג און דאס איינציגע ביסעל אברוהען זיך פון זיינע אונמענשליכע צרות זעהט ער עס אינ׳ם קריעג! אין זיין שטילען ווינקעלע האט יעדער פאר זיך שטיל מתפלל געווען: רבונו של עולם, זאל זיך ווידער מאכען עפעס א רעכט שטיקעל מלחמה, אזוי אז זיי דארט אין די הויכע ספערען זאלען האבען צו טהון מיט זיך און אונז זאלען זיי אביסעל אבלאזען!... רבונו של עולם, לאז געשעהן דיין נס, אז די מענשען דארט אין יאפאן זאלען קריגען חוצפה פון טאג צו טאג מעהר און זאלען ארויסשטעלען פאדערונגען פון טאג צו טאג גרעסערע, אזוי אז די מלחמה זאל זיין אונפערמיידליך!... רבונו של עולם, זאלען שוין די מענשען פון אונזער הויכער רעגירונג האבען פערדרעהט די קעפ מיט עפעס א וויכטיגערע זאך, מיט שיקען מענשען און שיפען, מיט מאכען פלענער, מיט הרג׳ענען און געהר׳עט ווערען, מיט מאכען ליפערונגס־געשעפטען אין ווייטען מזרח, אבי זיי זאלען אויפהערען צו „רעגירען" פריעדליך און אונז דא אינ׳ם לאנד אזוי אונמעשליך צו פייניגען!... איך געדענק, די שריפטשטעלערין זשארזש סאנד, דערצעהלט אונז אין איינעם פון איהרע ראמאנען וועגען א מענשען, וועלכער האט מורא געהאט פאר פייכטיגקייט, און ווען ער האט געזעהן א וואלקען אויפ׳ן הימעל האט ער זיך פאר גרויס שרעק אריינגעווארפען אין טייך אריין. אזוי דענקט מען און אזוי פיהלט

מען יעצט אין רוסלאַנד. בעסער טויזענדמאָל אַ קריעג מיט אַלע זיינע שרעקליכע פאָלגען, איידער צו ווערען שטיקלעכוויז און ביסלעכוויז געהרג׳עט און געוואָרגען און געהאָנגען און געשאָסען פאַר גאָרנישט און ווידער נישט. פאַר אַ קריעג שרעקען זיך די מענשען ביי אונז אייגענטליך נאָר דערפאַר, ווייל זיי ווייסען, אַז נאָך אַ קריעג קאָן מען חלילה ווידער נעבען „קאָנסטיטוציע", און נאָך אַמאָל אויסצוהאַלטען און איבערצוטראָגען אַ קאָנסטיטוציע איז שיין פראָסט קיין כח נישטאָ.

די לאַגע יעצט אין רוסלאַנד איז אַזעלכע, אַז אפילו דער גרעסטער אָפּטימיסט זעהט נישט קיין אויסוועג. אין אַ היינטיגער מאָרגענצייטונג לייען איך: אין דעם וואַרשאַווער ציטאַדעל געפינען זיך אין היינטיגען חודש 24,744 פּאָליטישע אַרעסטירטע. פיער און צוואַנציג טויזענד, זיבענהונדערט פיער און פערציג! פון אָדעם קומען טאָג-טעגליך נאַכריכטען, וועלכע קאָנען איינעם דאָס בלוט געגליווערט מאַכען. די אַגענטען פון די „עכט-רוסישע לייט" טהוען אָב מעשים, וועלכע מען איז גאָרנישט אימשטאַנד צו בעשרייבען. זיי בעפאַלען מענשען אין די הונדערטער, און בעזונדערס יודען, און שלעפּען זיי אַוועק אין שטילע ווינקעלעך און אין קעלערס און שטיקערוויז רייסט מען פון זיי גלידער און מען שטעכט אויס אויגען און מען שניידט אויס צונגען און דאַן וואַרפט מען אַרויס די נאָך האַלב צאַפּעלדיגע גופים אויפ׳ן שנעע. און די אָדעסער צייטונגען האָבען בעקומען אזהרות, אַז זיי טאָרען דערפון קיין וואָרט נישט שרייבען, דען ווען יאָ, וועט מען מאַכען מיט זיי אין פיער און צוואַנציג שעה אַ סוף. גאַנץ אָדעס האָט אַרומגענומען אַ בהלה און מען ווייסט נישט וואָס מאָרגען וועט זיין. פון אַנדערע ערטער בעקומען מיר נאַכריכטען, אַז דער טויט און מאָרד און הרג׳ענען און שיסען נעהמט גאָר קיין סוף נישט. דאָס פעלדגעריכט אַליין האָט — לויט „אָנ׳אָפיציעלען" בעריכט פון קריעגס-מיניסטעריום בכבודו ובעצמו — אויפגעהאָנגען אין די לעצטע זיבען טעג 56 מאַן. זעקס און פוציג מאַן אין זיבען טעג צוזאַמען מיט די פריהערדיגע האָט דאָס פעלד-געריכט ביז איצט אומגעבראַכט 539 מאַן, מיט ווערטער: פינפהונדערט און ניין און דרייסיג! פון ערשטען ביז צום זיבענטען אָקטאָבער זענען אין פּעטערבורג אַליין אַרעסטירט געוואָרען 1233 מענשען.

טויזענד צווייהונדערט דריי און דרייסיג מענשען אין זעקס טעג! — וואָס וועט ווערען? וואָס וועט ווערען? און דערביי איז נאָך קיין טויזענד־סטעל נישט דערצעהלט פון דעם וואָס עס טהוט זיך אין יעדער שטאָדט און אין יעדען אָרט פון דעם דאָזיגען אונגעהויערען און כמעט אָהן א סוף גרויסען לאנד!

דער עולם איז געוואָרען גלייכגילטיג און יעדער גלויבען און יעדע האָפנונג האָבען אויפגעהערט. ביי די פאָריגע וואהלען צו דער דומא איז נאָך געווען צו זעהען עפּעס א ברען, עפּעס א שטיקעל התלהבות, עפּעס א מין קאָכעניש; וואו מען איז נישט אהינגעקומען, האָט מען גערעדט פון דער צוקונפטיגער דומא. עס זענען געווען תמימים געווען, וועלכע האָבען אין זייער נאאיוויטעט געגלויבט, אז עטוואָס וועט זיין — עטוואָס ווייניג־סטענס. ביי די איצטיגע וואהלען איז דאָס בילד גאָר אנ׳אנדערס. קיינער אינטערעסירט זיך נישט מיט די וואהלען, און ווען נישט דאָס ביסעל צייטונגען, וועלכע ליאַרמען נאָך אביסעל און וועלכע שטרענגען זיך אָן מיט אַלע כוחות מאַכען די וואהלען צום טעגליכען טעמא, וואָלט קיין מענש פונ׳ם געוועהנליכען עולם אפילו נישט געוואוסט דערפון, אז מען דאַרף געהן וועהלען. עס גלויבט אפילו א פּיצעלע קינד נישט מעהר, אז א דומא וועט עפּעס וואָס געבען. מען קוקט דערויף ווי אויף עפּעס א קאָמעדיע, און דערצו נאָך אזעלכע, וועלכע קאָן גאָר ווערען געפעהרליך פאַר יעדען, וועלכער קומט אין איהרע ד׳ אמות. אָדעס, למשל, אין איהר גרויס פּחד פאַר דער „שווארצע הונדעט" און פאַר דער „ווייסער גוואַרדיע" און פאַר די „עכט רוסישע", האָט זיך אָבגעזאָגט אינגאנצען פון אָנטיילנעהמען אין די וואהלען צו דער קינפטיגער דומאָ.

דער עולם האָט ביסלעכווייז פערלוירען דעם אינטערעס, גאָר אינגאנצען פאַר דעם טאַראַראַם, וואָס טהוט זיך אַרום זיי. אָט איז געווען אין טווער דער אָנפאַל אויף גראַף אַלעקסיי פּאַוולאָוויטש איגנאַטיעוו, און דער גראַף איז געפאַלען. איך קאָן מיר משער זיין, וועלכען רושם דער דאָזיגער טויט וואָלט אַרויסגערופען אין אנ׳אנדערער צייט, און גאַנץ בעזונדערס צווישען יודען אין רוסלאַנד. פאַר יודען אין רוסלאַנד איז אַמאָל געווען א צייט — אין די 80־ער יאָהרען — אז מיט דעם נאָמען „איגנאַטיעוו" האָט מען גע-

שראָקען קליינע קינדער, עס איז גענוג צו וויסען, אַז דער דאָזיגער איגנאַ־טיעוו איז אַ ברודער פון יענעם, וועלכער האָט אין יאָהר 1882 געמאַכט די בעריהמטע "צייטווייליגע" מאַי-געזעצען, פון וועלכע מיר קאָנען נישט קומען צו זיך ביז צום היינטיגען טאָג. עס איז גענוג, אַז מען דערמאָהנט זיך, דאָס יענער ברודער איגנאַטיעווס איז דער דאָזיגער, וועלכער האָט ערפונדען די חכמה פון פּאָגראָמען געגען יודען און זיי דויערען שוין זינט דעם יאָהר 1881 ביז איצט. ספּעציעל וואָס בעטרעפט דעם איגנאַטיעוו, וועלכער איז איצט גע'הרג'עט געוואָרען, ווייסען מיר, אַז זינט עס זענען דאָ רעאַקציאָנערע גייסטער אין רוסלאַנד, איז נאָך אַזאַ רעאַקציאָנער נישט גע-ווען. ער איז אין דער דאָזיגער הינזיכט געווען די קווינט-עסענץ פון אַ סערגיי און אַ פּלעווע און אַ פּאָביעדאָנאָסצעוו אינאיינעם; טרעפּאָוו איז אַקעגען איהם געווען אַנ'אונשולדיג קינד פון אַ יאָהר. און די הויפּט־זאַך איז, אַז אין די העכסטע ספערען האָט מען פון איהם געהאַלטען עולם ומלואו און געקוקט האָט מען אויף איהם ווי אויף דעם צוקונפטינען הויפּט-רע־דעלפיהרער און הויפּט־מיניסטער און הויפּט־דיקטאַטאָר פון רוסלאַנד. און פּאָרט האָט זיין פּלוצלינגער טויט אין די ברייטע פּאָלקס־שיכטען קיין שום רושם נישט געמאַכט. דער עולם האָט פערלוירען יעדע האָפנונג און יעדען גלויבען און יעדע אויסזיכט אויף עפּעס בעסערס. וואָס נוצט עס, ווען איין רעאַקציאָנער איז געפאַלען? די רעאַקציע איז געבליבען! עפּעס ווי אַ מין פאַטאַליזם האָט ארומגענומען אַלע: מען ווייסט למפרע, אַז צוואַנציג אַנ־דערע רעאַקציאָנערען וועלען אויפשטעהן איבערנאַכט...

מען איז אַזוי גלייכגילטיג געוואָרען, אַז אפילו די לעצטע נאַכריכטען וועגען נייע מיניסטאָרען אין רוסלאַנד האָבען קיין שום איינדרוק נישט געמאַכט. מישטיינס געזאָגט וואָס פאַרא גליקען קאָנען שוין ארויסקומען דערפון? איבריגענס פיהלט מען, אַז די גאַנצע מעשה מיט בייטען דעם קאַבינעט איז נישט מער, ווי עפּעס אַ הויף-אינטריגע. מען האָט דאָ צו טהון מיט פאַמיליערע אינערליכע עסקים. עטליכע הויכע טשינאָווניקעס שפּיעלען פּראָסט אַ „מעטש" צווישען זיך, ווער פון זיי זאָל זיין דער הערר איבער דעם נייען „קאָנסטיטוציאָנעלען" רוסלאַנד — דאָס הייסט, ווער זאָל זיין פּרעמיער. זאָל עס בלייבען דער ערפאַהרענער ערפינדער פון די פעלד־

געריכטען, אָדער זאָל עס זיין דער רייכער גרויס-גרונדבזיצער פירשט וואַ-סילטשיקאָוו, אָדער זאָל עס גאָר ווערען דער אַלטער ביטרער פּאָליטישער קונצען־מאַכער און אַוואַנטוריסט וויטע? פריהער, אַז עס האָט זיך געמאַכט אַזאַ שטיקעל „מעטש”, האָט מען געפּלעגט נאָך ווי עס איז זיך אַרומהענגען מיט עפּעס אַ מענטעלע, וועלכעס זאָל געפעלען דער מאַסע; מן האָט גע־רעדט פון „בערוהיגונג„ מען האָט געדרשנ'ט פון „ליבעראַליזם” און מען האָט זיך אויסגעזוכט נאָך אַזעלכע שעהנע ווערטלעך. נאָך פּלעווען איז געקומען דער טשינאָווניק סוויאַטאָפּאָלק מירסקי מיט זיין ווערטעל וועגען „פריהלינג„; נאָך בוליגין איז געקומען וויטע מיט זיין „בערוהיגונג” און זיינע „רעפאָרמען”. דאָס אַלעס איז געוועזן צו יענער צייט אַזאַ דעקאָראַציע, וועלכע מען האָט געדאַרפט. איצט איז געקומען אַ צייט, וואָס מען ברויכט שוין די גאַנצע קאָמעדיע אויף טויזענד שאָק כפרות. עטליכע הויכע קאַר־יעריסטען האַלטען מלחמה צווישען זיך הינטער די קוליסען, ווער פון זיי זאָל נעהמען די הערשאַפט אין האַנד אַריין, און דער, וועלכער וועט קאָנען בעווייזען, אַז זיין הערשען וועט זיין דאָס פינסטערסטע און שרעקליכסטע און רעאַקציאָנערסטע — דער וועט דאָס ציעל דערגרייכען. — איבריגענס איז אַ רחמנות, אַז מען זעהט, ווי וועניג מענשען מיט פעהיגקייטען עס מוזען זיין אין רוסלאַנד, ווען מיט איין מענש וויל מען אַלע לעכער פערשטאָפּען. איך רעד דאָס אַקעגען וויטע. וואָס האָט מען שוין נעבעך נישט אַלץ גע־מאַכט פון דעם אָרימען וויטע? מען בעדאַרף אַנ'אָנלייהע — שיקט מען וויטע'ן. מען בעדאַרף אַ שלום — ווידער איז וויטע. קאָנסטיטוציע — וויטע פאַבריצירט זי. רעוואָלוציע — וויטע איז דער לעשמייסטער פון איהר. און מאַכט זיך עפּעס אַ ניי שטיקעל עסק מיט יאַפּאַן — עס שווימט שוין ווידער אַרויף דער אַלטער וויטע. אָבער, ווי געזאָגט, אינטערעסירט זיך דער עולם כמעט אַזוי ווי גאָרנישט מעהר מיט די דאָזיגע אַלע נאַכריכטען. ער האָפּט און דערוואַרט פון זיי נישט דאָס מינדעסטע. זאָלען דאָרט די אינטריגעס הינטער די קוליסען זיך ענדיגען; אַ נוצען פאַר'ן פאָלק וועט פון זיי נישט אַרויסקומען. מען האָט אויפגעהערט צו גלויבען.

מען האָט זיך נישט אינטערעסירט זאָגאַר מיט די נאַכריכטען אין די לעצטע טעג שוין ווידער וועגען עפּעס רעכט פאַר יודענס וועגען — און

אפילו יודען אליין האָבען גלייכגילטיג געלייענט די דאָזיגע נאַכריכטען ... מען איז שוין מישטיינס געזאָגט אזוי שטאַרק געוועהנט צו דער דאָזיגער קאָמעדיע, אַז זי מאַכט שוין גאָר קיין איינדרוק נישט מעהר. ווי אָבער די מעשה איז, האָבען מיר שוין ווידער געהאַט די זכיה אין פערלויף פון דער היינטיגער וואָך צו זעהען אויפפיהרען דאָס בעקאַנטע טעאַטער־שטיק מיט זיינע צוויי אקטען. ערשטער אקט: אַ טעלעגראַם פּלוצלינג פון פּעטערבורג, אַז מען האָט אין די הויכע ספערען שוין ווידער זיך מישב געווען און איינגעזעהן, אַז מען מוז יודען געבען געוויסע רעכט נאָך איידער די דומאַ וועט זיך צונויפקומען, און מען וועט טאַקי מבטל זיין די בעריהמטע מאַי-געזעצען און נאָך און נאָך. צווייטער אקט: די רעגירונג האָט איינגעזעהן, אַז די ריכטיגע צייט פאַר יודען־רעכט איז נאָך נישט געקומען, און האָט דערווייל דעם שוין פערטיגען פּראָיעקט אוועקגעלעגט אָן אַ זייט — —.

# פופצענטער בריעף

אוי, די „רוהע” אין רוסלאַנד! וואָס זאָגט איהר אַביסעל צו דער דאָזיגער רוהע אין אונזער רוסלאַנד? איגנאַטיעוו געהרג'עט, פאָן דער לוי-ניץ געהרג'עט, פאַוולאָוו געהרג'עט — און דאָס אינגאַנצען אין פערלויף פון בלויז עטליכע טעג. און לויטער אַזעלכע קאָרפּען־קעפּ, לויטער אַזעלכע גרויסע! ווי עס ווייזט זיך אויס, האָבען די מיטגלידער פון דער ס. ר. (סאָציאַל רעוואָלוציאָנערע) פּאַרטיי אויגענבליקליך פאַר זייערע אויגען נאָר איין ציעל: זיי האָבען געזעהען, ווי מען בענוצט זיך טאָג טעגליך מיט דעם גרויסען ליגען פון דער רוהע אין רוסלאַנד, ווערהענד פאַקטיש לעבט אַלעס ווי אויף אַ וואולקאַן, זיי האָבען געזעהען ווי מען פערשפּרייט סיסטעמאַטיש די דאָזיגע אַנזיכט פון אַ רוהע און אַ בערוהיגונג און מען וויל ביד חזקה, אַז אַ גאַנצע וועלט זאָל דערין גלויבען, זיי האָבען געזעהען, ווי ביסלעכווייז הויבט אַ וועלט טאַקי אָן צו גלויבען דערין און אין אויסלאַנד ווערט וואָס־אַמאָל פעסטער די איבערצייגונג, אַז אַלעס איז שוין, גאָט זיי דאַנק, על צד היותר טוב, דאָ זענען זיי געקומען און האָבען געוואָלט אויסראָטען מיט'ן וואָרצעל די דאָזיגע פאַלשע מיינונג, און האָבען דערלאַנגט עטליכע גרויסע שטאַרקע קלעפּ נאָכאַנאַנד, איינמאָל און צווייםמאָל און דריימאָל, אַז עס האָט געהילכט אין דער גאַנצער וועלט. און דער ערפאָלג דערפון איז געווען אַ גרויסער, אַנ'איבערראַשענדער: אין אויסלאַנד האָבען זיי פּלוצלינג אויפ־געשטעלט די אויערען און האָבען געהאָרכט. עפּעס איז עס דאָך גאָרנישט, ווי מען שרייבט אין די צייטונגען, אַז דאָ און דאָרט און אומעטום און יע־דען טאָג קריגט די פּאָליציי אין איהרע הענד אַריין גאַנצע מחנות פון רע־וואָלוציאָנערען מיט זייערע אַרכיוועןן און מיט זייערע רעוואָלווערען און ביקסען און באָמבעס, אַזוי אַז די „רעוואָלוציע איז שוין אינגאַנצען דער־שטיקט”; עפּעס זעהט מען דאָך גאָר אומגעקעהרט, אַז חברה, ווען זי וויל, קאָן זי צוקומען צו אַזעלכע מקומות וועלכע זענען אָבגעהיט דורך אונ־גלויבליכע שמירות, און קיין שום טהיר איז נישט פאַר זיי גענוג שטאַרק

פערשלאָסען און קיין שום מענש איז נישט פאַר זיי גענוג שטאַרק פערהיט, און עס העלפען נישט און עס נוצען ניט אַלע יענע שמירות און אַלע יענע געהיים־פּאָליציעס און אַלע יענע געהיים־זשענדאַרמעריעס, וואָס ווייסען אַלעמאָל אַלץ און וואָס ענטדעקען אַלעמאָל אַלץ, און וועלכע קאָסטען אָב מיליאָנען. אָט איז איינער צוגעקומען פראַנק און פריי צו איגנאַטיעוו׳ן, צו דער הויפּט־שטיצע פון דער רעאַקציע, אויף וועלכען דאָס רעאַקציאָנערע רוסלאַנד האָט געבויט פּיתום ורעמסס, און האָט איהם אַוועקגעלעגט אין אַ העלען, ליכטיגען טאָג; אָט איז אַ צווייטער צוגעקומען ביז צו פאָן דער לויניץ, דעם טאַטען פון דער געהיימער פּאָליציי, וואָס האָט ביי זיך אין קאַבינעט געהאַלטען די פעדים פון דער גאַנצער געהיימער רעוואָלוציאָנערען־בעוועגונג אין פּעטערבורג, דער אייגענער, וועלכער האָט נאָך אַ טאָג פאַר זיין טויט זיך בעריהמט פאַר אַן׳אויסלענדישען קאָרעספּאָנדענט, אַז ס׳איז נישטאָ קיין פּלאַן פון אַן׳אָנפאַל אין פּעטערבורג, וועלכער זאָל איהם נישט זיין שוין בעקאַנט, און אָט איז יענער פלוצלינג געשטאַנען הארט נעבען איהם, אין אַ שוואַרצען פראַק מיט אַ ווייסער האַלז־בינדע, יום־טוב׳דיג און הייליג ערנסט ווי ער אַליין, און האָט איהם אַוועקגעלעגט מיר נישט, דיר נישט; אָט איז אַ דריטער צוגעקומען ביז צו פּאַוולאָוו, דער אויבער־פּראָקוראָר פון קריעגס־געריכט, וועלכער האָט קיינמאָל נישט געזאָגט גענוג און אַז אַ קריעגס־געריכט האָט אַמאָל פריי געשפּראָכען אַ בעשולדיגטען, האָט ער נישט גערוהט ביז ער האָט אַפּעלירט און האָט דורכגעזעצט, אַז יענער זאָל בעשטראָפט ווערען, דער אייגענער, וועלכער האָט אין דער דומאַ, אויב איהר געדענקט, אָנגעהויבען האַלטען אַ פערטיידיקונגס־רעדע אין נאָמען פון די מיניסטאָרען און די דומאַ־דעפּוטאַטען האָבען געשריען: „מערדער! בלוט־פערגיסער!״ און האָבען איהם נישט געלאָזט אויסרעדען און ער האָט געמוזט שווייגען, און אָט איז מען צוגעקומען ביז צו איהם אַליין, און איינס, צוויי, דריי, און עס איז נישט געווען מעהר קיין פּאַוולאָוו. און אָט דערצעהלען די צייטונגען פון אַ רשימה, וועלכע די פּאָליציי האָט ענטדעקט פאַר צוויי, דריי וואָכען, און אין דער דאָזיגער רשימה זענען אויסגערעכענט אַלע „הויכע פערזענליכקייטען״, וועלכע די רעוואָלוציע האָט פער׳משפּט צום טויט, און צווישען זיי זענען געווען אויך די דריי, וועלכע זענען שוין יעצט

געפאַלען, און חוץ זיי איז געווען אויסגערעכענט נאָך אַ גאַנצע מחנה, אַזוי אַז מען ווייסט נישט, וואָס וועט נאָך ערשט זיין מאָרגען און איבערמאָרגען און אין די נעכסטע טעג און וואָכען. אוי, די „רוהע״ אין אויסלאַנד!

און נאָך איינס. איהר מעגט זאָגען וואָס איהר ווילט: עס מאַכט פאָרט, נישט ווילענדיג, אַ מעכטיגען איינדרוק, ווען מען בעטראַכט, מיט וועלכער מסירות-נפש יענע לייט אַרבייטען. רופט עס אַנ׳אונערשיטערלי-כען גלויבען אין זייער אידעאַל, רופט עס אַ הייליגען פאַנאַטיזם, רופט עס ווי איהר ווילט, אָבער אַ מין דרך־ארץ קריגט מען פאַר זיי, ווען מען זעהט, ווי זיי קומען אין די צעהנדליגער און די הונדערטער און די טויזענ-דער, איינער נאָכ׳ן אַנדערען, און טהוען זייער „פליכט״ און שווייגען, און ווי זיי דרעהען דאַן אויס דעם רעוואָלווער, מיט וועלכען זיי האָבען דעם מענשען דערשאָסען, אויך געגען זיך, און דערשיסען זיך זעלבסט רוהיג און שטיל און אָהן אַ שום פּאַטאָס. עס האָט זיך עפּעס אויסגעבילדעט אַ מין כאַראַקטער, אַ מאָדערנער, וועלכער איז פריהער גאָרנישט געווען און וועלכער מעג בעשעפטיגען די פסיכאָלאָגען. וואָס בעדייטען געגען דעם אַלעם די „געשריבענע״ העלדענטהאַטען פון די פאַרצייטיגע גריכישע און רוימישע העלדען!

און דער ערפאָלג פון די דאָזיגע טהאַטען איז אַ דאָפּעלטער: ערשטענס, ווי געזאָגט, דער איינדרוק אין אויסלאַנד, וועלכעס מוז סוף-כל-סוף אויפ-הערען צו גלויבען אין דער בבא-מעשה מיט דער בערוהיגונג, און צווייטענס, דער איינדרוק אויף אונזערע הויכע ספערען אַליין. עס איז געוואָרען אַ שטי-קעל מהומה. מען האָט אויף איין אויגענבליק פערלאָרען דעם זעלבסט-בטחון און דעם גלויבען אין דער אונפעהלבאַרקייט פון די מיטלען, וועלכע מען האָט אָנגעווענדעט ביז יעצט, און אַ געוויסע נערוועזע אונרוהיגקייט האָט אַלע אַרומגענומען. וואָס נוצען די טויזענד רעפאָרמען און וואָס האָט מען אויפגעטהון מיט די אומגליקליכע פעלד-געריכטען און וואָס האָט מען פערהיט און בעוואָרענט דורך די אויפזיכטס-צושטאַנדען און די פער-שאַרפטע אויפזיכטס-צושטאַנדען און די קריעגס-צושטאַנדען און די בע-לאַגערונגס-צושטאַנדען, מיט וועלכע מען האָט רואינירט אַ גאַנץ לאַנד מיט זיין קולטור און זיין עקאָנאָמישער לאַגע? — ווי עס ווערט דערצעהלט,

איז באַלד נאָך דעם אָנפאַל אויף דעם פּעטערבורגער שטאָדט־אויבער־הויפּט־
מאַן פאָן דער לויניץ געווען אַ גרויסע בעראַטונג פון אַלע מיניסטאָרען און
נאָך אַנדערע הויכע פּערזענליכקייטען ביז 60 מאַן, און אויך וויטע איז
געווען איינגעלאַדען, נאָר ער איז נישט געקומען. די בעראַטונג האָט גע־
דויערט 10 שטונדען. אין דער איינלייטונגס־רעדע איז פאָרגעקומען דאָס
וואָרט, אַז „די בלוטיגע פּראָבע וועלכע מען האָט געמאַכט זינט 5 חדשים,
דאָס לאַנד צו בערוהיגען, האָט נישט געבראַכט דעם רעזולטאַט, צו וועלכען
מיר האָבען געשטרעבט". סטאָליפּין אַליין, דער טאַטע פון דער דאָזיגער
פּראָבע, איז געווען אַביסעל צעקאָכט און האָט מודה געווען, אַז זיין סיסטעם
האָט „פאָרלויפיג" נישט געבראַכט רוסלאַנד דאָס, וואָס ער האָט געוואָלט
ברענגען, אָבער וואָס זאָל מען טהון, ווען עס איז נישט פאַרהאַן קיין אַנדער
מיטעל, מיט וועלכען מען זאָל קאָנען בעסער מאַכען ; ווען מען זאָל יעצט
פלוצלינג ביימען דעם קורס און אָבשאַפען די פעלד־געריכטען און די קריעגס־
צושטאַנדען, וועט די אַנאַרכיע געווים ווערען שטאַרקער. נאַטירליך, זענען
געווען אויך אַזעלכע, וועלכע האָבען געזאָגט אדרבא, מען מוז נאָך פער־
שטאַרקען די רעפּרעסיעס און מען מוז מאַכען ,אַז יעדע רעוואָלוציאָנערען
ערשיינונג זאָל זיין אונמעגליך. קודם־כל מוז מען זעהען געלד צו קריגען
און מען מוז פערשטאַרקען די געהיים־פּאָליציי. מען מוז ערקלערען יעדעס
אָרט, וואו עס וועט פאָרקומען אַנ'אָנפאַל, אין קריעגס־צושטאַנד. מען
מוז פערשליסען יעדע צייטונג, וועלכע וויזט אַרויס עפּעס אַ רעוואָלוציאָנערע
נייגונג. מען מוז פערביטען אַלע פּראָפעסיאָנעלע פעראיינען, און בנוגע צו
דער דומאַ, האָבען די דאָזיגע אַרויסגעזאָגט זייער מיינונג, אַז אַזוי ווי סוף
כל סוף, נאָך אַלע בעמיהונגען, וועט די דומאַ געווים זיין גענוג ליבעראַל,
דערום וועט זי מוזען ווערען באַלד פונאַנדערגעלאָזט און מען וועט מוזען
ערקלערען, אַז אַזוי ווי ס'האָט זיך אַרויסגעוויזען, אַז דאָס רוסישע פאָלק
איז נאָך נישט פעהיג צו אַ פּאָליטיש לעבען, דעריבער מוז די דומאַ אָב־
געלעגט ווערען „אויף אַ געוויסע לענגערע צייט". אָבער פון דער אַנדערער
זייט זענען געווען אויף אַזעלכע, וועלכע האָבען געטענה'ט און האָבען גע־
זוכט צו בעווייזען, אַז דאָס סיסטעם פון דער רעפּרעסיעס־פּאָליטיק איז
באַנקראָט און מען מוז זעהען וואָס גיכער מבטל צו זיין די פעלד־קריעגס־

געריכטען און די קריעגס-צושטאַנדען און אַלע אויסנאַהמס־צושטאַנדען, זעלבסטפערשטענדליך, איז געווען אויך אַ דריטע גרופּע, אַ פּשרה־מאַכער־חברה, וועלכע האָט געזאָגט אי דאָס אי יענץ און האָט פאַרגעשלאָגען, אַז מען מוז זיך האַלטען אַביסעל אַזוי און אַביסעל אַזוי. יעדענפאַלס זעהען מיר, אַז די לעצטע מעשים האָבען געמאַכט אין יענע ספערען אַ שטאַרקען איינדרוק. איך האָב מורא, אַז צום סוף וועט איבערבלייבען נאָר דער „ליבעראַלער" סטאָליפּין אַליין, וועלכער וועט זיך זעלבסט האַלטען ביי זיין סיסטעם און וועט נישט לאָזען צוריהרען זיך צו זיין „ליבעראַלער טעטיג־קייט". אַ ליבעראַלער מיניסטער — דאָס איז אַ קראַנקהייט.

און אפשר איז פאַרהאַן נאָך אַזעלכער, וועלכער איז נישט איבערצייגט פון דעם ליבעראַליזם פון אונזער סטאָליפּין און פון זיין ליעבע צו פרייע רעפאָרמען, גאַנץ בעזונדערס בנוגע יודען, איז גענוג, דאַכט זיך, אַז איך וועל דאָ ברענגען דעם אינהאַלט פון אַן'ארטיקעל, וועלכער איז געווען אָב־געדרוקט אין דעם „ריגאַער טאַגעבלאַט" און אין וועלכען עס ווערט גערעדט וועגען דער עמאַנציפּאַציע פון יודען אין רוסלאַנד בכלל און וועגען דעם פּראָיעקט פון די זכיות, וועלכע מען האָט געוואָלט זיי געבען און געגעבען האָט מען נישט. דער מחבר פון יענעם פּראָיעקט איז געווען, לויט דער דער־מאָהנטער צייטונג, סטאָליפּין אַליין. סטאָליפּינס אַנזיכט איז געווען אַזוי: יודען געהערען נישט צו די פּראָדוקטיווע עלעמענטען פון דער מענשהייט, און זיי לעבען, הויפּטזעכליך אין די דרום'דיגע און מערב־דיגע גובערניעס, נאָר פון דער פּראָדוקטיווער אַרבייט פון די רוסען, און אַז ווען מען וואָלט געגעבען יודען גלייכע רעכט, וואָלט דאָס געווען אַן'אונבערעכענבאַרער עקאָ־נאָמישער שאָדען פאַר אַלע אַנדערע איינוואוינער פון רוסלאַנד. די אַלגע־מיינע אינטערעסען פון דעם גאַנצען לאַנד, טענה'ט דער פּראָיעקט־מאַכער ווייטער, פערלאַנגען, אַז די נייע רעכט פון יודען זאָלען זיך האַלטען אין אַלגעמיין אין די גרעניצען ווי ביז אַהער. דער כאַראַקטער פון די יודען איז גרונדפערשידען פון דעם כאַראַקטער פון די רוסען, און די אייגענטמיט־ליכקייטען פון אַ ראַסע ענדערען זיך נישט. עס קאָן אַלזאָ נישט זיין קיין שום רייד וועגען אַווירקליכער עמאַנציפּאַציע פון יודען. מען קאָן נישט ערלויבען, אַז די גרעניצען פון דעם תחום המושב זאָלען ווערען אמת'דיג

פערברייטערט און מען זאָל מבטל זיין אַלע ביזהעריגע בעגרענצונגען, הן בנוגע צו זייער נאָרמע אין די שולען, הן בנוגע צו טויזענד אַנדערע זאַכען. העכסטענס, קאָן מען זיי נאָר געבען געוויסע הנחות אין זייער תחום־המושב גופא און אַזוי ווייטער און אַזוי ווייטער. רבונו של עולם, איז דאָס נישט די שפּראַך און דער נוסח און דער גאַנצער פּזמון פון די פערברענטע בעקאַנטעסטע אַנטיסעמיטען?

און האָט נישט די „נאָוואָיע ווערעמיא״ אַלעמאָל אַזוי געשריבען? און טענה׳ן נישט אַזוי גרינגמוט און קרושעוואַן און די גאַנצע קאָמפּאַניע?

און אויך חוץ דעם איז עס ביי אונז נישט גאַנץ פרעהליך. איך האָב שוין אין מיין לעצטען בריעף אייך דערצעהלט פון דעם שרעקליכען לאָדזער לאָקאַאוט און ווי אונטער דער אָנפיהרונג פון דעם בעקאַנטען לאָדזער מיליאָנער פּאָזנאַנסקי זענען 100,000 — יעצט שוין מעהר ווי 100,000 — מענשען געבליבען אָהן ברויט און אָהן אַ דאַך, און האָב געזאָגט, אַז איך האָב מורא, די נקמה זאָל נישט באַלד קומען און די אַרבייטער, וועלכע האָבען נישט מעהר וואָס צו פערלירען, זאָלען נישט ענטפערען מיט באָמבעס און מיט רציחות דער אָנהויב פון די דאָזיגע מעשים האָט זיך שוין געוויזען. נעכטען ביינאַכט זענען 15 פּאַרשוין אריין אין די פיליע פון פּאָזנאַנסקי׳ס געשעפט, וועלכע איז אין וואַרשאַ, און האָבען בעגאָסען די סחורות מיט פיטריאָל און האָבען דערשאָסען דעם געשעפטס־פיהרער און אַ צווייטען האָבען זיי געפעהרליך פערוואונדעט און אויך די אַנדערע, וועלכע זענען געווען אין געשעפט, האָבען געליטען. עהנליכע שרעקליכע נאַכריכטען זענען היינט אָנגעקומען אויך פון לאָדז. און פּאָרט טענה׳ט פּאָזנאַנסקי אין אַנ׳אינטערוויו מיט דעם קאָרעספּאָנדענט פון „בירזשעוויע וויעדאָמאָסטי״, אַז דאָס איינציגע מיטעל צו צווינגען די אַרבייטער, אַז זיי זאָלען נאָכגעבען, איז דער הונגער.

# זעכצענטער בריעף

אפשר גאַנצע דריי טעג, נאָך די דריי גרויסע אָנפֿאַלען אין פּעטערבורג, האָט דער עולם אין די הויכע ספערען געהאַט פֿערלוירען דעם קאָפּ אויף די פּלייצעס און דעם באָדען אונטער די פֿיס און איז געווען ווי צערודערט און האָט נישט געוואוסט וואָס צו טהון. ווי גרויס די מהומה דאָרט האָט געמוזט זיין, זעהט מען דערפֿון, אַז מען האָט אַזש גערעדט אין די פֿערזאַמלונגען אויך פֿון אָבשטעלען די רעפּרעסיעס־פּאָליטיק און פֿון נעהמען זיך באמת׳דיג צו געבען פֿרייהייטען. ביוראָקראַטען אין רוסלאַנד רעדען וועגען געבען פֿרייהייטען — דער סוף פֿון דער וועלט איז געקומען! זעלבסטפֿערשטענדליך, האָט די דאָזיגע שוואַכקייט געדויערט נאָר עטליכע מינוט, עטליכע שעה, העכסטענס אַ טאָג. אַ טאָג שפּעטער האָבען די הערען זיך געשעמט צו קוקען איינער דעם אַנדערען אין די אויגען. און שנעל האָט מען אָנגענומען די רעזאָלוציע, אַז אַלץ בלייבט ביים אַלטען: סטאָליפּין זאָל לעבען און זיין סיסטעם זאָל לעבען און זיינע רעפּרעסיעס זאָלען לעבען! אדרבא, די רעפּרעסיעס מוזען נאָך פֿערשאַרפֿט און פֿערמעהרט און פֿערגרעסערט ווערען! מען מוז זעהען צו זוכען געלד־מיטלען, כדי צו קאָנען פֿערגרעסערען און פֿערשטאַרקען די אינסטיטוציע פֿון דער געהיים־פּאָליציי!

— און אַלעמאָל, ווען איך קום צו אַזאַ ווענדונג אין דער אינערליכער פּאָליטיק פֿון רוסלאַנד, מוז איך געדענקען די מעשה פֿון פּרעה מיט זיינע מכות, און ווי יעדעסמאָל ווען עס קומט אַ מכה, ווערען פֿרייהייטען געגעבען, און ביי יעדען מאָל ווען די מכה הערט אויף, נעהמט מען צוריק דאָס, וואָס מען האָט געגעבען. און דאָס ווידערהאָלט זיך אַזוי צעהן מאָל און הונדערט מאָל און טויזענד מאָל. מען גיט און מען נעהמט צוריק, מען גיט און מען נעהמט צוריק. קוים הערט די מכה אויף אַ מינוט לאַנג, בלייבט שוין ווידער אַלץ ביים אַלטען. דאָס איז, ווי עס ווייזט זיך אויס, נישט בלויז די נאַטור פֿון פּרעה, נאָר פֿון אַלע פּרעה׳ס אין אַלע צייטען און אַלע מקומות. עס איז דער פּרעה׳איזמוס.

בקיצור, עס איז געבליבען, אז מען מוז די רעפּרעסיעס פערגרעסערען. פערגרעסערען? איך האָב רחמנות אויף די הערען אין סטאָליפּינס קאַבי־נעט און אויף סטאָליפּינען אליין. ווי וועלען זיי דאָס קאָנען? מיר דאַכט זיך אז אַ מענש מיט טויזענד קעפּ איז אויך נישט מעהר אומשטאַנד, אויסצוקלערען עפּעס אַ נייע רעפּרעסיע אין רוסלאַנד. סיידען מען זאָל זיך ענטשליסען, יעדען מענשען אין רוסלאַנד צווייִמאָל אין איין טאָג איינצו־זעצען און צווייִמאָל נאָכאַנאַנד צו פערשיקען קיין סיביר און צווייִמאָל נאָ־כאַנאַנד אויפצוהענגען אָדער צו דערשיסען.

עס איז לייכט צו זאָגען נייע רעפּרעסיעס. געהט, זייט מוחל, און גע־פינט מיר אַ רעפּרעסיע, וועלכע זאָל זיין שטאַרקער, למשל, פון דער רע־פּרעסיע, מיט וועלכער מען בענוצט זיך אין אַ געפענגעניש אין סמאָלענסק געגען 400 אַרעסטאַנטען, וועגען וועלכע די „רוסקיע וויעדאָמאָסטי” שרייבט פאָלגענדעס: „... באַלד ווי מען אָט זיי געבראַכט, האָט מען זיי אָנגע־טהון אין אַזאַ וועש, וועלכע קיינער — פון דעם אינטעליגענטען ביז צום פויער און ביז צום פּראָסטען מאַטראָז און סאָפּיאָר — האָט נישט געקאָנט פּערטראָגען, אַזוי גרויס איז געווען דער עינוי. די העמדער זענען געווען פון אַזאַ לייווענט, וועלכע איז אפילו אויף זעק צו גראָב; אויך זענען זיי געווען זעהר שמוציג, נישט געוואַשען נאָכדעם ווי די פריהערדיגע אַרעס־טאַנטען האָבען זיי געטראָגען, און האָבען אָנגעמאַכט וואונדען אויף די קערפּערס פון די אומגליקליכע. דאָס אייביגע בייסען און די אויסשלעג און די הויט־קראַנקהייטען זענען געוואָרען אונערטרעגליך. די אומגליקליכע האָבען אָנגעהויבען פּראָטעסט צו פוילען. זיי האָבען זיך געבעטען, מען זאָל זיי ערלויבען אָנצוטהון זייערע אייגענע וועש, האָט מען זיי אָבגעזאָגט; דאַן האָט די געפענגעניש־אַדמיניסטראַציע שוין געוואָלט זיי צוליעב טהון, איז אָנגעקומען אַ בעפעהל פון פּעטערבורג, אז מען זאָל זיך נישט דערוועג־גען נאָכצוגעבען — און אַזוי האָבען זיך די אַרעסטאַנטען בעשלאָסען, צו מאַכען אַ מערקווירדיגען שטרייק: זיי האָבען פון זיך אַראָבגעוואָרפען די וועש און געהען אַרום טאָג און נאַכט נאַקעט”...

די רעפּרעסיעס זאָל מען פערגרעסערען: — דאָס בלוט אין די אָדע־רען קאָן איינעם גערונען ווערען, ווען מען געהט דורך דעם חשבון פון די

קרבנות, וועלכע זענען געפאַלען אין פערלויף פון היינטיגען יאָהר (און דער חשבון איז נאָר לויט די אָפיציעלע ידיעות, און באופן זה איז ער טהאטזעכ־ליך אודאי דרייפאַך גרעסער). עס זיינען געהרג'עט געוואָרען 26,000 מאַן, און פערוואונדעט זענען געוואָרען 31,000, אויסער די וועלכע זענען אומ־געקומען בשעת די „בערוהיגענען" פון די שטאָרף-עקספעדיציעס אין אַ צאָהל, וועלכע איז גאָרנישט אויסצוצעהלען. מיר בלייבען אַלזאָ פאָרלויפיג נאָר ביי דער אַרמעע פון 57,000 מאַן געהרג'עטע און פערוואונדעטע! — אין דעם רעוואָלוציאָנערען טעראָר און אין'ם טעראָר פון דער רעגירונג זענען געהרג'עט געוואָרען 1,100 מאַן, און פערוואונדעט זענען געוואָרען 1,640, אויסער די, וועלכע זענען געפאַלען לויט טויט־אורטיילען פון די „געריכטען". נאַטירליך, מוז מען אויך רעכענען די, וועלכע זענען געהרג'־עט געוואָרען דורך רעוואָלוציאָנערען: 75 גענעראַלען און גענעראַל־גובער־נאַטאָרען און שטאָדט־אויבערהויפט-מענער, ווי אויך 410 געהרג'עטע און 453 פערוואונדעטע פון פּאָליציי-בעאַמטע. לויט אורטיילען פון קריעגס־געריכטען, און בעזונדערס פון פעלד־געריכטען, זענען אומגעבראַכט געוואָ־רען 1010 מאַן, נישט רעכענענדיג די 760 מאַן, וועלכע מען האָט דערשאָסען אין די באַלטישע פּראָווינצען. די צאָהל פון די, וועלכע האָבען געליטען „צופעליג", דאָס הייסט: זיי האָבען געליטען פערבייגעהענדיג צופעליג ביי פערשידענע אָנפאַלען און צוזאַמענשטויסען מיט דעם מיליטער, בע־טרעפט אַנ'ערך פון 200 געהרג'עטע און 350 פערוואונדעטע. איך וויל שוין נישט ברענגען דאָ אויך די ציפערען פון דע פערשידענע אַטענטאַטען דורך באָמבעס, גראַנאַטען און טייוולעס-מאַשינען, און די אַרבייטען מיט פּולווער און פּיראָקסילען און ביקסען און רעוואָלווערען — אַלץ אַזעלכע מעשים און ציפערען, וועלכע בעווייזען ווי זעהר די רעוואָלוציאָנערע בע־וועגונג האָט זיך פערגרעסערט, און נישט זי האָט זיך פערקלענערט אין די לעצטע פּאָר חדשים — איך וויל מיך נאָר אָבשטעלען דערויף, וואָס עס הייסט, אַז דאָס אַלץ איז נאָך נישט גענוג, און מען טראַכט נאָר, רעפּרעסיעס נאָך צו פערגרעסערען!...

ווי די מעשה איז: עס איז אַ טהאַטזאַך, אַז מען האָט בעשלאָסען, שאַרפערע רעפּרעסיעס פאָרצונעהמען און צו שאַפען געלד־מיטלען, כדי צו

פערגרעסערען די צאָהל און די ארבייט פון דער געהיים-פּאָליציי. נאַטיר־ליך, האָלט דאָס דאָזיגע נישט אָב אונזער הערר סטאָליפּין צו רעדען מיט דעם קאָרעספּאָנדענט פון „טיימס" גאָר אַנדערע ווערטער און צו ווערען אין זיינע אויגען זעהר ליבעראל און מבטיח צו זיין הרים וגבעות און לויטער ישועות ונחמות. „די מעלדונגען פון די צייטונגען — האָט ער איהם גע־זאָגט — אַז אויף דער פּראָווינץ מיסברויכען די בעאַמטע זייער מאַכט איז נישט אמת. אויך איז נישט אמת, אַז די רעגירונג האָט וועלכען ס'איז איינפלוס אויף דעם גאַנג פון די וואַהלען; די וואַהלען געניסען די פול־קאָמענסטע פרייהייט, ווי אומעטום אין דעם קאָנסטיטוציאָנעל איראָפּאַ. אויך איז נישט אמת, אַז די רעגירונג סימפּאַטיזירט מיט דעם „פעראיין פון'ם רוסישען פאָלק". אדרבא, זייערע מאַניפעסטאַציעס זענען זעהר נישט שעהן, אָבער שעדליך זענען זיי נישט, ווייל זיי זענען אַזוי שוואַך". און נאַטירליך גלויבט דאָס אַלץ דער הערר קאָרעספּאָנדענט, און מיט איהם גלויבען די לעזער.

מיר אָבער דאָ, ווען מיר הערען אַזאַ „נאַאיווע" ערקלערונג פון אונזער מיניסטער-פּרעזידענט, געהט אונז אריבער א גרויל איבער די נשמה, דען מיר קענען שוין גוט די סימנים, און מיר ווייסען, אַז אַזאַ „צופעליגע" אַוי־סערונג צו אַן'אויסלענדישען קאָרעספּאָנדענט איז נאָר א הקדמה צו עפּעס א שרעקליכער זאַך, וועלכע וועט זיך טהון. ווער ווייסט, וועלכעס שטיקעל ארבייט עס איז שוין איבערגעגעבען געוואָרען אין די הענד פון די „עכט רוסישע", ווען די רעגירונג וויל שוין בעצייטענס פון זיך די פעראַנטוואָרט־ליכקייט אראָבוואַרפען און איז מקדים למכה, אַז זי האָט מיט דעם „פער־איין פון רוסישען פאָלק" קיין שום מגע ומשא נישט. מיר קענען שוין צו גוט אַלע די דאָזיגע שפּיצלעך און שטיקלעך.

און ווירקליך זעהען מיר, אַז עס געהט עפּעס בעזונדערס פאָר. אפשר האָלט מען גאָר דערביי, אַז די איינציגע ריכטיגע תשובה אויף די אָנפאַלען אין פּעטערבורג איז דאָס אַלטע מיטעל: א יודישער פּאָגראָם. איך געפין אין „רוסקאָיע זנאַמיא", די צייטונג פון די „עכט רוסישע", א מודעה מיט א שוואַרץ רעהמעל ארומגערינגעלט, פון פאָלגענדען אינהאַלט: — „דעם הויפּט־קריגס-פּראָקוראָר וולאַדימיר פּעטראָוויטש פּאַוולאָוו האָט געהרג'עט

אַ יוד, ער האָט איהם געהרג'עט נאָכדעם ווי די מיטגלידער פון דער רייכס־דומאַ, קאַדעטען און יודען, האָבען איהם געסטראַשעט מיט בלוטיגער נקמה. רוסישע ליט! איצט ווייסט איהר, ווער עס זענען די גזלנים פון אייערע טרייע בעשיצער!" — און באַלד נאָכדעם איז געדרוקט אַן'אויפרוף, אין וועלכען עס שטעהט: „ברידער, רוסישע מענשען! מען קוילעט אונז, היט זיך! דאָס גנזעץ האָט נישט פערבאָטען זעלבסט־שוץ. גענוג! יעדע געדולד, אפילו די רוסישע, האָט אַ גרעניץ!" — און אויף דעם ארון פון דעם געהרג'עטען פּאוולאָוו האָבען די „רוסישע ליט" אַרויפגעלעגט אַ קראַנץ מיט דער אויפשריפט: „נישטאָ מעהר, רבונו של עולם, קיין כוחות צו ליידען"!" — און אין דערזעלבער „רוסקאָיע זנאַמיאַ" שרייבט אויך דער בעוואוסטער בולאַצעל, אַז פון אַלע זייטען קומען אָן פאָדערונגען און בקשות פון די מיטגלידער פונ'ם „פעראיין", אַז מען רייסט זיך צו מאַכען פּאָגראָמען, ווייל עס איז שוין מעהר נישטאָ קיין כוחות צו ליידען, און בולאַצעל שווערט די הייליגסטע שבועות, אַז מיט אַלע קרעפטען סטאַרען זיך ער מיט זיינע חברים אָבצוהאַלטען דאָס פאָלק פון אַזעלכע גוואַלדהאַטען, אָבער עס וועט זיך נישט איינגעבען; צו פול איז שוין דער בעכער. — ווי געפעלט אייך דאָס אַלץ? ווי געפעלט אייך בולאַצעל אַלס בעל־רחמנות אָדער אַלס מענש, וועלכער האָט שוין קיין כוח מעהר צו „ליידען"? ווי געפעלט אייך, אָהן די אַלע נעבען־חכמות און אָהן די הבטחות פון סטאָליפין איבער זיין פערהעלטעניש צו די „עכט־רוסישע", ווי עס ווערט פאָרבערייט אַ פּאָגראָם און ווי פיין דאָס שטיקעל ווערט אָבגעאַרבייט, אַז מען זאָל נישט קאָנען האָבען קיין טענות נישט צו סטאָליפינען און נישט צו די פיהרער פון די עכט־רוסישע, און נאָר צום „פאָלק„ אַליין, „ווייל עס איז נישטאָ מעהר קיין כוחות צו ליידען"? בולאַצעל, וואָסטאָרגאָוו, גרינגמוט, דובראָווין, און אפילו סטאָליפין אַליין, זיי אַלע אייגענטליך לעגען אוועק אַלע זייערע כוחות טאָג און נאַכט אויף צו בעשיצען די יודען — דאָס „פאָלק" אָבער רייסט זיך צו מאַכען אַ גרויסע שחיטה. און עהנליכע אויפרופען האָט אַרויסגעלאָזט אויך די מאָסקווער אָבטיילונג פונ'ם „פעראיין פון דעם רוסישען פאָלק", אונטערגעשריבען פון גרינגמוט און וואָסטאָרגאָוו, און אין אַנ'עהנליכען זין אַגיטירען אויך דאַווידאָוו, קאָנאָווניצין און אַנדערע — און ווען די אַלע

בלוטיגע אויפהעצונגען און אויפפרייצונגען וועלען צום סוף ווידער ברענגען צו נייע פּאָגראָמען, וועט עס דאַן נאָר הייסען, אַז זיי האָבען דאָס „פאָלק" נישט מעהר געקאָנט איינהאַלטען, „ווייל דער בעכער איז שוין צו פול" און „ווייל עס זענען שוין ניטאָ קיין כוחות מעהר צו ליידען", אָבער שולדיג וועלען זיי נישט זיין. און אויך די רעגירונג אַליין, און אויך הערר סטאָלי־פּין אַליין וועלען נישט זיין שולדיג: הערר סטאָליפּין האָט דאָך שוין לענגסט ערקלערט דעם קאָרעספּאָנדענט פון „טיימס", אַז ער סימפּאַטיזירט נישט מיט דעם „פעראיין" און אַז זייערע מאַניפעסטאַציעס זענען נישט שעהן און אַז שאָדען קאָנען זיי נישט, ווייל דער „פעראיין" איז אַזוי שוואַך! — אַך, קאָמעדיע! קאָמעדיע! ווען אַ רעגירונג וואָלט באמת'דיג נישט סימפּאַטי־זירט מיט אַזאַ חברה; אָדער נאָך ווייטער, ווען אַ רעגירונג וואָלט נישט האָבען דירעקט פּראָוואָצירט אַזעלכע מעשים, וואָלט עס דען געווען מעגליך אפילו איין אויגענבליק לאַנג, אַז מען זאָל ערלויבען אַזעלכע מודעות אין „רוסקאָיע זנאַמיאַ" און אַזעלכע אויפרופען און אַזעלכע אויפשריפטען אויף אַ קראַנץ? יאָ, ווען די רעגירונג וואָלט נאָר וועלען!...

## זיבענצענטער בריעף

דעם 23־טען יולי, 4 אַ זייגער פאַרטאָגס — ווי עס פּאַסט פאַר אַזיען — זענען די שליסעל־האַלטער פון דעם טאַווּרישען פּאַלאַץ אין פּעטערבורג אויפגעוועקט געוואָרען פונ'ם שלאָף דורך די פּאָליציי און עס איז ערקלערט געוואָרען, אַז די ערשטע רייכס־דומאַ איז צעטריבען געוואָרען און נאָך זי־בען חדשים וועט די צווייטע געעפענט ווערען. נון זענען שוין אַוועק זיבענ־צענסמאָל זעקס חדשים, און דער זיבעטער חודש געהט... זיבען חדשים האָט זיך די רעגירונג געטראַכט, זענען פאַר איהר די והותר, אום דאָס ביסעל מאָדערנע רוסלאַנד, וועלכעס שפּיעלט זיך אין רעוואָלוציע־מאַכעריי, איינצושטילען און אום דאַן צו האָבען אַ דומאַ ווי גאָט האָט געבאָטען: כשר און פיין און רעגירונגס־פריינדליך און פרום. די הויפּט־זאַך איז פרום. די פרומע גייסטליכקייט, מיט גרויסע, גראָבע קירכען־ליכט אין די הענד, וועט איבער דער נייער דומאַ מאַכען די ברכה, דער הייליגער סינאָד מיט פּאָביעדאָנאָסצעוו אָן דער שפּיץ וועט זיין דער רעדעל־פיהרער, די ביו־ראָקראַטען וועלען זיצען אויבענאָן ווי ביז יעצט, און אין דער צייט, ווען זיי וועלען נישט מאַכען געשעפטען מיט האָבער און מיט קאָרן און מיט קריעגס־שיפען און מיט אַנדערע זאַכען, וועלכע ברענגען מיליאָנען, וועלען זיי „רעגירען", און אין אַלע איבעריגע זאַכען וועט מען זיך פערלאָזען אויף די „עכט רוסישע לייט". זעהט איהר, דאָס וועט שוין זיין אַ דומאַ, וואָר צו גאָט האָפּט. אין די אויגען פון דער גאַנצער וועלט וועט עס הייסען אַ דומאַ, אַ פערטראַג פונ'ם פאָלק — און אינעווייניג, אין רוסלאַנד גופא, וועט אַלץ זיין געבליבען ווי געוועזן. מעהר ווי זעקס חדשים זענען שוין אַוועק, און מען קאָן נישט זאָגען, אַז די רעגירונג איז לעדיג געגאַנגען און האָט נישט געאַרבייט. זי האָט כמעט גאַנץ רוסלאַנד געבראַכט אין קריעגס־צושטאַנד; זי האָט פעלד־געריכטען איינגעפיהרט און האָט טויזענדער אומגעבראַכט און האָט צעהנטויזנדער פערגראָבען אין געפענגנישען און פערשיקט אין סיביר; זי האָט געשאַפען אַ חברה פון „עכט רוסישע לייט"

און האָט אונזיכער געמאַכט דאָס לעבען; זי האָט אַרויסגערופען אַ סענאַט מיט ערקלערונגען, וועלכע האָבען די געזעצען אַזוי לאַנג געצויגען אין די לענג און אין די ברייט און אָבגעשניטען פון זיי און צוגעזעצט צו זיי און געלאַטעט און אויסגעפליקט, ביז עס איז אַרויסגעקומען אַ שטריק אויפ'ן האַלז, אין וועלכען מען ווערט דערשטיקט. מעהר ווי צוויייהונדערט טעג אַזעלכע! — אָך, נאַרישע רעגירונג! און איז צוויייהונדערט טעג, האָסטו געגלויבט, וועסטו קאָנען אַוועקשאַפען פון דער וועלט אַ גייסט, וועלכער אַרבייט שוין לאַנגע צעהנדליגער יאָהרען? און אַ היסטאָרישען פּראָצעס, האָסטו דיר איינגערעדט, וועסטו קאָנען אָבשטעלען דורך בלוט־פערגיסען און דורך רעפּרעסיעס? און דאָס ראַד פון דער געשיכטע, האָסטו דיר איינ־געבילדעט, וועסטו דרעהען צוריק אין צוויייהונדערט מיט עטליכע טעג? — אמת, די צוויי און זיבעציג טעג פון דער ערשטער רוסישער רייכס־דומאַ האָבען דעם אומגליקליכען לאַנד געגעבען וועניג, אָבער טויזענד און מיליאָ־נען מאָל וועניגער האָבען דערגרייכט די צוויייהונדערט טעג פון דער סטאָ־ליפּינ'שער פּאָליטיק. יעצט איז באַלד אַוועק דער טערמין, וועלכער איז געגעבען געוואָרען ביז צו דעם צונויפרופען פון דער נייער דומאַ — און אין זיין פּאַלאַץ, זיצט דער אָרימער סטאָליפּין, אומעטיג און פערזאָרגט. ער איז זעהר באַונרוהיגט צוליעב די רעזולטאַטען פון די נייע וואַהלען. די נייע דומאַ, ווי עס ווייזט זיך אויס, וועט זיין נאָך מעהר „רעוואָלוציאָנער" ווי די ערשטע. ער לייענט אַליין אַלע צייטונגען פונ'ם גאַנצען לאַנד, און ער לייענט זאָגאַר די פּראָווינציעלע צייטונגען און זייערע בעריכטען וועגען דעם גאַנג פון דער וואַהל־קאַמפּאַניע. יעדען טאָג קריגט ער הונדערטער טעלעגראַמען פון די גובערנאַטאָרען און פון די שטאָדט־אויבער־הויפּטמע־נער פון אַלע עקען פון רוסלאַנד, און אַלע וועגען די וואַהלען. די טעלעגראַ־מען וועגען דעם וואַהל־קאַמף לייענט ער אַליין, און די מענשען, וועלכע שטעהען נאָהנט צו איהם, דערצעהלען, אַז דער העדר פּרעמיער־מיניסטער האָט אינגאַנצען שוין פערלאָרען די האָפנונג אויף אַ דומאַ אַזוי ווי ער האָט געוואָלט. פון צייט צו צייט פּרובט ער נאָך עפּעס אַ נייע מאַכינאַציע; אָט האָט ער נאָך אין דער היינטיגער וואָך געלאָזט די העררען פונ'ם סענאַט מאַכען עפּעס נייע „ערקלערונגען". אָבער אין עצם זענען אַלע האָפנונגען

שוין געקומען ביז אויף נול. די נעכסטע דומא, אַז אָך און אַז וועה, וועט זיין נעבעך, ווי דער גאַנג פון דער וואהל־קאַמפּאַניע ווייזט, אַ רעכט ביסעל לינק.

און פון טאָג צו טאָג מעהר לאָזען אויך אונזערע „עכט רוסישע" אַראָב די נעזער. די שטאַרקע אויסזיכט אויף אַ שווארצע דומא, מיט גרינגמוט און מיט שמאַקאָוו און לכל־הפחות מיט הערדען גוטשקאָוו אויבענאָן, ווערט שוואַכער פון מינוט צו מינוט. זאָגאַר דער אויבער־מאַכער פון די שוואַרצע הונדערטער, דער הערר דובראָווין, וועלכער האָט נאָך מיט אַ פּאָר וואָכען צוריק זיך בעריהמט און עפענליך געשוואוירען, אַז דריי פיערטעל רוסלאַנד געהערט צו די „עכט רוסישע", — זאָגאַר ער האָט שוין אַביסעל דעם מוט פערלוירען און ער רעדט שוין אַביסעל אַנדערש. ער רעדט שוין גאָר דערפון, אַז מען וועט מוזען חלילה וחס דאָס געשעפט איינגאַנצען ליקווידירען. אויב, האָט ער געזאָגט אויף אַ זיצונג פון זיין קאָמיטעט, עס וועט חלילה זיך באמת אַזוי אויסלאָזען, ווי אַלע סימנים ביז יעצט ווייזען, און די צווייטע דומאַ וועט ווידער זיין אַ „זשידאָווסקא„ ווי די ערשטע, וועלען מיר באַלד אינ'ם ערשטען טאָג אויפהערען אונזער טעטיגקייט און מיר וועלען פערמאַכען דעם „פעראיין". — עס פרעגט זיך נאָר, צי די רעגירונג וועט מסכים זיין. מיר דאַכט זיך, אַז אין רוסלאַנד, אַזוי ווי עס איז שווער צו קריגען אַ הסכמה פון דער רעגירונג אויף אַ פעראיין, וועלכען זי בעדאַרף נישט, אַזוי איז שווער צו קריגען פון איהר אַ הסכמה אויף צו פערמאַכען אַ פעראיין, וועלכען זי בעדאַרף יאָ. איבריגענס, בין איך בטוח, אַז אויב סטאָליפּין וועט זעהר שטאַרק בעטען און וועט געבען דערצו אויך די עטליכע גראָשען, וועלכע מען בעדאַרף, וועט דובראָווין אויף איהם רחמנות האָבען און וועט דעם פעראיין נישט פערמאַכען. וואָס טהוט נישט אַלץ אַ פּאַטריאָט פאַר'ן פאָטערלאַנד!

נאַטירליך וועט נישט אַלץ אַזוי גוט אָבלויפען, און איך האָב מורא, אַז ביז די טהירען פון דער צווייטער דומאַ וועלען צום ערשטען מאָל ווידער געעפענט ווערען, וועט נאָך גענוג בלוט פערגאָסען ווערן. איך קען גוט מיין הייליג, טייער רוסלאַנד. סטאָליפּין וועט נישט בלייבען ביי זיין זיפצען און קרעכצען און דובראָווין וועט נישט בלייבען ביי זיין יאוש;

מען וועט צו גוטער לעצט נאָך פּרובען דאָס אַלערלעצטע מיטעל: אַ קליין בלוט־באָר. וואָס נעהנטער מיר קומען צום טאָג, אין וועלכען דאָס ווער לענדע רוסלאַנד וועט געהן צו די וואהל־קעסטלעך, ווערט די דאגה אַלץ גרעסער און גרעסער. און נישט אַ פּאָגראָם, שטעל איך מיר פאר, וועט זיין, נאָר עפּעס אַזוי אַ בלוטיגער אַקט, צו וועלכען עס איז פעהיג נאָר אַ רוס־לאַנד און פון וועלכען אויסלאַנד קאָן זיך קיין שום בעגריף נישט מאַכען. איך האָב גאַנץ איינפאַך מורא: כוליגאַנעס וועלען שטעהן אויף אַלע ווע־גען און אין די הענד וועלען זיי האַלטען שטיקער אייזען און טויט־שלעגערס און האַלץ־דרענגער, און זיי וועלען טויט און קראַנק שלאָגען אַלע, וועלכע וועלען זיך ווייזען אין דער גאַס און וועלען האָבען בדעה צו געהן צו דער וואהל־אורנע, אום צו ערפילען דאָרט זייער „בירגערליכע פליכט", און דער איינפאַכער בעל־הבית, וואָס זיין לעבען איז איהם ליעבער ווי די גאַנצע פּאָליטיק־מאַכעריי, וועט אודאי ובודאי לויפען וואוהין זיינע אויגען וועלען איהם טראָגען און וועט זיך בעהאַלטען אין אַ מויזען־לאָך און ער וועט אודאי ובודאי מוחל זיין דעם גרויסען כבוד, צו זיין אין רוסלאַנד אַ וועה־לער. זעהט איהר, איך האָב גרויס אַכטונג פאר אונזער רעגירונג און פאר איהר מאַכט, און איך ווייס פון דער ערפאַהרונג, אַז ווען אַ רוסישע רעגי־רונג וויל עפּעס אַ זאַך נישט האָבען, איז איהר קיין שום מיטעל נישט צו שווער. העלפען נישט פעלד־געריכטען און טויזענד געפענגענישען, העלפט אַ סענאַט מיט ערקלערונגען; העלפט נישט קיין סענאַט, העלפט אַ „פער־איין פונ'ם עכט רוסישען פאָלק"; העלפען נישט די עכט־רוסישע, העלפט אַמאָל אַ געשפּרעך מיט אַ קלוגען קאָרעספּאָנדענט פון אַנ'עהרליכער „טיימס"; העלפט נישט אַ „טיימס", פּרובט מען זיך צו געבען און צוריק־צונעהמען, צו געבען און צוריקצונעהמען עטליכע ברעקלעך, וועלכע מען רופט „גלייכבערעכטיגונג פאר יודענס וועגען"; העלפט אויך שוין נישט די הבטחה און די חזרה פון דער גרויסער גאָב פון גלייכבערעכטיגונג, מאַכט מען ענטוועדער אַנ'אָפיציעלען פּאָגראָם אָדער, מען שטעלט גלאַט אַוועק עטליכע טויזענד געדונגענע שיכור'ע כוליגאַנעס און מען לאָזט ברעכען רוקען און לענדען. אַזוי, זעהט איהר, קומט מען צו אַ כשר'ער דומאַ. הויפּטזעכליך, האָב איך מורא, וועלען יודען זיין דאָס כפּרה־היהנדעל. נאָכ־

דעם ווי אַזויפיעל און אַזויפיעל גובערנאַטאָרען האָבען ערקלערט פראַנק און פריי, אַז זיי ווילען אַרויסשיקען פון זייער וואוינאָרט די אַלע יודען, וועלכע וועלען זיך בעטייליגען אין די וואַהלען — פשוט איז פשוט — האָב איך מורא, אַז אין יענע ערטער, וואו יודען בעטייליגען זיך פאָרט אין די וואַה־לען, וועט מען מיט זיי מאַכען אַ קורצען פּראָצעס, און אין דעם טאָג פון דעם גאַנג צו די וואַהלען־אורנען, וועט מען די זאַך מאַכען גאַנץ פּראָסט: מען ווערט זיי נישט לאָזען — און איהר ווייסט דאָך שוין אַליין אויף וועלכער וויזע מען לאָזט נישט אין רוסלאַנד. עס וועט רינען בלוט אין די גאַסען. און די גאַנצע מעשה וועט זיין שטיל און גלאַט; עס וועט קיין האָהן דערנאָך נישט קרעהען אין גאַנץ איראָפּאַ: עס זענען דאָך נאָר יודען. און אַ תירוץ וועט מען שוין געפינען: עפּעס אַ מעשה מיט אַ קאַרוסעל אַזוי ווי אין קישינעוו, אָדער אַ מעשה מיט אַ פּויערטע מיט אַ קוישעל אייער ווי אין האָמעל, אָדער אַ מעשה מיט אַ שאָס אין אַ הייליגע פּראָצעסיע ווי אין ביאַ־ליסטאָק, אָדער אַ מעשה מיט אַ שאָס בכלל ווי אין שעדלעץ. עס זענען דאָך נאָר יודען!

און דאָס אַלעס נאַטירליך, ווי עס ווייזט זיך אויס פון דעם ביזהעריגען גאַנג פון דער וואַהל־קאַמפּאַניע, וועט סוף כל סוף גאָרנישט נוצען: די צווייטע דומאַ וועט זיין געוויס אַזוי פריי ווי די ערשטע.

און אפשר נאָך פרייער, נאָך לינקער. דאָס הויפּט־מאַטעריאַל פון וועהלער ליפערען די פּויערים, און די פּויערים אין רוסלאַנד זענען פערבי־טערט ביז אויף דאָס אויסערסטע און האָבען פיינד די רעגירונג מיט דעם גאַנצען ברען פון זייער עלעמענטאַרער ווילדער נאַטור, און דאָס זענען מענשען, וועלכע קיין שום כוליגאַנעס קאָנען זיי נישט אָבשרעקען. און הויפּטזעכליך יעצט איז זייער פערביטערטקייט געטריבען געוואָרען ביז צום אויסערסטען פּונקט: פון איין זייט דער הונגער, וואָס האָט דערגרייכט אַזעלכע מורא'דיגע מאָסען, פון וועלכע קיין שום פאַנטאַזיע קאָן זיך קיין בילד נישט מאַכען, און פון דער אַנדערער זייט די רחמנות'דיגע בעהאַנדלונג פון דער ביוראָקראַטיע, מיט די בעלי־רחמנים אַ לאַ הורקאָ עט לידוואַל אָן דער שפּיץ, וועלכע האָבען געהאַט דעם טרויעריגען מוט צוצונעהמען און צו פערהולטאַיען דעם בלוטיגען גראָשען, וועלכען מען האָט פאַר זיי אַרויס־

געגעבען. דערצו קומט נאָך דער אונדערבארעמדיגער היי-יאָהריגער פראָסט, אזעלכער ווי רוסלאנד האָט שוין נישט געהאט זינט פערציג יאָהר, וועלכער לאָזט אומקומען דעם רעשט, וואָס דער הונגער האָט נאָך געלאָזען. און געניי אזוי פערביטערט איז אויך אנ׳אנדער מאטעריאל פון וועהלער: דער ארבייטער-קלאס. לאָקאאוט ווי עס הערט זיך, שליסען זיך די מאָסקוועד פאבריקאנטען אָן צו די לאָדזער פאבריקאנטען און מאכען יד אחת, און הונגער און נויט און קעלט האָבען די דאָזיגע מענשען געטריבען ביז צו דעם אויסערסטען פונקט. און געניי אזוי פערביטערט זענען אויך די איבעריגע מענשען-קלאסען, וועלכע האָבען די עהרע צו זיין אונטערטאנען פון דעם הייליגען רוסלאנד.

דערווייל אָבער טרייסט זיך סטאָליפין אזוי ווייט ווי ער קאָן. ווען אפילו די דומא וועט זיין זעהר אָפּאָזיציאָנעל, האָט ער געזאָגט צו א בעקאנטען, וועט זי שוין אויך זיין פיעל רוהיגער פון דער ערשטער. גלאטע „דרשות״ אין די וועלט אריין וועט מען שוין נישט מעהר האלטען. ווי לינק זי זאָל נישט זיין, וועט מען שוין נישט בעדארפען זי מעהר צעטרייבען. די דומא וועט זיך האלטען מיט דרך־ארץ, און די רעגירונג וועט קאָנען רוהיג ארבייטען לויט דער פעסטער טאקטיק פון איהר פראָגראם, וואָס א ספּעציעלע קאָמיסיע האלט יעצט אין אויסארבייטען. אז מיר וועלען לעבען, וועלען מיר זעהען!

# אַכצענטער בריעף

דער זיעג פון די לינקע אין די צוויי הויפּט־שטעדט פון רוסלאַנד, אין מאָסקווא און אין פּעטערבורג, האָט אונזער גאַנצען עולם אויף אַ מינוט לאַנג ווי פערשיכור׳ט. אַ קלייניגקייט, מאָסקווא און פּעטערבורג! דאָס־מאָל, ווי בעקאַנט, איז דאָס די רעגירונג געפאַלען אויף אַ שכל, צו בע־שטימטען די וואַהלען אין די צוויי הויפּט־שטעדט אויך גאָר צולעצט, כדי די איבעריגע שטעדט אינ׳ם גאַנצען לאַנד זאָלען זיך נישט מעהר קאָנען פערקוקען אויף זיי און עס זאָל נישט אַרויסקומען ווידער דאָס אומגליק פונ׳ם פאָריגען יאָהר — און אויך די דאָזיגע סגולה האָט נישט גענוצט: דאָס גאַנצע לאַנד כמעט איז געגאַנגען לינקס און צום סוף אויך מאָסקווא און פּעטערבורג. אינ׳ם פאָריגען יאָהר האָט דובאַסאָוו, דער אויבער־הויפּטמאַן פון מאָסקווא, אַ טאָג פאַר די וואַהלען טעלעפאָנירט צו וויטע: „דאַנקען גאָט, מאָסקווא איז אין אונזערע הענד" — און ווי אַזוי מאָסקווא איז געווען אין זייערע הענד, ווייסע מיר דאָך. אויב ריינבאָט, דער איצטי־גער אויבער-הויפּטמאַן פון מאָסקווא האָט אינ׳ם היינטיגען יאָהר אַ טאָג פאַר די וואַהלען אויך עפּעס עהנליכעס טעלעפאָנירט אָדער טעלעגראַפירט צו סטאָליפּין, ווייסען מיר נישט; מיר ווייסען נאָר, אַז אַנ׳אַנדערע הויפּט־שטיצע פון דער רעאַקציע, די „נאָוואָיע וורעמיא", האָט נאָך מאָנטאָג, אינ׳ם טאָג פון די וואַהלען אין מאָסקווא, געשריבען: „ווי עס ווייזט אויס, וועלען די קאַדעטען אין אונזער ערשטער הויפּט־שטאָדט האָבען אַ פול־שטענדיגע מפּלה" — און וואָס פאַר אַ „מפּלה" זיי האָבען געהאַט, ווייסען מיר יעצט: זייער זיעג איז געווען אַ פולשטענדיגער אויף דער גאַנצער ליניע. דער דאָזיגער זיעג האָט אויף אַ מינוט לאַנג דעם דאָזיגען גאַנצען עולם ווי פער׳שיכור׳ט — און נאָר עפּעס שפּעטער, ווען דאָס בלוט האָט זיך אַביסעל אָבגעקיהלט, האָט מען אָנגעהויבען פיהלען עפּעס אַ מאָדנע אונזיכערקייט. מען ווייס, אַז עס וועט עפּעס פאָרקומען...

ווי אַ געשפּענסט געהט עס אין פינסטערען, מען זעהט עס נישט, מען

הערט עס נישט, נאָר מען ווייסט, עס געהט עפּעס. רבונו של עולם, ווי האַלט מען שוין אַ טאָג דערנאָך! ווי האַלט מען שוין אַ פּאָר טעג נאָך דעם אויפמאַכען זיך פון דער נייער דומא! — דען, זעהט איהר, יענע אונזיכער־קייט און יענעם אונבעשטימטע, טונקעלע געפיהל, וועלכעס ליעגט יעצט ווי אַ בליי אויסגעגאָסען אין אונז אַלעמען, קומען אייגענטליך נאָר פון דער פראַגע, וואָס יעדער פרעגט זיך אין דער שטיל: וועלען זיין פּאָגראָמען אָדער וועלען זיי נישט זיין? וועט עס זיך לויהנען פאַר אונזער רעגירונג און איהרע געשעפטען, אַז פאַלען זאָלען טויזענדער נייע קרבנות אָדער וועט עס זיך גראָד נישט לויהנען פאַר אונזער רעגירונג און איהרע געשעפטען? דען שליסליך הענגט דאָך ביי אונז אַזאַ שטיקעל אָפּעראַציע, פון לאָזען אומקומען טויזענדער נפשות אָדער נישט, בלויז אָב דערפון, צי לויהנט עס פאַר׳ן עסק פון דער רעגירונג, צי ניין.

דערווייל אַרבייט חברה און מאַכט פאָרבערייטונגען.

דער פעראיין פון די „עכט־רוסישע" אין מאָסקוואַ הערט גאָרנישט אויף צו האַלטען געהיים בעראַטונגען, און איינע פון די לעצטע בעראַטונ־גען האָט געדויערט 5 טעג. עס האָבען זיך בעטייליגט אין איהר שוואַרצע געסט פון פּעטערבורג און קיעוו, אָדעס און קישינעוו, יעליסאַוועטגראַד און כאַרקאָוו און פון נאָך פיעל אַנדערע שטעדט. פאַר דעם עפענען זיך פון דער פערזאַמלונג האָט דער פאָרזיצענדער בעשוואוירען אַלע פערזאַמעלטע, אַז אַלץ וואָס מען וועט דאָ רעדען און בעשליסען זאָל בלייבען בסוד סודות, אַזוי אַז אפילו די אייגענע פרוי און קינדער טאָרען דערפון נישט וויסען. עס איז נאָר מערקווירדיג, אַז נאָך דער גאַנצער סודות־מאַכעריי, ווייסט פאָרט אַ האַלב מאָסקוואַ יעצט אין דער עיקר־זאַך אַלץ, וואָס איז דאָרט פאָרגעקומען. נאַטירליך, קאָן מען נישט וויסען די איינצעלהייטען; עס איז אָבער גענוג, ווען מען האָט זיך דערוואוסט, אַז ס׳איז, אויסגעאַרבייט געוואָרען אַ פּלאַן פון פּאָגראָמען פאַר גאַנץ רוסלאַנד, פאַר גרויסע און קליי־נע שטעדט, פאַר דערפער און דערפלעך, פאַר יודען און אויך פאַר נישט־יודען, און די דאָזיגע פּאָגראָמען זאָלען ווערען דורכגעפיהרט באַלד נאָכ־דעם, ווי די דומאַ וועט זיך עפענען און וועט נישט זיין קיין גאַנץ כשר׳ה. די דאָזיגע פּאָגראָמען, וועלכע זאָלען געמאַכט ווערען, רופען זיי אָן מיט

דעם נאָמען „די אמת'ע רוסישע רעוואָלוציע"; זיי ווילען וויזען דער וועלט, וואָס איז די אמת'ע רעוואָלוציע, וועלכע אמת־רוסישע מענשען וועלען זי מאַכען. דאָס קינד האָט אַלזאָ אַ נאָמען אויך שוין; עס וועלען נישט זיין „פּאָגראָמען", נאָר עס וועט זיין „די אמת'ע רוסישע רעוואָלוציע". אמת, „די וויכטיגסטע רעגירונגס־פאַרשטעהער" אין זייערע אינטערוויוען מיט אויסלענדישע קאָרעספּאָנדענטען (ווי למשל מיט דעם קאָרעספּאָנדענט פון לאָנדאָנער „טריביון") הייסען בערוהיגען „די אלגעמיינע איראָפּעאישע עפענטליכע מיינונג" און זאָגען, אז „דאָסמאָל וועט דער בלוטיגער פּלאַן נישט געלינגען", „דער רויטער אָקטאָבער וועט זיך שוין אין רוסלאַנד פּלאַן געלינגען", „דער רויטער אָקטאָבער וועט זיך שוין אין רוסלאַנד נישט מעהר ווידערהאָלען", די רעגירונג ווייסט שוין פון די פּלענער פון די „עכט־רוסישע" און וועט אָננעהמען די שטרענגסטע מיטלען געגען זיי" און „די וועלט מעג זיכער זיין, אז עס וועט גאָר קיין שלעכטס נישט געשעהן" — און דער כשר'ער קאָרעספּאָנדענט קומט און בערוהיגט מיט די דאָזיגע שעהנע ווערטער די אונרוהיגע וועלט. וואָס זאָל איך אייך זאָגען? אז וואויל איז אַזאַ קאָרעספּאָנדענט און אז וואויל איז זיין נשמה, ווען ער קאָן דאָס אַלץ גלויבען! מיר אָבער דאָ, וועלכע לעבען אין דעם דאָזיגען רוסלאַנד און מיר קענען אי די „עכט־רוסישע" און אי די הבטחות פון אונזערע „וויכטיגסטע רעגירונגס־פאַרשטעהער", מיר ליידער זענען נישט אַזוי גליקליך צו קאָנען דאָס אַלץ גלויבען. נאַטירליך, ווייס איך גאַנץ גוט, ווי מאַכטלאָז אַזעלכע „עכט־רוסישע" זענען און ווי קליין זייער צאָהל איז און ווי זיי קאָנען גאָרנישט טהון, ווען מען וויל נישט פון אויבען; איך ווייס אָבער אויך פון דער אַנדערער זייט, אַז די דאָזיגע לייט זענען אייגענטליך נאָר די געזעלען אין דער גרויסער ווערקשטאַט פון דער פּאָגראָמען־פאַבריק, און אז דער מייסטער שניידט־צו דאָס שטיקעל ארבייט ביי זיך אין זיין פּריוואַט־קאַבינעט אין פּעטערבורג און דערלאַנגט זיי דאָס, ארבייט דאַן חברה אויף אַלע מאַשינען בייטאָג און ביינאַכט. עס הענגט אַלזאָ נאָר דערפון אָב, צי וועט מען „אויבען" בעדאַרפען אַזאַ שטיקעל „ארבייט" אָדער נישט. — דערוויילע ליידער זענען פאַרהאַן גענוג טרויעריגע סימנים, אַז די רעגירונג ארבייט עפּעס מיט איהרע „עכט־רוסישע" צוזאַמען:

די „ראָסיא", דער לייב-אָרגאַן פון פּרעמיער־מיניסטער סטאָליפּין, שרייבט אַ טאָג נאָך די וואַהלען, באַלד ווי עס האָבען זיך ארויסגעוויזען די טרויעריגע רעזולטאַטען פאַר דער רעגירונג, פאָלגענדע ווערטער: „עס קומען אָן ידיעות פון מאָסקווא, אַז די וועהלער ווערען מיט געלד אונטער־געקויפט, מען שיכור'ט זיי אָן, מען פערפיהרט זיי א. אַז. וו. און מען דאַרף אָננעהמען, אַז דאָס געלד דערצו גיבען די יודען". און אַזעלכע ווערטער שטעהען אין דעם לייב־אָרגאַן פון דעם פּרעמיער־מיניסטער סטאָליפּין; דאָס איז אַלזאָ מכלומר'שט די מיינונג פון פּרעמיער־מיניסטער סטאָליפּין! — אין דעם צווייטען אָרגאַן פון דער רעגירונג, אין דער „נאָוואָיע ווּרעמיאַ", לעזען מיר וועגען די דאָזיגע וואַהלען אזוי: „אַ מורא'דיגער טייל פון אונ־זער רוסישער יוגענד און אַזוי אויך דאָס פּראָסטע פאָלק פון די פערשידענ־סטע קלאַסען רוסלאַנדס זענען גייסטיג גע'מל'עט געוואָרען פון יודען, און זיי פיהלען און דענקען איצט ווי זייערע יודישע אָנפיהרער. איצט וועלען די יודען נעהמען מיט שטורם אונזער איינציגע האָפנונג, דעם פּאַרלאַמענט, כדי אריינצוכאַפּען אין זייערע הענד די מאַכט, און זיי וועלען ארייננכאַפּען די ממשלה און זיי וועלען סוף-כלסוף אונטעריאָכען אונזער אומגליקליך פּאָלק, וועלכעם פערשטעהט דערוויייל נישט די גרויסע סכנה... היט זיך, היט זיך, דו רוסיש פּאָלק! די יודישע מאַסע רוקט זיך אויף רוסלאַנד... דער היסטאָרישער רעזולטאַט דערפון קאָן זיין אַ שווערער יאָך אויף רוס־לאַנד, נאָך פיעל שווערער ווי דער טאַטארישער אַמאָל"...

# ניינצענטער בריעף

מיין נביאות איז מקוים געוואָרען; לײדער, איז זי מקוים געוואָרען. נאָך אַזאַ זיעג, ווי איך האָב איצט געזיעגט מיט מיין נביאות, און איך מעג מיר רייסען די האָר פונ׳ם קאָפּ! די מעלדונגען, וועלכע קומען אָן פון אָדעס, זענען איינע שרעקליכער פון דער אַנדערער. עס איז דאָרט געוועזען אַ פּאָגראָם אייגענטליך גאַנץ לויט דעם מוסטער פון די פאַראיאָהריגע אָקטאָבער־טעג. מען איז אָנגעפאַלען אויף פערביי־געהער, מען איז אָנגעפאַלען אויף הייזער און אויף קראָמען, מען האָט גערויבט און דעמאָלירט, מען האָט געבראָכען מעבעל און געהאַקט שויבען, מען האָט אַרויסגעלאָזען די פעדערען פונ׳ם בעטגעוואַנד, מען האָט געשלאָגען און מענשען פערוואונדעט און מענשען דערהרג׳עט, און פּאָליציי איז געשטאַנען און האָט צוגעקוקט — הכל כדאתמול, „הכל על־פּי מנהג רייסען״! איבער דער גאַנצער שטאָדט האָט זיך געהערט עטליכע טעג אונאונטערבראָכען אַ שיסעריי, און די הויז־וועכטער, וועלכע האָבען נישט געוואָלט אַריינלאָזען די כוליגאַנעס אין די טויערען, זענען דעהרג׳עט געוואָרען צום טויט אָדער זענען געוואָרען שווער פערוואונדעט. און ווידער האָבען דערשראָקענע אויגען געזעהען אַלע יענע שרעקליכע סצענס, ווי מען קאָן זיי נאָר און ווים זיי נאָר ביי אונז. ווידער זענען געפלויגען מוטערס מיט זויגעדיגע קינדער און האָבען געזוכט אַנ׳אָרט וואו זיי צו בעהאַלטען; ווידער איז מען געלעגען אויף די בוידעמס און אין די קעלערס פערהאַלטענדיג דעם אָטעם און וואַרטענדיג אויפ׳ן טויט; ווידער האָט מען געשלעפּט אַנ׳אַלטען יוד ביי די פּיס, און זיין גרויע באָרד און זיין אַלטער קאָפּ האָבען אויסגעמאָסטען דעם שנעע, און געשלאָגען האָט מען איהם אָהן רחמנות. און ווידער שפּרינגט אַרויס עפּעס אַ מיידעל פון 18 יאָהר דורך אַ פענסטער פונ׳ם צווייטען שטאָק, אום זיך און איהר עהרע צו ראַטעווען, און בלייבט ליעגען אויף דער ערד. און אַ יוד לויפט, נישט מיט זיין כוח, נאָר מיט דעם כוח פון אַ טויט־שרעק, און אַ באַנדע ווילדע, שיכור׳ע כוליגאַנעס יאָגט זיך נאָך איהם מיט איי־

זענם און מיט רעוואָלווערען און מיט א ווילד־טיעריש געשריי, און דער יוד לויפט, פאַלט, הויבט זיך אויף, לויפט ווייטער, ביז מען דערכאַפּט איהם און מען ברעכט איהם אוים א האַנד און מען רייסט איהם אוים א פוס, און מען לאָזט איהם ליעגען אויפ'ן שנעע. און אויף קינדער, וועלכע שפּיעלען זיך אהנונגסלאָז אינ'ם שנעע, שיסט מען און מען הרג'עט און מען פערוואונדעט, און מיידלעך שלעפּט מען אראָב פון די דראָשקעס, אויף וועלכע זיי פאָהרען אום זיך צו ראַטעווען, און מען שטילט אויף זיי די ווילדע אינסטינקטען — און די פּאָליציי קומט אַלעמאָל א מינוט צו שפּעט און פרעגט זעהר נאַאיוו „וואָס טהוט זיך דאָ?" און חברה ענטפערט, אז זיי זוכען די לייט פון דעם זעלבסט־שוץ, וועלכע האָבען געשאָסען אין דער גאַס, און פּאָליציי שמייכעלט און געהט אַוועק צופריעדען. אָך, דער דאָזיגער זעלבסט־שוץ! עפּעס אַ בחור, אויף וועלכען מען איז אָנגעפאַלען, איז געווען אויף אַזויפיעל דרייסט, אז ער האָט ארויסגעכאַפּט א רעוואָלווער און האָט געשאָסען. נאַטירליך האָט ער קיינעם נישט געטראָפען, און ער האָט זיך גענומען לויפען און ער האָט זיך בעהאַלטען אויף עפּעס א בוידעם פון א הויז. דאָס איז דער זעלבסט־שוץ, וועלכע ראיז נע'אסרט. מען איז אָנגעפאַלען אויף דעם הויז און מען האָט מערדעריש געשאָסען. אַלע איינוואוינער פונ'ם הויז זענען ארויף אויף דעם בוידעם און די כוליגאַנעס נאָך זיי. מען האָט אַלע יונגעלייט אויפ'ן בוידעם אַרעסטירט, און דעם „זעלבסט־שוצלער", וועלכער האָט זיך מודה געווען, אז ער האָט דאָס געשאָסען, האָט מען פאַר די אויגען פון דער פּאָליציי אויסגעריסען הענד און פים און האלב טויט האָט מען איהם אַוועקגעפיהרט אין פּאָליציי־אַרעסט.

און אין דערזעלביגער צייט, ווערענד עס שפּיעלען זיך אָב אויף די גאַסען און אין די הייזער אָט די דאָזיגע בלוטיגע סצענעס, געהען ארום איבער דער שטאָדט פּראָצעסיעס פונ'ם „רוסישען פאָלק" מיט פאָהנען און פּאָרטרעטען אין די הענד און זינגען הייליגע און פּאַטריאָטישע ליעדער. און דער גענעראַל־גובערנאַטאָר פון אָדעס, גענעראַל קוילבארס, געהט ארויס צו זיי פון זיין פּאַלאַץ און בענטשט זיי און בעדאַנקט זיך ביי זיי און האַלט פאַר זיי א פייערדיגע רעדע.

איבערהויפּט איז די ראָלע פון דעם דאָזיגען קוילבארס אין דעם גאַנ־

צען שרעקליכען פאָגראָם אזא אָפענע און אונצווייַדייטיגע, אז עס געהט גאָרנישט ווייטער. העכסטענס האָט נאָך געפעהלט, אז ער זאָל אַליין נעה־מען עפּעס אין האַנד אַריין און זאָל מיטגעהן. עטליכע טעג, איידער עס האָט זיך אָנגעהויבען דער יום־טוב פון די „רוסישע לייט" אין אָדעס (דער פּאָגראָם איז געשעהן ביי דער געלעגענהייט פון אַ יום־טוב, וועלכען די „רו־סישע לייט" האָבען זיך געמאַכט צוליעב דעם אַריבערפיהרען זייער פאָהן אין אַ קירכע אַריין), האָט זיך דער שטאָדט־הויפּטמאַן געווענדעט מיט אַ ביטע צו באַראָן קוילבאַרס, אַז ער זאָל דעם יום־טוב נישט ערלויבען, דען עס וועט ווערען געפעהרליך, און באַראָן קוילבאַרס האָט דווקא און דווקא געגעבען די ערלויבניש. די פערשידענע שטאָדט־דעפּוטאַציעס פון בירגער און סוחרים און פּראָפעסאָרען, וועלכע זענען געקומען צו איהם מיט דער ביטע וועגען שוץ, האָט ער ענטוועדער גאָרנישט צוגענומען אָדער ער האָט זיי געענטפערט זעהר גראָב, אַז ער ווייסט שוין אַליין, וואָס ער האָט צו טהון.

און אויך די ראָלע פון סטאָליפּינס „פּעטערבורגער טעלעגראַפען־אַגענ־טור" איז ביי דעם פּאָגראָם געוועזען אַ ציעמליך דייטליכע. די דאָזיגע אַגענ־טור האָט פון אָדעס, וועהרענד די 4 פינסטערע טעג פונ'ם פּאָגראָם, נישט געהאַט עפּעס אַנדערש מודיע צו זיין, ווי „דער תבואה־האַנדעל האָט זיך אָבגעשטעלט. אין אַלע הויכע און מיטעלע שולען האָט מען אויפגעהערט צו לערנען". ווייטער ברוך־השם, הייסט עס, איז אַלעס דאָרט גאַנץ גוט און מעהר קיין אומגליק איז דאָרט נישט פאָרגעקומען.

און אויך די ראָלע פון סטאָליפּין איז עפּעס געוועזען אַ מערקווירדיגע ביי דער גאַנצער זאַך. הונדערטער טעלעגראַמען פון פערשידענע אינסטי־טוטען און פון פּריוואַט־פּערזאָנען זענען אָבגעגאַנגען צו איהם — און ער האָט אויף קיין איינציגע נישט געענטפערט. זינט עטליכע וואָכען האָבען די אוניווערזיטעטס־פּראָפעסאָרען אָפט טעלעגראַפירט צו איהם און איהם געבעטען וועגען הילף געגען די „עכט רוסישע", און אזוי האָבען טעלעגראַ־פירט צו איהם עטליכע מאָל אויך דער צירקוס, און אזוי אויך הונדערט אַנדערע, און אויך וועהרענד דעם פּאָגראָם אַליין זענען אָבגעגאַנגען צו איהם אונצעהליגע אַזעלכע טעלעגראַמען — און אַלץ אומזיסט. דער העדר מי־

ניסטער אַ פּנים לייענט נאָר די טעלעגראַמען פון זיין ליעבער „פּעטערבור־
גער טעלעגראַפען-אַגענטור", און פון איהר האָט ער זיך נאָר געקאָנט דער־
וויסען, אַז דער תבואה־האַנדעל האָט זיך אָבגעשטעלט און אַז די יונגלעך
ווילען ליידער נישט געהן אין די חדרים אַריין. און נאָר דאָ צום סוף,
אין די אַלער־אַלער־לעצטע טעג, האָט זיך בעוויזען אַ נאַכריכט אין די
צייטונגען, אַז דער פּרעמיער־מיניסטער האָט מיט מזל פערלאַנגט פון דער
אָדעסער פּאָליציי־פערוואַלטונג אַנ'ערקלערונג, און „אויב עס וועט זיך
אַרויסווייזען, אַז דאָרט זענען געווען „אונרוהען", וועט מען אָננעהמען
מיטלען דאַגעגען. זעהט איהר, ביז אַזעלכעס וועט זיך „אַרויסווייזען" אין
רוסלאַנד, קאָן אַוועקגעהן סך־הכל אַ יאָהר צוואַנציג, דרייסיג, און דאַן האָט
מען צו ערוואַרטען, אַז סטאָליפּין, ווען ער וועט דענסמאַל נאָך זיין מיניס־
טער, וועט אוודאי בוודאי מקיים זיין זיין הבטחה און וועט אָננעהמען דאַ־
געגען מיטלען. — עס איז נאָר שלעכט, וואָס די קאָנסולען פון די אויס־
לענדישע רעגירונגען, וועלכע זיצען אין אָדעס, האָבען נישט געוואָלט אַזוי
לאַנג וואַרטען, און האָבען זיך געווענדעט צו זייערע רעגירונגען וועגען שוץ
פאַר זייערע אונטערטאַנען, און די דאָזיגע רעגירונגען האָבען אויפ'ן די־
פּלאָמאַטישען וועג געטהון דאָס זייעריגע — און אין אָדעס איז פאָרלוי־
פיג שטיל געוואָרען. אויף ווי לאַנג נאַטירליך, קאָן מען נישט וויסען;
עס איז פאָרלויפיג אַ שטיקעל בערוהיגונג דאַדורך, וואָס עס הערט זיך, אַז
באַראָן קוילבאַרס וועט אַראָב פון זיין פּאָסטען.

און דערווייל קומען אָן שרעקליכע נאַכריכטען אויך פון סימפעראָפּאָל,
אַז די כוליגאַנעס האָבען זיך פונאַנדערגעהוליעט, און אַזעלכע נאַכריכטען
קומען אויך אָן פון פיעל אַנדערע שטעדט. דאָס כאַראַקטעריסטישע ביי די
איצטיגע פּאָגראָמען איז, אַז זיי זענען, ווי עס ווייזט זיך אויס, אַריינגע־
טרעטען אין אַ נייע פאַזע; עס זענען נישט מעהר פּאָגראָמען מיט אַ בע־
שטימטען אָנפאַנג און אַ בעשטימטען סוף, נאָר עס איז אַזאַ כראָנישער
צושטאַנד געוואָרען: זיי הערען קיינמאָל נישט אויף, זיי זענען נאָר אַ
טאָג לייכטער און אַ טאָג שווערער. עס איז ווי אַ מין פּולווער וואָס
קנאַלט נישט און רויכערט נישט. אַזאַ פּאָגראָם מאַכט נישט אָן אין
דער וועלט אַזאַ גערודער און געפּילדער און אויפזעהן, ווי, למשל, אַ ביאַ־

ליסטאָקער אָדער שעדלעצער פּאָגראָם, און פּאָרט איז ער אייגענטליך פיעל געפעהרליכער. ווי עס ווייזט זיך אוים ווערען איצט אזעלכע מיני פּאָגראָ־מען געארבייט לויט א בעשטימטען פּלאַן.

איבערהויפּט, ווי עס ווייזט זיך אוים, האָט איצט דער פעראיין פון די „עכט רוסישע" עטליכע מערקווירדיגע פּלענער. ווי עס הערט זיך, איז איצט דער אָנפיהרער פון זיי דער גייסטליכער וואָסטראָגאָוו. גרינגמוט, פּורישקעוויטש, דובראָווין און די איבעריגע העלדען זענען אראָב פון דער סצענע, און דער דאָזיגער וואָסטראָגאָוו איז דער הויפּטמאַכער. וואָסטראָ־גאָוו לאַכט פון אזעלכע נארישקייטען, ווי אַרויסגעבען א „רוסקאָיע זנאַמיא" אָדער ווי הרג'ענען א הערצענשטיין און דערגלייכען; רוסלאַנד, זאָגט ער, דאַרף איצט האָבן „גרויסע מעשים". ער וויל אָרגאַניזירען א קאָנטר־רע־וואָלוציע, „וועלכע זאָל אויסרייסען מיט'ן וואָרצעל די גאַנצע רעוואָלוציע און זאָל דערשטיקען אויף אייביג דאָס, וואָס מען רופט „פּרייהייטס־בעווע־גונג". לויט דעם פּלאַן, וועלכען ער האָט אויסגעארבייט, דאַרף פּאָרקומען אַנ'אַלגעמיינע, מורא'דיגע קאָנטר־רעוואָלוציע אין מאָנאַט מאַי. אין 18 גרעסערע שטעדט פון רוסלאַנד זאָל מען אַרויסטרעטען אין א שעהנעם פריהמאָרגען מיט פּאַטריאָטישע מאַניפעסטאַציעס, וועלכע זאָלען געבען דעם סיגנאַל צו אַלע איבעריגע שטעדט און שטעדטלעך אין גאַנץ רוסלאַנד. צו דעם דאָזיגען פּלאַן ווערען איצט שוין געמאַכט גרויסע פּאָרברייטונגען; די גאַנצע ארבייט בעשטעהט פאָרלויפיג דערין, צו ווערבירען מענשען צווישען שיכורים און פערברעכער, און דאָס איז אזא סחורה, וועלכע פעהלט נישט אין רוסלאַנד און וועלכע מען קאָן אַלעמאָל קריגען פאַר א טרונק בראָנפען מיט 5 קאָפּעקעס.

דאָס אַלזאָ איז די גאָלדענע אויסזיכט אין רוסלאַנד! דאָס איז די צוקונפט, צו וועלכער מיר קוקען אהין! וואָס קאָן אונז נוצען א דומא? וואָס קאָן נוצען אפילו א פרייע דומא? וואָס איז אונז א חילוק, צי סטאָ־ליפּין און זיין קאַבינעט וועט אראָב צי ניין? וואָס איז די נפקא־מינה, צי אויבענאָן וועט שטעהן וויטע אָדער סוויאַטאָפּאָלק־מירסקי אָדער קאָקאָוו־צעוו? וואָס פאַר א גרויסע נחמה איז דאָס פאַר אונז, אז אין רוסלאַנד איז מען, ווי מען זאָגט, גאָט זיי דאַנק, שוין געפאַלען אויף דעם שכל, אז דער

פינאַנץ-מיניסטער, מוז גלייכצייטיג זיין אויך דער פּרעמיער־מיניסטער, ווייל צו אַזעלכען האָבען די אויסלענדישע באַנקירען מעהר צוטרויען? —

בין כך וכך האָבען מיר איבערגעלעבט אויך אין ווארשאַ די וואהלען צו דער דומאַ. נאַטירליך האָבען געזיעגט די אַנטיסעמיטען פון דער שוואַר־צעסטער פאַרב. איבריגינס איז דאָס געווען פאָראויסצוזעהן, און עס האָט קיינעם נישט איבערראַשט. די אַגיטאַציע פון דער שוואַרצער זייט איז געווען אַזאַ שטאַרקע און אַזאַ נידעריגע און די מיסברויכען ביי די וואהלען זענען געווען אַזעלכע שרעקליכע, אַז אַנ'אייראָפּעאישער מענש וועט דאָס קוים קאָנען גלויבען. מען האָט ביי הונדערטער און ביי טויזענדער ארויסגעווי־סען די וואהל־צעטלען פון דער האַנד און מען האָט זיי געצוואונגען אריינ־צוואַרפען אין די אורנע דווקא די צעטלען, וועלכע מען האָט זיי געגעבען. מען האָט געשלאָגען און געהרג'עט און אָנגעמאַכט אַ פּאַניק, כדי אַ סך שרעקהאַפטע מענשען, און איבערהויפּט יודען, אָבצוהאַלטען פון שטימען אָבגעבען. עס האָט געדעגענט מיט פּראָקלאַמאַציעס, ווי „ראַטעוועט דאָס פאָטערלאַנד פון יודען און זייערע יודישע דעפּוטאַטען“, אָדער „מיר שווע־רען, נישט צו קויפען ביי אַ יודען נישט פאַר קיין גראָשען, אויב עס וועלען נישט דורכגעהן אונזערע קאַנדידאַטען“, אָדער „מיר וועלען זיך נוקם זיין און יודען וועלען מוזען ארויס פון פּוילען“ און דערגלייכען מעהר. ובכן האָבען דאָ די פינסטערע געזיעגט — ווי איהר זעהט, זעהר עהרליך און רעכטמעסיג געזיעגט.

## צוואַנציגסטער בריעף

אין אָדעס איז גאָרנישט געווען, לחלוטין גאָרנישט! — באַראָן קויל־באַרס אליין, דער גענעראַל־גובערנאַטאָר פון אָדעס, איז דאָס דאָזיגע מודיע דעם פּרעמיער־מיניסטער סטאָליפּין, און מיר מוזען אַלזאָ פון היינטיגען טאָג אָן גלויבען און וויסען, אַז אין אָדעס איז גאָרנישט נישט פאָרגעקומען. אין דעם בעריכט, וועלכען דער אָדעסער גענעראַל־גובערנאַטאָר האָט צוגע־שטעלט דעם פּרעמיער־מיניסטער וועגען די לעצטע „קליינינקייטען" אין אָדעס, ערקלערט, ער, אַז אַלע קלאַנגען, וואָס האָבען זיך געהערט וועגען רציחות פון די „עכט־רוסישע" זענען פאַלש; שלעכטע מענשען (דאָס מיינט ער מסתם מיך און די אויסלענדישע קאָנסולען אין אָדעס און נאָך אַזעלכע) האָבען אין אַ שלעכטער אבזיכט יענע קלאַנגען ארויסגעלאָזט, וועהרענד באמת איז אין אָדעס גאָרנישט פאָרגעקומען „אויסער אַ געוועהנ־ליכען פּאַרטייען־קאַמף צווישען טרייע רעגירונגס־אָנהענגער און רעוואָלו־ציאָניסטען". ובכן וויסען מיר איצט שוין: אין קישינעוו איז אייגענטליך קיינמאָל נישט געווען קיין פּאָגראָם, נאָר אַ פּאַרטייען־קאַמף; אין ביאַלים־טאָק איז אייגענטליך קיינמאָל נישט געווען קיין פּאָגראָם, נאָך אַ פּאַרטייען־קאַמף; אין שעדלעץ איז אייגענטליך קיינמאָל נישט געווען קיין פּאָגראָם, נאָר אַ פּאַרטייען־קאַמף. איבריגענס האָט דער גענעראַל־גובערנאַטאָר פער־אָרדענט די אָדעסער צייטונגען, נישט צו רעדען מעהר פון די לעצטע „קליי־נינקייטען", וועלכע זענען פּאָרגעקומען אין אָדעס — און אַלעס וועט שוין איצט געהן ווי עס בעדאַרף צו זיין: הערר סטאָליפּין וועט בעטען דעם הערר גענעראַל קוילבאַרס אום ענטשולדיגונג, וואָס ער האָט איהם בחנם מטריח געווען; די אויסלענדישע קאָנסולען וועלען ווערען אויפמערקזאַם געמאַכט, נאַטירליך גאַנץ העפליך, אויף דעם גראָבען טעות וועלכען זיי האָבען געהאַט, זעהענדיג אַ פּאַרטייען־קאַמף און מיינענדיג, אַז דאָס איז אַ פּאָגראָם; די אויסלענדישע קאָרעספּאָנדענטען וועלען אָנהויבען צו רעגנען מיט קאָרעספּאָנדענצען צו זייערע גרויסע צייטונגען, ווי זעהר זיי האָבען

זיך לײדער טועה געווען און ווי אין אָדעס האָט מען נישט געהרג'עט און פערוואונדעט עטליכע צעהנדליג מענשען און מען האָט נישט דעמאָלירט קראָמען און וואוינונגען און מען האָט נישט אָנגעטהון מענשען אונמענשלי־כע עינויים, נאָר מען האָט געקעמפט דאָרט גלאַט אַזוי פּאַרטיי־קאַמפען. אויך מיר וויכטיגע זאַך, פּאַרטיי־קאַמפען! און די אויסלענדישע באַנקירען וועלען זיך בעמיהען מפייס צו זיין די אומגליקליכע ליבעראַלע רעגירונג, וועל־כע ליידט נעבען אַזוי פיעל פון אַ שם רע, און וועלען איהר געבען אַ הלואה אויף בעסערע בעדינגונגען. — אמת, פון אָדעס קומען דערווייל אָן נאַכ־ריכטען, אַז די בערזע מיט אַלע איהרע אָבטיילונגען ארבייטען נאָך נישט און סוחרים האָבען בעשלאָסען נישט צו אַרבייטען ביז די דומא וועט זיך עפענען; אמת, אַלע בעשטעלטע סחורות, וואָס אָדעס האָט בעשטעלט אין וואַרשאַ און אין לאָדז, ווערען נישט פערלאַנגט אָדער קומען צוריק חזרה, ווייל דאָרט האָט אויפגעהערט יעדער האַנדעל און וואַנדעל; אמת, אויף די בקשה פונ'ם רעקטאָר פון דער אָדעסער אוניווערזיטעט, אַז די סטודענ־טען זאָלען ווידער אָנהויבען צו בעזוכען די אוניווערזיטעט, האָבען די סטו־דענטען-פּאָרשטעהער געענטפערט, אַז זיי וועלען בשום אופן נישט אָנהויבען די קורסען, ווייל די רציחות אין די גאַסען קומען נאָך פאָר ווי פריהער — אָבער וואָס מאַכט דאָס אַלעס אויס? דאָס זענען דאָך אַלעס נאָר פּאַרטיי־קאַמפען, און ווייטער גאָרנישט! איבריגענס וועלען מיר באַלד פון אָדעס קיין שום שלעכטע נאַכריכטען מעהר נישט האָבען, דען, ווי געזאָגט, דער גענעראַל־גובערנאַטאָר וויל עס נישט; הערר גלאַגאָלאָוו, דער דערווייליגער גענעראַל־גובערנאַטאָר, האָט צוזאַמענגערופען צו זיך די רעדאַקטאָרען פון אַלע אָדעסער צייטונגען און האָט זיי פערבאָטען צו שרייבען וועגען „אונ־אָרדנונגען" אין די גאַסען. ובכן איז שוין אַלעס ווידער גוט!

דערווייל אָבער קומען אָן די נאַכריכטען פון אַנדערע געגענדען אין רוסלאַנד. פון קיעוו מעלדעט היינט אַ טעלעגראַם: „ביי אונז ווי אויך אין יעקאַטערינאָסלאַוו הערשט צווישען די „שוואַרצע הונדערטער" די אויס־געשפּראָכענע נייגונג צו פּאָגראָמען". פון האָמעל טעלעגראַפירט דער ראַ־בינער מאַיאַנץ צום פּרעמיער-מיניסטער סטאָליפּין, למען השם ער זאָל געבען אַ פּעראָרדנונג, דאָס די קובאַנער קאָזאַקען זאָלען נישט קומען אין די

שטאָדט אריין, ווי די אַבזיכט איז, דע זמען האָט מורא, אַז זיי זאָלען נישט מאַכען פּאָגראָמען. פון אַנדערע שטעדט קומען עהנליכע ידיעות. און דאָס אַלעס געשעהט ערב דומאַ, אַ טאָג אָדער עטליכע טעג איידער די פרייהייט געהט זיך בעווייזען צו אונז אין איהר גאַנצער, גרויסער ערהאַבענהייט. און אַזוי, אין אַזעלכע אייביגע טויט־שרעקענישען, לעבען פינף מיליאָן מענשען! און אַזוי לעבען זיי נישט איין טאָג און נישט איין וואָך און נישט איין יאָהר, נאָר שטענדיג! און אַזוי שרייבט מען וועגען דעם שטענדיג, און אַזוי לעזט מען עס שטענדיג, און אַזוי ווערט אַלעמאָל ווידער טאָג און עס ווערט ווידער נאַכט און קיין שום ענדערונג און קיין שום ישועה קומט נישט! רבונו של עולם, וואוהין וועט דאָס פיהרען?

און די רעגירונג ווישט זיך אָב איהר מויל אַלעמאָל נאָך אַזאַ סעודה און זאָגט: נישט זי איז שולדיג; שולדיג איז, ווי מען זעהט דאָך בעשיינפּערליך, דאָס פאָלק; דאָס פאָלק האָט פיינד דעם יודען און דאָס פאָלק קאָן זיך אָפּט נישט בערוהיגען און דאָס פאָלק לאָזט זיך נישט אַמאָל פון דער רעגירונג און פון דער פּאָליציי צוריקהאַלטען און דאָס פאָלק מאַכט אַמאָל אַביסעל „אונאָרדנונגען” אוי, ווי געהט זיך שוין חלשות פאַר דעם אייביקען „פאָלק”, וואָס אונזער רעגירונג האַלט זיך פאַר אַנ׳אויסרייד! וואָס פאָלק? ווער פאָלק? וואו פאָלק? אדרבא, דאָס אמת׳ע פּאָלק, דאָס גרויסע, ברייטע רוסישע פאָלק, האָט פון אַלע עקען און ענדען רוסלאַנדס געגעבען אַ קלאָרע תשובה, ווי עס דענקט און ווי עס פיהלט און האָט, טראָץ טויזענד שטערונגען און הינדערנישען, געוועהלט אין די דומאַ אריין זיינע פּרייזיניגסטע פערטרעטער; דאַגעגען אָבער איז עס קלאָר, אַז דאָס ביסעל „רעכט”, וואָס עס איז געלונגען דער רעגירונג צו קריגען אין די דומאַ אריין, זענען סוף כל סוף נאָר די עטליכע „עכט רוסישע לייט”, וואָס די רעגירונג האָט זיך זיי בעשאַפען אום צו האָבען זיך אויף וואָס צו שטיצען און גראָד די דאָזיגע זענען דאָך דאָס די, וואָס מאַכען די פּאָגראָמען! עס איז גענוג, ווען איך וועל דערמאָהנען, אַז דער דומאַ־דעפּוטאַט פון קישינעוו איז קרושעוואַן, דער וועלט-בעקאַנטער קרושעוואַן...

און מיט וואָס פאַר אַ גרויסאַרטיגער פּאָמפּע האַלט דער דאָזיגער קרושעוואַן זיין איינצוג אין די דומאַ אריין! און אונזער ליעבע רעגירונג הערט

און זעהט און שווייגט — עס איז דאָך איהר קרושעוואַן, דערזעלביגער, אויף וועלבען זי האָט זיך צו שטיצען. ערשטענס האָט די „רוסקאָיע זנאַמיאַ", דער אָרגאַן פון די „רוסישע לייט", אָבגעדרוקט אַנ'ערקלערונג, אַז „אַזוי ווי קרושעוואַן און פורישקעוויטש זענען נישט גאַנץ זיכער מיט זייער לעבען, דערום איז מען מתרה די יודען ווינאַווער, העסען, קיזיוועטער און מיליוקאָוו, אַז זיי וועלען מיט זייערע קעפּ גאַראַנטירען פאַר דער זיכערהייט פון קרושעוואַן און פורישקעוויטש" — און אונזער רעגירונג הערט אַזעלכעס און מאַכט זיך נישט הערען. דאַן איז געקומען די גרויסאַרטיגע אָוואַציע, וועלכע מען האָט געלאָזט מאַכען קרושעוואַנען אין קישינעוו ביי זיין אַרויספאָהרען קיין פּעטערבורג. דאָס פושקין־אוידיטאָריום אין קישינעוו איז געווען פול געפּאַקט מיט עכט־רוסישע; נאָך דעם גאָטעס-דיענסט האָט די פערזאַמלונג דערלאַנגט קרושעוואַנען ברויט און זאַלץ און אויך אַ גאָלדענעם קרייץ מיט אַ הייליגען-בילד אויף גאָלדענע קייטעלעך. צו טראָגען אויף דער ברוסט. נאָכדעם זענען געהאַלטען געוואָרען פייערדיגע רעדעס. „די גאַנצע פערזאַמלונג" — שרייבט די „ראָסיאַ" — האָט אויסגעדריקט קרושעוואַנען איהר הייסען וואונש, ער זאָל זעהן מיט אַלע זיינע כוחות צו דערגרייכען דאָס ציעל אויסצולייזען דאָס רוסישע פאָלק פון דעם יודישען יאָך", און אַלע האָבען געגעבען אַ שבועה, אַז אין פאַל, אויב מען וועט בעדאַרפען, וועלען זיי אָבגעבען זייער לעבען פאַר דעם דאָזיגען ציעל (אַלזאָ פּאָגראָמען!) און דער הייליגער קרושעוואַן, דער מענש מיט דעם קרייץ און דעם הייליגען־בילד, האָט פערגלאָצט די אויגען און האָט געענטפערט: „אין אייער נאָמען וועל איך מודיע זיין אין דער דומאַ, אַז דער בעכער פון געדולד פונ'ם רוסישען פאָלק איז שוין פערפולט; פאַר די צרות, וועלכע מען האָט איהם אָנגעטהון וועט זיך דאָס פאָלק מיט די שולדיגע אָברעכענען און וועט מיט זיי און זייער לעבען אַ סוף מאַכען און וועט פערגיסען די ערד מיט טייכען בלוט, אַז די גאַנצע וועלט וועט דאַן מוזען אָנהויבען צו ציטערען פאַר דעם פאָלקס-געריכט" — און אַ רעגירונג הערט דאָס אַלעס און שווייגט. דאַן איז אָרגאַניזירט געוואָרען אַ פאָלקס-וואַך, וועלכע וועט בעגלייטען קרושעוואַנען ביז פּעטערבורג, אַז עס זאָל איהם חלילה וחס אונטערוועגס גאָרנישט געשעהן. חוץ דעם מאַכען די עכט־רוסישע אין פּעטער-

בורג גרויסע הכנות, מקבל־פּנים צו זיין זייערע דעפּוטאַטען. דער קבלת־פּנים וועט זיין אויפ'ן באַהנהויף, וואו עס וועלען זיך צוזאַמענקומען אַלע מיטגלידער פונ'ם „רוסישען פאָלקספעראיין" מיט אַ פאָהן און מיט אַ קרייץ און אַן אַדרעס, איינגעפּאַסט אין גאָלד, וואָס וועט ווערען איבערגעגעבען קרושעוואַנען און פּורישקעוויטשען דורך אַ דעפּוטאַציע. נאָכדעם וועלען די עכט־רוסישע געסט געפיהרט ווערען מיט גרויס פּאַראַד דורך די גאַסען אין אַ גרויסען זאַל, וואו עס וועט ווערען געמאַכט לכבוד זיי אַ באַל. אויסער־דעם וועלען קרושעוואַנס און פּורישקעוויטשעס פאָטאָגראַפיעס מיט זייערע ביאָגראַפיעס ווערען אָבגעדרוקט אין צעהנטויזענדער עקזעמפּלאַרען, און אינ'ם טאָג, וואָס זיי וועלען אָנקומען, וועט מען דאָס טיילען אומזיסט אין די גאַסען — און אונזער רעגירונג הערט און זעהט און שווייגט. נאָך מעהר: די עכט־רוסישע האָבען זיך געווענדעט צו דער רעגירונג מיט אַ ביטע, אַז אין דער דומאַ זאָל ווערען איינגעריכטעט פאַר זייערע דעפּוטאַטען אַן־עקסטראַ בופעט, כדי זיי זאָלען נישט מוזען צוזאַמענקומען מיט די איבערי־גע „רעוואָלוציאָנערען", און ווי עס הערט זיך, וועט די רעגירונג איהרע ליעבלינגע אויך דאָס דאָזיגע נישט אָבזאָגען. עס זענען דאָך עפּעס איהרע לייט, די געצעהלטע און אויסגעוויינטע בנים־יחידים'לעך, וועלכע זי האָט קוים אַריינגעקריגען אין די דומאַ אַריין אויף אַ זכר לחורבן, כדי צו בעווייזען דער וועלט, אַז „דאָס פאָלק" איז באמת'דיג נאָך זעהר קאָנסערוואַטיוו און וויל נישט קיין פרייהייטען, און פרייהייטען ווילען נאַר „עטליכע" רעוואָלו־ציאָנערען! וויפיעל בערך קאָן קאָסטען אַ רעגירונגס־קאַסע אַזאַ ביסעל „עכט רוסישע לייט", וואָס זי בעדאַרף צום עסק? וואָס קאָן קאָסטען דאָס „פאָלק"? וואָס קאָנען קאָסטען פּאַגראָמען — פּאַרדאָן, איך האָב געוואָלט זאָגען פּאַרטיי־קאַמפּען — און נאָך אַזעלכע נויטיגע עכט־רוסישע בעדער־פעניסען, וואָס רוסישע ביוראָקראַטען מוזען האָבען, אום זיך צום קאָנען האַלטען?

קרושעוואַן אין דער דומאַ! און וועהרענד ער וועט שטעהן און רעדען, איז עס מעגליך, אַז קיינער זאָל נישט דאַן געדענקען דאָס גאַנצע בילד פון דעם שרעקליכען קישינעוו? און וועהרענד ער וועט אַ מאַך טהון מיט דער האַנד, איז עס מעגליך, קיינער זאָל נישט דאַן געדענקען, אַז דאָס איז די

האנד, וועלכע האָט אריינגעקלאַפּט נעגעל אין מענשליכע קעפּ און האָט קינדערשע קערפּער צעריסען אין שטיקער און האָט בייכער אויפגעטרענט און האָט זיי אָנגעשטאָפּט מיט פעדערען ? און איז עס מעגליך, קיינער זאָל ראַן נישט געדענקען, אַז יענע הענד, וועלכע האָבען אַריינגעוואָרפען וואהל־צעטלען פאַר קרושעוואַנס וועגען, זענען די יעניגע וועלכע האָבען מענשליכע אויגען אויסגעשטאָכען און טראָגעדיגע פרויען אויפגעשליצט די בייכער און מענשליכע צונגען אויסגעשניטען פון די מיילער. . . עס וואָלט זיין זעהר גלייך, די רעגירונג זאָל מאַכען פאַר איהרע ליעבלינגע אַן׳עקסטראַ־בופעט, כדי די „רעוואָלוציאָנערען” זאָלען נישט מוזען מיט זיי צונויפקומען. מען קריגט אַן׳עקעל׳געפיהל !

# איינאונצוואַנציגסטער בריעף

די קאָמעדיע האָט זיך אָנגעהויבען: די דומא איז געעפענט. מיליטער צופוס און מיליטער אויף פערד בעלאַגערען דעם טאַווערישען פּאַלאַץ פון דרויסען, זשאַנדערמען און קאָזאַקען און טשערקעסען בעדעקען די גאַסען ארום, אין דער לופט פונקלען די פּיקעס און די שווערדען און די בלייערנע קעפּלעך פון די נאַגייקעס, און אין דער דומא אינווענינ, אויף די גאַלע־ריעס, אין די קולוארען, ביי די בופעטען און אומעטום, וואו מען זאָל זיך נישט קעהרען, פיהלט זיך, אַז עס איז פול מיט שפּיאָנען און געהיים־פּאָ־ליציסטען און געהיים־אַגענטען — אָלאָ ווי דען זאָל זיך אָנהויבען אַ „רו־סישע" פרייהייט? נישט מיט קאָזאַקען און נאַגייקעס? נישט מיט שפּיאָ־נען און געהיים־אַגענטען? נישט מיט דעם פּחד, אַז מען איז נישט זיכער מיט'ן לעבען און מען איז נישט זיכער אַ וואָרט ארויסצולאָזען? — עס ליעגט אַ דריקענדע, געדיכטע אַטמאָספערע אויסגעברייט איבער אַלעם, אַ דערשראָקענהייט און אַ נישט־זיכערקייט איז אויסגעדריקט און אויסגע־שפּרייט אויף הונדערטער געזיכטער, עפּעס געהט דורכ'ן קאָפּ אַ געדאַנק: „וועט מען מאָרגען, איבערמאָרגען צעטרייבען די דומא? וועט מען זי נישט צעטרייבען?", און עס זיצען די דעפּוטאַטען — צום גרעסטען טייל בלוט־יונגע און אונערפאַהרענע מענשען — צעציטערט ווי די האָזען, און ווייסען אַליין נישט אויף וואָס פאַר אַ וועלט זיי זענען, ביי יעדען מינדעסטען שאָרך געהט מען ארויס פון די כלים. עס פיהלט זיך עפּעס, אַז מען איז כחומר ביד היוצר. וועלען זיי זיין גוט און פרום און וועלען רעדען און טהון ווי גאָט און ווי תורה און ווי סטאָליפּין האָט געבאָטען, וועט מען זיי גנעדיגליך לאָזען לעבען אויף דער ליכטיגער שיין, עלעהיי זאָל אויסלאַנד זעהן, אַז רוסלאַנד האָט פּאָלקס־פערטרעטער און די רעגירונג איז כלומר־שט קיין אבסאָלוטיסטישע, צו אַ געלד־שידוך קאָן עס אוודאי נישט שאַדען; וועלען זיי אָבער האָבען די עזה צו רעדען איין איינציג וואָרט, נישט אַזוי ווי עס פּאַסט אריין אין דעם קרעמעל, ווי די רעגירונג דאַרף עס האָבען, וועט

מען זיי צעיאָגען ווי די כלבים און מען וועט שרייען „רעוואָלוציאָנערען!״ און מען וועט זיי מאַכען די פּראָצעסען, ווי צום גוטען געדאַכט — נאָך וויבאָרג. מיליטער צופוס און מיליטער אויף פערד און קאָזאַקען און זשאַנדארמען און טשערקעסען פעהלען נישט. ער פיהלט זיך עפּעס, אַז מען איז דערוויל אַ מין מאַריאָנעטען אין דער האַנד פון אַ קלוגען מיניסטער, און וועט מען געבען אַ ציה ביי דעם שטריקעל אַזוי און אַזוי, וועלען זיי רעדען און טהון אַזוי און וועט מען געבען אַ ציה ביי דעם שטריקעל אַנדערש, וועלען זיי מוזען רעדען און טהון אַנדערש. אָבער אַ דומאַ, אַ מין פּאַרלאַמענט, אַ פאָלקס־פערטרעטונג איז עס דאָך! און די פיינע, עהרליכע קאָרעספּאָנדענצען, אַז די איצטיגע דומאַ איז פיין און גוט און די דעפּוטאַטען זעהר אָנשטענדיג, אַזוי אַז די רעגירונג וועט איצט קאָנען מיט זיי צוזאַמען רוהיגע, טאַקטפולע מענשען, וועלכע בענעהמען זיך ביי יעדער געלעגענהייט זעהר אָנשענדיג, אַזוי אַז די רעגירונג וועט איצט קאָנען מיט זיי צוזאַמען „ארבייטען״. זאָלען זיי רעדען וועגען אַנ׳אַמנעסטיע? אפשר איז דאָס „רעוואָלוציאָנעריש״? זאָלען זיי רעדען וועגען אָבשאַפען פעלד־געריכטען און אינקוויזיציעס און טויט־שטראָף? אפשר איז דאָס „רעוואָלוציאָנאַריש״? זאָלען זיי רעדען וועגען שעדליכע און וועגען אָדעס און וועגען די שרעקליכקייטען פון אַ „פעראיין פון עכט־רוסישע״? דאָס איז שוין בוואדאי ובוודאי רעוואָלוציאָנאַריש״! זיי וועלען אַזוי נאָר זיצען און רעדען דאָס, וואָס דער העדר פּרעמיער־מיניסטער וועט זיי פאַרשרייבען — און דאָס אויסלאַנד וועט בעקומען גוטע ידיעות, אַז איצט ארבייט די דומאַ צוזאַמען מיט דער רעגירונג, אוי, אוי וועט דאָס זיין אַנ׳ארבייטען״!

נאַטירליך אויך פון דער פריהערדיגער דומאַ האָט דער, וועלכער קען רוסלאַנד און איהרע פערהעלטנישען, געוואוסט, אַז ס׳איז נישטאָ אויף עפּעס בעזונדערס צו וואַרטען; אָבער װעניגסטענס האָט מען געוואוסט, אַז דאָרט וועט זיך הערען דער אמת׳ער קרעכץ און דאָס פלאַמעדיגע וואָרט וועט ברענען אויף די ליפּען און דאָס אונענדליכע אומגליק פון אַ הונדערט־און־פערציג־מיליאָנען־פאָלק וועט זיך דאָרט אויסוויינען, און ווען שוין דאָס אַלעס וועט נישט האָבען קיין שום דירעקטען, פּראַקטישען נוצען וועט עס װעניגסטענס העלפען, איינראָפּאַ אויפצומאַכען די אויגען אויף דעם אמת׳ען

צושטאַנד פון דעם דאָזיגען אומגליקס־לאַנד. פון דער היינטיגער דומאַ אָבער האָט מען אויך דאָס נישט צו ערוואַרטען. מיליטער צופוס און מיליטער אויף פערד און טשערקעסען און זשאַנדאַרמען און קאָזאַקען בעלאַגערען דעם טאַורישען פּאַלאַץ פון דרויסען, און אינעווענינג איז מען נישט זיכער קיין איינציגע מינוט פאַר שפּיאָנען און געהיים־אַגטקעגען — און די דעפּו־טאַטען וועלען זיצען פיין און טאַטקפּול און וועלען צובאַסעווען צו אַלעם, וואָס מען וועט זיי דירעקט אָדער אינדירעקט אונטערזאָגען און וועלען באופן זה נאָר זיין אַ שעהנע דעקאָראַציע פאַר דער זעלבסטהערשער-רעגירונג, צום פּערגעניגען פון דעם קורצזיכטיגען אויסלאַנד מיט זיינע באַנקירען, וועלכע שטעהען גרייט מיט די אויפגעמאַכטע בייטלען און וואַרטען נאָר אויף די דאָזיגע הערליכע דעקאָראַציע, כדי צו האָבען אַ תירוץ פאַר זיך אַליין. — אַ דריקענדע אַטמאָספערע ליעגט אויסגעברייט איבער דעם גאַנצען הויז, שטילערהייט שוועבען אַרום די שאָטענס פון אונגעצעהלטע הרוגים, דער־שטיקטע זיפצען פון געפייניגטע און פערשטיקטע און לעבעדיג בעגראָבענע בלאַנדזשען אַרום אין די ווינקעלעך, עס הויבען זיך אויף די שאָטענס פון 800 אומגליקליכע, וועלכע דאָס פעלד-געריכט האָט אומגעבראַכט: די טויטע בעגריסען דיך, דומאַ!

עס איז נאָך גוט, וואָס דער ערשטער טאָג פון דער נייער דומאַ איז אַזוי אַריבער בשלום. אייגענטליך, אום אַ רוסישע שמחה צו בעשיינען, האָט בעדאַרפט אַ קרושעוואַן צו זיין שיכור ווי לוט און האָט בעדאַרפט מאַ־כען אַ שטיקעל סקאַנדאַל אָדער אַ קליין פּאָגראָמ׳עלע אין דער דומאַ, לכבוד דעם פאָטערלאַנד און לכבוד דער אמת׳ער רעליגיע און לכבוד דעם אמת׳ען רוסישען פאָלק, אַז עס זאָל זיין שעהן פאַר גאָט און פאַר לייטען. איברי־גענס ליעגט דאָך דאָס אַלץ אין דעם פּלאַן פון אונזער קלוגען סטאָליפּין. אין אַ בעראַטונג, וועלכע איז אָבגעהאַלטען געוואָרען אין צאַרסקאָיע סעלאָ פאַר עטליכע טעג, וועגען דער טאַקטיק פון דער רעגירונג גענען דער נייער דומאַ, האָט סטאָליפּין זיך געאויסערט: „די נייע דומאַ וועט מען שוין נישט דאַר־פען צעטרייבען; זי וועט זיך אַליין צעטרייבען". לויט זיין מיינונג איז נאָך בעסער, וואָס די נייע דומאַ איז נישט אַרויסגעקומען אינגאַנצען פון לויטער רעכטע און רעגירונגס-מענשען, נאָר זי איז אַרויסגעקומען אַביסעל

אהין און אביסעל אהער און אביסעל מיטעל. דאָס איז — זאָגט סטאָליפּין — וואָס ער בעדאַרף גראָד האָבען צו זיין עסק. די פּאַרטייען וועלען זיך ארומרייסען איינע מיט דער אַנדערער מעהר ווי זיי וועלען זיך ארומרייסען מיט דער רעגירונג, און עס וועט קומען צו סקאַנדאַלען, וועלכע וועלען ממילא ברענגען דערצו, אז די דומאַ וועט מוזען צעטריבען ווערן. די רעגירונג אליין וועט זיך האַלטען אזוי ווייט ווי נאָר מעגליך זעהר רעזערווירט. די סכסוכים, זאָגט סטאָליפּין, מוזען אויסברעכען פריהער צווישען די פּאַרטייען אליין, און נאָכדעם קאָן זיין, אז מען וועט פערשפּאָרען אַלע עסקים. גרויסע האָפנונגען לעגט די רעגירונג נאַטירליך אויף איהר הויפּט־פּאַרטיי, אויף די עכט-רוסישע — זיי זענען דאָך בריות אויף סקאַנדאַלען מאַכען. אפשר, ווען גאָט וועט געבען, וועט זיך אָנהויבען דער סכסוך באַלד אין ערשטען טאָג, ביי דער פראַגע וועגען א פּאָרזיצענדען אין דער דומאַ. ווער רעדט, אז די פּאַרטייען וועלען נאָך אָנהויבען מיט זייערע טויזענד פּראָגראַמען און מיט זייערע פּרינציפּען וועגען זייער טאַקטיק און וועלען זיך ארומבייסען און ארומרייסען איינע מיט דער אַנדערער. סטאָליפּין האָט זיך פאַר פערגעניגען געריבען די הענד. — ליידער, איז דער אָנפאַנג שוין נישט געגאַנגען גאַנץ לויט זיין וואונש: דער פּאָרזיצענדער פון דער נייער דומאַ איז אויסגעקליבען געוואָרען באַלד אין ערשטען טאָג איינגאַנצען אָהן סכסוכים. דער קאַנדידאַט פון די קאַדעטען, גאָלאָווין, איז געוועהלט געוואָרען — אמת שוין נישט איינשטימיג, ווי אין פאָריגען יאָהר מוראָמצעוו — אַלס פאָרזיצענדער אינ'ם טאַווּרישען פּאַלאַץ, און סקאַנדאַלען זענען פאָרלויפיג ליידער נאָך נישט געמאַכט געוואָרען.

מען קאָן נישט זאָגען, די קלוגע רעגירונג געהט נישט לעדיג. ווי עס הערט זיך פון פּעטערבורג, איז דובראָווין, דער אָנפיהרער פון די עכט-רוסישע, און קרושעוואַן אויפגענומען געוואָרען פון פּרעמיער־מיניסטער סטאָליפּין און דער פּרעמיער־מיניסטער סטאָליפּין האָט פערבראַכט מיט זיינע ליעבע געסט מעהר ווי א שעה צייט. פון א מיניסטער, וועלכער ארבייט, ווי ער זאָגט, 16 שטונדען א מעת-לעת, איז דאָס קיין קליינגקייט נישט; דאָס קאָן נאָר מעגליך זיין ביי א וויכטיג שטאַאַטס־געשעפט. איבריגענס הערט אין פּעטערבורג נישט אויף דער קלאַנג, אז מען ארבייט

מעשים, דאס קרושעוואן זאל דערגרייכען אנ׳אוידיענץ אויך ביים קייזער. זאל דאס זיין נישט בלויז א קלאנג, נאר אנ׳אמת, דאן איז עס א פאטש אין פנים אריין גאנץ אייראפא און דער גאנצער מאדערנער ציוויליזאציע. חוץ דעם איז דער קיעווער דומא־דעפוטאט, דער בעקאנטער „עכט־רוסישער" ערצבישאף פלאטאן, געווען מיט א וויזיט ביים פינאנץ־מיניסטער קאקא־צעוו, און באלד דערויף האט איהם קאקאצעוו געמאכט זיין געגען־וויזיט. אויך הערט זיך, אז דער מיניסטארען־קאבינעט האט בעשלאסען, ווען די דומא זאל חלילה ערקלערען די וואהלען פון קרושעוואן און פורישקעוויטש אלס נישט גילטיג, צו בעטראכטען דאס דאזיגע אלס קאנפליקט מיט דער דומא און זי צעטרייבען. בקיצור „די רעגירונג האלט זיך אין איין קושען און האלזען מיט איהרע ליעבע „עכטע לייט". עס איז קיין וואונדער נישט, ווען באופן זה איז דער שטאלץ פון די דאזיגע לייט אזוי הויך גע־שטיגען, אז זיי זענען מודיע אין די צייטונגען, דאס דער „פעראיין פונ׳ם רוסישען פאלק" האט בעשלאסען, אז אויב די דומא וועט מבטל זיין די וואהלען פון זייערע דעפוטאטען, פון קרושעוואן און פורישקעוויטש, ווע־לען זיי עפענען אין פעטערבורג א בעזונדערע זעלבסטשטענדיגע דומא און וועלען ערקלערען, אז יענע דומא איז א פאלשע. יא, מיינע הערען, יא, מיינע ליעבע קארעספאנדענטען פון די אויסלאנדס־צייטונגען און מיין ליעב גלויביג אויסלאנד! די עכטע דומא איז ווירקליך נאר די דאזיגע פון די „עכט רוסישע", אין וועלכער אונזער רעגירונג שפיגעלט זיך אזוי זעהר, און צו ערווארטען ישועות טובות האבען מיר נאר פון די קרושעוואנס און די פורישקעוויטשעס, דען זייער איז די רעגירונג, און די רעגירונג האט קאזאקען און זשאנדארמען און טשערקעסען גענוג!

אין פעטערבורג האט זיך אנגעהויבען דאס ווערק פון דער פרייהייט:

מען האט געעפענט א דומא — און אין דערזעלבער וואך, ווי מען האט זיך גענומען צו דער פרייהייט, האט מען אלע פראגרעסיווע צייטונגען דערווייל קאנפיסקירט, מען האט דעם „ריעטש", די צייטונג פון די קאדעטען, אבגע־שטעלט, מען האט דעם „טעלעגראף", דעם ארגאן פון די ליבעראלען, אינ־גאנצען פערבאטען, און יעדעס פרייע ווארט איז געווארען אונמעגליך. לכבוד דער דומא־ערעפענונג האט מען אונז א בעזונדערען חסד בעוויזען:

מען האָט אַרויסגעגעבען אַ פעראָרדנונג, אַז אינ׳ם פינפטען מערץ, דעם טאָג פון דער ערעפענונג, זאָל דאָס פעלד־געריכט נישט פונקציאָנירען און עס זאָל אין דעם דאָזיגען טאָג קיינער נישט געהאָנגען אָדער געשאָסען ווערען. אויך אַן׳אַמנעסטיע! נאַטירליך, פון 12 אַזייגער ביינאַכט אָן, און דאָן אינ׳ם זעקסטען און אינ׳ם זיבעטען און אינ׳ם אַכטען און אין אַלע איבעריגע טעג פונ׳ם גאַנצען יאָהר און אַלע יאָהר כסדר ביז אין יונגסטען טאָג אַריין וועט מען ווייטער הענגען און שיסען אָהן אַנ׳אויפהער. אויסערדעם איז אַסיגנירט געוואָרען אויף הוצאות פאַר תפיסות אינ׳ם היינטיגען יאָהר די קלייניגקייט פון 16,638,971 רובעל. מעהר ווי זעכצעהן און אַ האַלב מיליאָנען רובעל אויף תפיסות — דאָס, זעהט איהר, איז שוין אַ היבשער שריט צו פרייהייט.

## צוויאונצוואַנציגסטער בריעף

רוסלאנד מיט אַ פּאַרלאַמענט, אַ דומאַ! מיר דאַכט זיך, אַז עס קאָן גאָרנישט אַנדערש זיין ווי עס איז און אַלעס איז עפּעס אַזוי רוסיש, עכט פאָניש, און מען בעדאַרף זיך פּיהלען דערביי גאַנץ היימיש. ווי דען האָט איהר געמיינט, אַ פּאַרלאַמענט חלילה, ווי אין גאַנץ איירופּאַ? אין רוסלאַנד, זעהט איהר, איז דאָס אַביסעל אַנדערש: דער פּרעזידענט פון דער דומאַ ווערט „אָבגעהיטן" אויף שריט און טריט פון געהיים־אַגענטען; וועגען די דומאַ־דעפּוטאַטען האָט דער פּאָליציי־דעפּאַרטאַמענט אַרויסגעגע־בען אַ צירקולאַר צו דער פּאָליציי, אַז זי זאָל „שטאַרק אַכטונג געבען" אויף זיי; האָבען די דעפּוטאַטען געוואָלט מאַכען אַ שטיקעל סעודה און צונויפקומען זיך לכבוד דער דומאַ-ערעפענונג, האָט דאָס די פּאָליציי פער־באָטען אַנ'אויסנאַהם איז געמאַכט געוואָרען נאָר פאַר די דעפּוטאַטען פון די עכט־רוסישע); זשורנאַליסטען ווערען נישט צוגעלאָזט צו די קולוא־רען און מען מאַכט זיי אַלערליי שיקאַנען, און אויך די דעפּוטאַטען אַליין מוזען זיך היטען צו רעדען איינער מיט דעם אַנדערען אַנ'איבריג וואָרט און געפינען זיך אַלעמאָל אונטער דער קאָנטראָלע פון באַראָן אָסטען־סאַקען, דעם אָנפיהרער פון די געהיים־אַגענטען אין דער דומאַ; געהט איינער אין בופעט אַריין, ווערט ער בעגלייט פון עטליכע געהיים־אַגענטען; אין דער דומאַ אַליין איז איינמאָל געמאַכט געוואָרען אַ פּאָליציייליכע רע־וויזיע ביי עטליכע דעפּוטאַטען; וועגען דומאַ־דעפּוטאַטען איז אַרויסגע־געבען געוואָרען אַ פעראָרדנונג, אַז אויב זיי וועלען זיך אַריינמישען אין זאַכען פון דער פּאָליציי אָדער ווען זיי וועלען זיך אָננעהמען פאַר אַ מענ־שען, וועלכער ווערט אַרעסטירט אין דער גאַס, זאָל מען זיי באַלד אַליין אַרעסטירען; אין פאַל פון פונאַנדערטרייבען די דומאַ, איז אַ צירקולאַר אָבגעגאַנגען צו די גובערנאַטאָרען, די דעפּוטאַטען צו אַרעסטירען, און עס איז געפּלאַנט אַ מאָביליזאַציע פאַר גאַנץ רוסלאַנד; אויף אויסהאַלטען אַ בעזונדערען זשאַנדאַרמען־קאָרפּוס איז אַסיגנירט געוואָרען פאַר'ן היינטיגען

יאָהר 7.1 מיליאָן רובעל (1½ מיליאָן מעהר ווי אין פאָריגען יאָהר) און אויף פּאָליציי 57½ מיליאָן (5 מיליאָן מעהר ווי אין פאָריגען יאָהר), אין דער וואָך פון דער דומא-ערעפענונג זענען קאָנפיסקירט געוואָרען די צייטונגען „נאָווי ליטש", „טריבונאַ", „נאָוויא סילי", „רוסקאיא זשיזן", „ראַבאָטשאיא מאָלוואַ", „סוואָבאָדני טשעלאָוויעק", „עקיפּאזשני", „קירלוטש", „נעוואָס ווילני", „טרוד טעכניקאַ", „אזרבאבאס", און דער יודישער „פריינד"; דעסגלייכען האָט אין דער וואָך פון דער דומא־ערעפענונג די קאָנסטיטוציע געאַרבייט זעהר פלייסיג און האָט זיך נישט גענויגען קיין שבת און קיין יום־טוב: מען האָט א שטיקלעך צעהן־צוועלף מענשען אויפגעהאָנגען, און אין'ם טאָג פון דער דומא־ערעפענונג האָט מען אין פעטערבורג אליין אויף שפּאלערנעגאַס א שטיקלעך פערציג מענשען מיט נאגייקעס און מיט אנדער געוועהר ציעמליך שווער פערוואונדעט. בקיצור, מיר האָבען א פּארלאַמענט, א דומא, אזוי ווי א קאָנסטיטוציאָנעל לאַנד בעדאַרף האָבען — נאָר איז די דאָזיגע דומא עכט רוסיש.

די דומא, קוים וואָס זי איז געעפענט געוואָרען און איידער מען איז נאָך גאָר צוגעטרעטען דערצו, צו אַרבייטען אין איהר, און שוין האָט זיך פערשפּרייט הארטנעקיג דער קלאַנג, אז אָט אָט געהט מען זי פערמאַכען. דער קלאַנג איז אזוי פלוצלינג און אזוי בעשטימט אויפגעטרעטען, אז די גאַנצע ציוויליזירטע וועלט איז פערציטערט געבליבען. עס לויהנט זיך אלזא גאָרנישט מעהר צו רעדען וועגען א דומא און אנ'ערעפענונג, ווען מען בעדאַרף גאָר רעדען וועגען שליסען. איך קום מיר פאָר ווי יענער יונגערמאַן, וועלכער זאָגט באַלד ביי דער חופה צום רב, דער רב זאָל וואַרטען א טאָג, צוויי, דריי, וועט ער איהם שוין בעצאָהלען פאַר דעם סידור-קידושין צוזאַמען מיט דעם גט. נאָך מאָנטאָג אין אָווענט האָט זיך אין פעטערבורג פערשפּרייט דער קלאַנג, אז די דומא ווערט בעשטימט געשלאָסען. די צייטונג „סוואָבאָדניא" האָט געשריבען: „איבער דער דומא פערשפּרייטען זיך שוואַרצע וואָלקענס. אלע געזעלשאַפטליכע קרייזען זענען זעהר דערשלאָגען, דען די קלאַנגען קומען פון די העכערע ספערען, און עס איז אין זיי קיין שום צווייפעל נישט מעהר". אויפ'ן צווייטען טאָג האָבען שוין די דאָזיגע קלאַנגען בעקומען גאַנץ קאָנקרעטע פאָרמען. דען „נאָווי פוט"

האָט מודיע געווען: „מיר האָבען זיך דערוואוסט פון זיכערע קוועלען, אַז אין די רעגירונגס-ספערען האָט מען בעשלאָסען פונאַנדערלאָזען די דומא. דער אוקאַז וועגען דעם פונאַנדערלאָזען וועט געגעבען ווערען נישט שפּעטער ווי אין ערשטען (14) מערץ. מען האָט בעשלאָסען זי פונאַנדערלאָזען אפילו אין דעם פאַל, ווען די לינקע וועלען נישט געבען קיין שום סיבה דערצו". אַנ׳אימה איז געפאַלען אויף אַלעמען און מען האָט גאָרנישט פערשטאַנען, וואָס דאָ טהוט זיך. מען האָט נישט פערשטאַנען, צו וואָס די גאַנצע קאָמעדיע האָט געזאָלט און צו וואָס איז געווען דאָס עפענען און צו וואָס די מיליאָנען, וואָס די וואהל-אַגיטאַציע האָט געקאָסט און הויפּטזעכליך, וואָס איז דאָ אַריינגעקומען פּלוצלינג אין דער מיטען, וואָס עס האָט אַזוי שטאַרק געווירקט אויף דעם דאָזיגען פּלוצלינגען בעשלוס. אַז מיט דער איצטיגער דומא קאָן די רעגירונג נישט „אַרבייטען", דאָס איז קלאָר געווען פאַר אַ פּיצעלע קינד; אָבער אויפלעזען אַ דומא אָהן אַ שום אינצידענט, אָהן אַ שום צוזאַמענשטויס און איידער עס איז נאָך פאָרגעקומען די מינדעסטע אורזאַך דערצו, דאָס האָט מען גאָרנישט געקאָנט בעגרייפען. — איז דאָס אפשר אינגאַנצען אויך נאָר אַ שטיקעל קאָמעדיע? מעגליך איז עס, זאָגאַר זעהר מעגליך. די רעגירונג און איהרע העלפערס האָבען אפשר בעדאַרפט האָבען אַזאַ מין מאַנעווער צוליעב זייער עסק. פון איין זייט האָבען די „רעכטע" אַרויסגעלאָזען דעם דאָזיגען קלאַנג, כדי אַרויסצורופען אַ שרעק צווישען די דעפּוטאַטען, זיי זאָלען מורא האָבען צו אַנולירען די פאַלשע מאַנדאַטען פון די עכט-רוסישע דעפּוטאַטען, ווי צום ביישפּיעל קרושעוואַנס און פורישקעוויטש׳עס (ביידע זענען געוועהלט געוואָרען מיט דעם כוח פון וואהל-שטימען פון מענשען, וועלכע זענען גרעסטענטיילס שוין לאַנג געשטאָרבען), און פון דער אַנדערער זייט איז יענער קלאַנג אונטערשטיצט געוואָרען אויך פון די הויכע ספערען, מיט דער כוונה צו דערשרעקען די דומא, זי זאָל זיך נישט דערוועגען אויפצוטרעטען ווי עס איז מיט אַ וואָרט געגען סטאָליפּינען, בשעת ער וועט אַרויסטרעטען אין דער דומא מיט זיין אָנגעקינדיגטער „דעקלאַראַציע" — און נאַטירליך איז דאָס אַלץ געשעהן מיט דער הילף פון די אויסלאַנדס-קאָרעספּאָנדענטען, וועלכע האָבען די דאָזיגע מעשה מיט דעם פונאַנדערלאָזען פון דער דומא אויפגעב-

לאָזען און צעלאָזט אין אַלע צייטונגען פון דער וועלט. זעלבסטפערשטענד־
ליך, האָבען אויך אונזערע גוטע פריינד אין אונזערע רוסישע רעגירונגס־
צייטונגען נישט געשוויגען. די „נאָוואָיע ווערעמיא", דער דאָזיגער באַראָ־
מעטער פאַר'ן גייסט, וואָס הערשט אין די הויכע ספערען, האָט אַרויסגע־
לאָזען אַלע טאָג זיינע משונה'דיגע יללות און ווילדע, בלוט־דורשטיגע
אויפרופען, אַז די דומא מוז זאָפאָרט פונאַנדערגעלאָזט ווערען און די רע־
וואָלוציאָנערע דעפּוטאַטען מוזען צעטריבען ווערען ווי די כלבים. „עס
איז אַנ'אונזין — שרייבט מענשיקאָוו אין דעם לעצטען נומער „נאָוואָיע
ווערעמיא" — אַז די רעגירונג האָט שוין אויסגעשעפּט דעם גאַנצען קוואַל
פון רעפּרעסיעס; דאָס איז נישט מעהר ווי אַ ביטרע אויסטראַכטונג פון
די קאַדעטען. אייגענטליך גערעדט, זענען קיין געזעץ־מיטלען נאָך נישט
אָנגעווענדעט געוואָרען ערענסט. זיי זענען אַלע קוים אָנגעהויבען געוואָ־
רען און קיינס איז נישט אויסגענוצט געוואָרען אין זיין פולער בעדייטונג,
אפילו נישט דאָס נויטווענדיגסטע מיטעל, דאָס פעלד־געריכט"... און
די צייטונג „ראָסיאַ", דער לייב־אָרגאַן פון מיניסטער סטאָליפּין, ווען זי
רעדט וועגען דער דומא, לאָזט זי אונז נאָך אַ קליין שטיקעל פּתח־חרטה
און זאָגט: „עס איז אַ מעגליכקייט, אַז די דומא וועט בלייבען, נאָר מען
מוז זעהען בכל אופן שהוא, אַז דאָס רעגירונגס־פּראָגראַם אין דער אַגראַר־
פראַגע זאָל ווערען אָנגענומען". ובכן זעהען מיר, פון וואַנען דער ווינד
בלאָזט!

בין כך וכן געהען די „עכט רוסישע" נישט לעדיג, אין אַ געהיימער
בעראַטונג האָבען זיי בעשלאָסען, אַז אויב די דומא וועט אַנולירען די
וואַהלען פון קרושעוואַן און פּורישקעוויטש, זאָל מען זיך נוקם זיין אין דעם
דומאַ־פּרעזידענט גאָלאָווין און אין דעם גאַנצען דומאַ־פּרעזידיום. צו דעם
דאָזיגען צוועק האָבען זיי איבערגעגעבען זייערע שוץ־מענער בילעטען, זיי
זאָלען קאָנען אַריינקומען אין די דומא און זאָלען זיך גוט איינקוקען אין
די פיזיגנאָמיעס פון גאָלאָווין און די אַנדערע, כדי זיי זאָלען זיי דערנאָך
דערקענען אויף דער גאַס. דובראָווין, דער אָנפיהרער פון די עכט־רוסישע,
האָט זיך אויסגערעדט פאַר איינעם פון די צייטונגס־קאָרעספּאָנדענטען:
„... זיי בעריהמען זיך, אַז זיי וועלען אונזערע דעפּוטאַטען אַרויסיאָגען

פון דער דומא, און זיי פערשטעהען גאָרנישט, אַז מיר ווארטען נאָר דערויף. זיי פערשטעהען ניט, אַז אונזער וואונש איז עס, זיי זאָלען אַזוי טהון, כדי אַזאַ רעוואָלוציאָנערע דומא זאָל וואָס גיכער צעטריבען ווערען און עס זאָל פון איהר קיין זכר נישט בלייבען, וואָרום מיט יעדען טאָג וואָס אַזאַ דומאַ עקזיסטירט לענגער, קומט־צו אַ שענדליך בלאַט מעהר צו דער רוסישער געשיכטע א. ז. וו. דאָס רעכט־גלויביגע רוסלאַנד וועט זיך נישט לאָזען בעליידיגען פון אַ קליין הייפעל מענשען, וועלכע זענען אראָבגעקומען פון סיביריען און פון די געפענגענישען ארוים". און קרושעוואַן אַליין טעלעגראַפירט צו זיין צייטונג „דרוג", און די טעלעגראַם ווערט דאָרט אָבגעדרוקט מיט גרויסע אותיות, אַז די דומאַ איז אַ באַנדע פון אַנ'ערב־רב, וועלכע ווערט אָנגעפיהרט „פון מאָשקע און יאָשקע העסען", און גאָלאָווין איז אַ קליין מענשעל מיט אַ קירבים אנשטאָט אַ קאָפּ, אַ טראַקטיר־יונגעל, אַ פשוט'ער משרת. און קרושעוואַן ענדיגט זיין טעלעגראַם מיט די ווערטער: „מען קאָן מעהר נישט ליידען. איך בעט די רוסישע לייט, צו זיין גרייט, איינצושטעלען זיך פאַר דעם רעכט פון רוסישען פאָלק, וועלכעס ווערט געטרעטען פון די שמוציגע פאַראַזיטען".

און די פרוכטען פון אַלע די דאָזיגע פאָרבערייטונגען לאָזען נישט ווארטען אויף זיך; די פּאָגראָמען שטעהען פאַר דער טהיר. פון אַלע עקען און ענדען רוסלאַנד קומען אָן טאָג־טעגליך די נאַכריכטען, וועלכע טויטשרעקען עס לעבט איבער די יודישע בעפעלקערונג. ביז נישט לאַנג האָבען רוסישע יודען געהאַט נאָר צוויי געוועהנליכע" טערמינען אין יאָהר אויף פּאָגראָמען: ווען ס'איז געקומען דער יודישער פסח און ווען ס'איז געקומען די רוסישע פאַסחא, און פּאָגראָם־נאַכריכטען האָבען זיך דעריבער אָנגעהויבען צו הערען און צו פערברייטען אַלעמאָל ערב־פסח און ערב פאַסחא. זינט אָבער עס האָט זיך אָנגעהויבען דאָס קאַפּיטעל דומאַ, זענען צוגעקומען נאָך צוויי „ספּעציעלע" טערמינען: ערב דומאַ בשעת דער וואַהל-אַגיטאַציע און נאָכ'ן פונאַנדערטרייבען פון דער דומאַ. היי־יאָהר פאַלען די טערמינען, די געוועהנליכע און די ספּעציעלע, כמעט אַלע צוזאַמען אין איין צייט — און דאָס געשפּענסט פון פּאָגראָמען האָט זיך בעוויזען כמעט אין אַלע שטעדט און שטעדטלעך פון דעם תחום־המושב. אין מינסק,

גראָדנאָ, קאָוונאָ, יעקאַטערינאָסלאַוו, אַלעקסאַנדראָווסק, יאַראָסלאַוו האָט מען געוואָרט מיט אַ געוויסהייט אויף פּאָגראָמען פֿונ׳ם 14־טען ביז דעם 16־טען פֿעברואַר (27 פֿעברואַר ביז דעם 1־טן מערץ), עס זענען זאָגאַר וועגען דעם שוין געווען אָנגעקומען אָפֿיציעלע מיטטיילונגען צו דער אָרטי־גער אַדמיניסטראַציע. אין ביאַליסטאָק וואַרט מען כסדר אויף נייע פּאָ־גראָמען. אין מיראָגראָד האָט מען פֿערשפּרייט אַ פּראָקלאַמאַציע, אַז יודען האָבען פֿערוואונדעט אַ הייליג בילד און עס איז בלוט דערפֿון געגאַנגען א. ז. וו. אין הוסיאַטין ווערען פֿערשפּרייט פּאָגראָם־פּראָקלאַמאַציעס אין ווישיגראָד האָט זיך פּלוצלינג אין אַ שעהנעם טאָג געהערט: „שלאָגט די יודען!" און אַלע יודען האָבען געשלאָסען די געשעפֿטען און זיך פֿערגראָ־בען אין די הייזער. פֿון טרעסטיאַני איז מען מודיע וועגען אַ פּאָגראָם־פּאַניק. אין ראָסטאָוו ווערען פֿערשפּרייט פּראָקלאַמאַציעס מיט דעם אויפֿ־רוף צו שלאָגען יודען. אין יעליסאַוועטגראַד נעהמט אָן די אימה פֿאַר אַ פּאָגראָם גאָר שרעקליכע געשטאַלטען און מען ריכט זיך אויף איהם יעדען טאָג, יעדע מינוט. פֿון הונדערטער אַנדערע שטעדט קומען אָן עהנליכע נאַכריכטען, גאַנץ בעזונדערס אָבער פֿון קישינעוו. די דאָזיגע אומגליקליכע שטאָדט לעבט איבער אַלעמאָל אַ היבש ביסעל פּאָגראָם־שרעק דורכ׳ן יאָהר, יעצט אָבער נאָך גאַנץ בעזונדערס: איהר „אויסגעוועהלטער" קרושעוואַן האַלט ביים אַרויסגעוואָרפֿען ווערען פֿון דער דומאַ, און דאָס דאָזיגע האָט אָנגעמאַכט אַ רעכט ביסעל בייז בלוט ביי די עכט־רוסישע, און די אַגיטאַ־ציע וועגען אַ יודען־פּאָגראָם ווערט געפֿיהרט פֿון קרושעוואַן און זיין חברה אויף דעם פֿירכטערליכטען אופֿן. דער פּאָגראָם געהט!

# דרייאונצוואנציגסטער בריעף

אין ווארשא אויף דער דאניליטשאָווסקא־גאַס ווערט איצט אַ הויז געבויט. דאָס הויז וועט זיין דאָס העכסטע אין דער גאַנצער שטאָדט: אכט עטאַזשען וועט עס האָבען. און ווילט איהר אפשר טרעפען, צו וואָס דער דאָזיגער ריעזען־בנין וועט דיענען? אַ מענש, וועלכער קען אביסעל רוסלאַנד, האָט אייגענטליך געדאַרפט באַלד טרעפען. עס איז אַזוי איינ־פאַך; דאָס וועט זיין אַ געפענגניש. וואָס דען, האָט איהר געמיינט, קאָן אין רוסלאַנד זיין דער גרעסטער און ריעזינגסטער בנין פון אַ שטאָדט? אַ לעהר־אַנשטאַלט? אַ קונסט־טעמפּעל? דאָס שענסטע אָבער ביי אַזאַ זאַך איז, אַז אַזאַ געפענגניש ווערט אויסגעבויט דווקא אין דער צייט פון אַ רעוואָלוציע, דענסמאָל ווען מען פּלאַפּלט אַזויפיעל וועגען פרייהייט און רעכט און מענשען־ווירדע, אַזוי ווייט אַלזאָ זענען מיר געקומען מיט אונזער גאַנצער בעוועגונג? דאָס איז פאָרלויפיג אַלעס, וואָס מיר האָבען דערגרייכט! עס קלינגט עפּעס ווי אַנ׳איראָניע און מען פיהלט זיך ווי ביי אַ פּאַטש אין פּנים. מען ווייזט אונז, ווי מאַכטלאָז מיר זענען. עס וואונ־דערט מיך נאָר, אַז בשעת דער טאַווערישער פּאַלאַץ האָט געהאַט דאָס שטי־קעל אומגליק מיט דעם סופיט און מען איז געגאַנגען זוכען אַנ׳אָרט פאַר די דומא־דעפּוטאַטען, איז נישט אונזער איראָניען־מייסטער סטאָליפּין גע־פאַלען אויף דעם שכל, אַנצוווייזען, אַז דער בעסטער זיצונגס־אָרט פאַר זיי איז די געוואַלדיגע און סופּיט־שטאַרקע פּעטערפּויל־געפענגניש. זעהר ווייט פון זיין געפאַנגענע זענען דאָך אונזערע דעפּוטאַטען נישט.

און וואָס אַ געפענגניש איז אין רוסלאַנד ווילט איהר וויסען? — מיר האָבען געהאַט נאַכריכטען פון דעם געפענגניש אין ריגאַ, אַז האָר אוי נעגעל האָבען זיך געשטעלט קאַפּויר. אין דעם דאָרטיגען געפענגניש איז אַנ׳אינקוויזיציע, אַ ריכטיגע אינקוויזיציע מיט אַלע פּרטים.

נאַכט־נעכטליך, חוץ זונטאַג, פון האַלבע נאַכט ביז זונענאויפגאַנג ווערט געאַרבייט אין פּייניגונגס־צימער פון דעם ריגאַ׳ער געפענגניש. צוועלף

תלינים ארבייטען דאָרט: מען שלאָגט מיט בלייַ אָנגעגאָסענע שטעקענס און מיט גומי־נאַגייקעס און דאַן שיט מען זאַלץ אויף די בלוט־וואונדען. מען רייסט אָב די נעגעל, מען שטעכט מיט גליהענדע נאָדלען די פינגער, מען רייסט איינצעלווייז די האָר פונ׳ם קאָפּ, מען האַקט מיט אַנ׳אייזען די צייהן אויס, מען קנייפּט מיט גליהענדע צווענגלעך שטיקער פלייש, מען זעצט אויף צוואַנג־שטהולען און מען צעציהט די גליעדער — בקיצור אַ פרישע אויפלאַגע פון אינקוויזיציע, פערמעהרט און פערבעסערט. די אַר־בייט פון די אינקוויזיטאָרען האָט דעם צוועק, צו דערברענגען די געפּיי־ניגטע, זיי זאָלען אויסגעבען די נעמען פון די מיטשולדיגע. נאַטירליך האַלטען פיעלע די יסורים נישט אויס און זיי רופען אָן די ערשטע בעסטע נעמען, וועלכע קומען זיי אויף די צונג ארויף. דאַן נאַטירליך ווערען אויך יענע „אויסגעגעבענע” געבראַכט אין דעם דאָזיגען גיהנום אריין, און אויך זיי האַלטען עס נישט אויס און רופען ווידער אָן פרישע נעמען, און ווידער ווערען נייע קרבנות געפּייניגט — און אזוי דרעהט זיך דאָס רעדעל און אינקוויזיטאָרען האָבען שטענדיג ארבייט, און אזוי דרעהט זיך דאָס רעדעל און מען מוז אלעמאָל בויען פרישע געפענגנישען, און אזוי בויט מען אכט-שטאָקיגע נייע בנינים. רוסלאַנד איז גרויס און דער הימעל איז הויך און מענשען וועלען קיינמאָל נישט פעהלען, אום מיט זיי אויסצופּי־לען אזעלכע הייזער. די מענשען וועלכע געהען ארויס פון אזעלכע הייזער (איך מיין נישט, זיי געהען ארויס פריי, נאָר זיי געהען צום פעלד־געריכט), זענען אזוי וועניג עהנליך אויף מענשליכע געשטאַלטען, אז ווען מען ברענגט זיי דאַן צום פעלד-געריכט, ווערען אפילו די קאָזאַקען־אָפיצירען, וועלכע דאַרפען זיצען ביים געריכט, ערשיטערט ביי זייער אָנבליק. נאַטירליך האָ־בען די דאָזיגע קרבנות נאָר איין וועג: פון דער אינקוויזיציע צום פעלד־געריכט און פון פעלד־געריכט צו דער תליה, און מיר וואָלטען פון זיי און פון זייערע ליידען גאָרנישט וויסען, ווען נישט די אָפיצירען זעלבסט און די סאָלדאַטען און עטליכע געפענגניש־וועכטער וואָלטען אביסעל אויס־פּלוידערען פון יענע סודות. די וועלט האָט עפּעס דערהערט פון יענע סודות, און אונזער פאָרזיכטיגע רעגירונג, אזוי באַלד ווי אויך די אויס־לענדישע פרעסע האָט אָנגעהויבען דערפון צו רעדען, האָט געפונען פאַר

גוטיג „צו מאַכען אַנ׳אויספאָרשונג״. דאָס איז שוין אַזוי דער אַלטער מנהג פון אונזער רעגירונג, אַלעמאָל ווען עס מישט זיך אריין דאָס אויס־לאַנד: „זי פאָרשט״. דאָסמאָל האָט זי געשיקט אַ ספּעציעלען טשינאָוו־ניק צום אויספאָרשען. אָבער ווייסט איהר, ווער דער דאָזיגער ספּעציעלער טשינאָווניק איז געווען? דער דירעקטאָר פון דעם פּאָליציי־דעפּאַרטאַמענט, הערר טרוסעוויטש. וואָס זאָל איך אייך זאָגען, דאָס איז אַזוי, ווי מען וואָלט שיקען לידוואַל׳ן, ער זאָל „אויספאָרשען״ די מעשה מיט גורקאָ. און דער דאָזיגער טרוסעוויטש האָט געפאָרשט און געפאָרשט, און צום סוף האָט ער נאַטירליך געפונען, אַז מען האָט אויף דעם ריגאַ׳ער געפענגניש געמאַכט נעבעך אַ בלבול. עס איז כלומר׳שט יאָ עפּעס דאָרט געווען, נאָר עס לויהנט זיך גאָרנישט דערפון צו רעדען. דאָס צימער מיט די כלים, ווי, למשל גומענשטעקענס, בלייערנע בייטשען, שפּיזז־קינזשאַלען, אייזערנע הענטשקעס, צוואַנג־שטוהלען, איז אייגענטליך נאָר געווען, ווי ער זאָגט, אַ „מוזעאום״. איי ווי קומט גראָד אַ מוזעאום אריין דווקא אין דעם צימער, וואו מען האָט פערהערט די געפאַנגענע?? אַ טעות מסתמא. אין רוסלאַנד טרעפט זיך דאָך אַמאָל אַ טעות. מען קאָן נישט פערלאַנגען, אַז אַ געפענגניש, וואָס איז אַלעמאָל אַזוי פול געפראָפּט און האָט אַזוי ווענינ אָרט, זאָל נאָך האָבען אַ בעזונדערען אָרט פאַר קונסט־געגענשטאַנ־דען, ווי גומענע שטעקענס, שפּיזז־נאָדלען א. ז. וו. מיר לעבען דאָך נישט אין ענגלאַנד, אַז מיר זאָלען האָבען אויף אַזעלכע זאַכען עקסטראַ אַ ברי־טיש מוזעאום. איבריגענס האָט דער הערר טרוסעוויטש געגעבען באַלד אַ פעראָרדנונג, אַז דאָס „מוזעאום״ זאָל ווערען ארויסגענומען פון יענעם צימער. די כלים האָט מען דערוייל ארויסגענומען, וועגען עין־הרע נאַ־טירליך, אָבער די רוצחים האָט מען געלאָזען. עס האַנדעלט זיך דאָך נאָר וועגען אַ „מוזעאום״. זאָגט וואָס איהר ווילט, רוסלאַנד און די רוסישע לייט האָבען פאָרט הומאָר! —

איבריגענס פעהלט דער הומאָר אין רוסלאַנד אין ערגעץ נישט. הויפּט־זעכליך פעהלט ער נישט אין דער דומאַ. איך מיין נישט דעם הומאָר אין די רעדעס. דאָרט פעהלט ער דווקא יאָ; די רעדעס זענען געניג טרוקען,

דען זיי זענען אונטער אַנ׳אייביגער צענזור. איך מיין דעם הומאָר אין
דער גאַנצער דומאַ־קאָמעדיע. דאָס דאָזיגע שפּיעל פון קאַץ און מויז.

די דומאַ־קאָמעדיע, דויערט דערוויילֿ אַלֿץ נאָך ווייטער. איך קאָן אייך
היינט נאָך נישט מעלֿדען, אַז מען האָט די דומאַ צעטריבען, אָבער לאַנג
וועט איהר נישט האָבען צו וואַרטען דערויף. אין דער נעכטיגער דומאַ־
זיצונג האָט דער אָבגעאָרדנעטער דזשאַפּאַרידזע עפּעס זיך אַרויסגערעדט
עטליכע פרייע ווערטער, און שוין האָבען זיך היינט פערשפּרייט די קלאַנגען,
אַז די דומאַ ווערט צעטריבען. מען טאָר קיין פּאַרע פון מוילֿ נישט אַרויס-
לאָזען געגען דעם ווילֿען פון העררן סטאָליפּין און זיין רעגירונג, אַז ניין,
סטראַשעט מען באַלֿד, אַז מען וועט צעטרייבען די דומאַ. איך וועלֿ איהם
קיינמאָלֿ נישט פערגעסען די טובה, וואָס ער טהוט מיר, ווען ער לאָזט מיר
די דומאַ יאָ! אַ קלייניגקייט וואָס איך האָב פון איהר! שטעהט מען
שוין אַכט טאָג און מען דרש׳ענט וועגען דעם אָבשאַפען פון די פעלד-געריכ־
טען. פּורישקעוויטש איז דער „געלֿעהרטער” און ווייזט אויף דורך וויסענ־
שאַפט, אַז די פעלֿד־געריכטען מוזען בלייבען. קרושעוואַן איז דער בעלֿ־
רחמנות און דערווייזט, אַז מען מוז האָבען רחמנות אויף די אומגליקליכע
מענשען אין רוסלאַנד, וועלֿכע זענען אין אייביגער סכנה און מען מוז לאָ-
זען די פעלֿד־געריכטען; וועט מען זיי אָבשאַפען, סטראַשעט ער, וועט
דאָס „פאָלק” אויפשטעהן און וועט זיך אַליין וויסען ווי צו שיצען; אַלזאָ
— פּאָגראָמען וועלֿען זיין. הערר סטאָליפּין איז דער יוריסט און בעווייזט,
אַז יוריסטיש האָט מען נאָך גאָרנישט דאָס רעכט אָבצושאַפען די פעלֿד-
געריכטען. זאָגט, איז דאָס נישט אַ הומאָריסטישע פאָרשטעלֿונג? און
רעדט מען אַזוי בשעת דאָס לעבען פון הונדערטער מענשען, און אָפט פון
גאַנץ אונשולֿדיגע איז אויסגעזעצט טאָג־שעגלֿיך אויף דער געפאַהר פון
פעלֿד-געריכטען? הערר סטאָליפּין קאָן זיך נישט צעשיידען מיט זייגע
געלֿיעבטע פעלֿד־געריכטען, און אַז זיי קאָנען נאָך „יוריסטיש” בלייבען
פיער וואָכען, וויל ער וועניגסטענס נאָך פיער וואָכען דעם דאָזיגען תענוג
האָבען. הערר סטאָליפּין ווייסט, אַז לֿויט די גרונד-געזעצען האָט די דומאַ
דאָס רעכט, נאָכ׳ן פערלֿויף פון עטליכע וואָכען זינט אַ געזעץ־פּראָיעקט
איז פאָרגעלֿעגט געוואָרען, אַזאַ פעראָרדנונג ווי די פעלֿד-געריכטען מבטל

צו מאַכען, נאָר הערר סטאָליפּין וויל וועניגסטענס די עטליכע וואָכען נאָך אויסנוצען. הערר סטאָליפּין קאָן זיך אָבער טרייסטען: די דומא וועט פריהער אָדער שפּעטער סיי־ווי־סיי צעיאָגט ווערען און ער וועט דאַן קאָנען זיינע געליעבטע פעלד־געריכטען אויפדאַסניי איינפיהרען. און אַזוי וועט עס דאָך קאָנען געשעהן עטליכע מאָל אין יאָהר; יעדעסמאָל נאָך א דומא־צעטרייבען וועט מען פעלד־געריכטען איינפיהרען, און יעדעסמאָל נאָך א דומא־ערעפנונג וועט מען קאָנען האַלטען פּלפּולים און יוריסטיש פערלאַנגען נאָך פיער וואָכען צייט און זיי דאַן אויף עטליכע טעג מבטל מאַכען. דאָס איז הומאָר. — און אויך אין די פּלפּולים וועגען די הונגער־ליידענדע און וועגען דער אגראַר־פראַגע שטעקט הומאָר. א גרויסער טייל פון די דעפּוּ־טאַטען האָבען פערלאַנגט, אז מען זאָל וועהלען קאָמיסיעס און זיי שיקען אין די ערטער, וואו די הונגעריגע ליידען — און די דאָזיגע פּלפּולים האָבען געדויערט עטליכע טעג. איז דאָס נישט ווידער א הומאָריסטישע פאָרשטע־לונג? און רעדט מען אַזוי און טהוט מען אַזוי בשעת צעהנטויזענדער געהען אוים פאַר נויט? — און אויך מיט דער יודען־פראַגע הויבט עס אָן אַזוי צו זיין. מען האָט מיט מזל שוין געשטעלט א פאָרשלאַג, אז מען זאָל „בעטראַכטען“ די יודען־פראַגע — און מיר הויבט אָן די הויט צו גרוילען אויף די ביינער, אז איך דערמאָהן זיך, וועלכע קלוגע זאַכען מען וועט דאָ אַלץ הערען. מען וועט רעדען און רעדען, און פּורישקעוויטש וועט רעדען און וועט זיין וויסענשאַפטליך און קרושעוואַן וועט רעדען און וועט זיין א בעל־רחמנות און סטאָליפּין וועט רעדען און וועט זיין יוריסטיש — און דער סוף וועט זיין, אז מען וועט ביגתים כאַפּען די הלוואה אין אויס־לאַנד און מען וועט די דומא צוטרייבען און די יודען־פראַגע וועט בלייבען יודען־פראַגע און נאָר פאַגראָמען וועלען זיין.

דערווייל אָבער רעדען נישט די אַנדערע, נאָר סהוען. פון מאָסקווא קומט אונז די נאַכריכט, אז דאָרט איז געהרג׳עט געוואָרען דורך פיער רעוואָלווער־קוילען דער יודישער געוועזענער דומא־דעפּוטאַט יאָלאָס, דער רעדאַקטאָר פון די „רוסקיא וויעדאָמאָסטי“, און געהרג׳עט איז ער געוואָרען פאַר דעם הויז, וואו עס געפינט זיך די רעדאַקציע פון דער צייטונג פון די „עבט רוסישע“. לויט אַלע איינצעלנע בעריכטען, וועלכע זענען היינט געקומען

פון מאָסקווא, איז שוין קיין שום ספק נישט, אז זיינע מערדער זענען די „עכט רוסישע". עס איז א נייער פאַל הערצענשטיין. און אונזער רעגירונג וועט מסתם אויך דאָסמאָל זוכען די מערדער און זוכען און זוכען — און וועט זיי קיינמאָל נישט קאָנען געפינען. יאָלאָס איז געווען אין זיין צייטונג צו געפעהרליך פאַר דער רעגירונג און פאַר די „עכט רוסישע". אויך קומט אָן א נאַכריכט פון פעטערבורג, אז אויך דער דומא־דעפוטאט וולאַדימיר העסען האָט בעקומען א טויט־אורטייל פון דעם פעראיין פון די עכט רוסישע. דאַנעגען אָבער איז אונז דער טעלעגראַף היינט מודיע, אז א צייטונג פון די עכט־רוסישע אין מאָסקווא האָט אָנגעהויבען צו קריגען סובסידיעס פון דער רעגירונג. רבונו של עולם, וויפיעל געלד ברויך אונזער רעגירונג!

בין כך וכך איז אין פעטערבורג געשטאָרבען פּאָביעדאָנאָסצעוו, דער רעאַקציאָנערסטער פון אַלע רעאַקציאָנאַרען. דאָס איז יעדענפאַלס געווען דער מערקווירדיגסטער מענש פון דעם דאָזיגען לאַגער. אייגענטליך אַן אידעאַליסט און א רעוואָלוציאָנער, נאָר איז זיין אידעאַליזם און זיין רע־וואָלוציאָניזם בעשטאַנען אין דעם, וואָס ער האָט געוואָלט מיט אַלע כוחות נישט, אז עס זאָל קומען א נייע צייט, נאָר אז עס זאָל זיך אומקעהרען דאָס זעכצעהנטע יאָהרהונדערט דווקא, און ער האָט געמיינט, אז דאָס איז מענשען־מעגליך. פון זיין טויט קאָן איך נאָר מעלדען, אז ער האָט איבער־געלאָזען א פערמעגען פון אכט מיליאָן רובעל, ווי עס ווייזט זיך אויס, איז רעאַקציאָניזם און יודען־פרעסעריי נאָך אַלץ א גלענצענד געשעפט אין רוסלאַנד.

# פיערזונצוואַנציגסטער בריעף

דאַסמאָל צום סדר זענען די הויפּט-קשיות אייגענטליך נישט בעשטאַנען אין „מה נשתנה", נאָר עפּעס אַנדערע מיני קשיות האָבען זיך געפּלאָנטערט ביי יעדען אין קאָפּ און האָבען שווער געמאַכט יעדען דאָס האַרץ און זענען געלעגען ביי יעדען אויף דער צונג: וועלען מאָרגען, איבערמאָרגען זיין פּאָגראָמען אָדער וועלען זיי נישט זיין? וועט די חיה רעה אין'ם מענשען זיך איינהאַלטען אין איהר שטייג אָדער וועט זי ארויסשפּרינגען? און דער דאָזיגער הערר, וועלכער זיצט דאָ אַנטקעגען מיר אויפ'ן באַלקאָן, וועט ער מאָרגען זיך ארויפוואַרפען ווילד אויף מיר אָדער וועט ער עס נישט? און די דאָזיגע שטוב, אין וועלכער איך וואוין, און דער דאָזיגער שטוהל, אויף וועלכען איך זיץ, און דער דאָזיגער טיש, ביי וועלכען איך בין איצט בעשעפטיגט, — וועט נישט מאָרגען אין דער דאָזיגער צייט די דאָזיגע שטוב שוין זיין אַ חורבה און וועט נישט זיין דער דאָזיגער שטוהל שוין אַ צעהאַקטער און וועט נישט זיין דער דאָזיגער טיש שוין אַ צעבראָכענער מיט אויסגעריסענע פיס? און דאָס דאָזיגע קינד, וועלכעס ליגט דאָ איצט אין זיין וויעגעל אַזוי רוהיג, וועט נישט מאָרגען אין דער דאָזיגער צייט די מאַמע זוכען עפּעס אַ בעהעלטעניש פאַר איהם אויף אַ בוידעם אָדער אין אַ קעלער? און דער דאָזיגער דזשענטעלמען, וועלכער איז היינט אין גאַס צו מיר צוגעגאַנגען און האָט געצויגען העפליך דעם הוט און האָט געבעטען אַביסעל פייער פאַר זיין ציגאַר, וועט ער נישט מאָרגען אין דער דאָזיגער צייט צוגעהן צו מיר און וועט ער נישט פון בוזעם ארויסציהען זיין לאַנג פּיניש מעסער און וועט עס מיר שטעקען אין בויך אריין? — אוי אונזערע ימים טובים! אוי מיט וואָס אונזערע געדאַנקען און אונזערע חלומות בעשעפטיגען זיך ביי אונז אין אונזערע ימים טובים!

דערוויילע, לויט די נאַכריכטען וואָס זענען אונז דערגאַנגען ביז איצט, זענען די עטליכע טעג יום-טוב אריבער גאָט זיי דאַנק מיט חסד. איבריגענס איז נישט אונזער פּסח דער עיקר, נאָר זייערער, און מיר מוזען נאָך

אָבוואַרטען. אָבער אויך דער חסד פון אונזער פּסח איז דערווייל געגוג פאַר אונז. און דאָס איז קיין וואונדער נישט, וואָס מען האָט אונז געלאָזען אביסעל צורוה; אין דער דומא ווערט דאָך איצט גראָד געשפּיעלט די קאָמעדיע פון דער בודזשעט־פראַגע. בעת עס ווערט בעהאַנדעלט אזא פראַגע, לויהנט עס זיך נישט פאַר דער רעגירונג, אַז זי זאָל דערלאָזען פּאָגראָמען. עס האָט איהר אפילו געשט געלויהנט, אַז זי זאָל דערלאָזען רוהיג די רציחה פון יאָלאָס און זי האָט כלומר'שט געמאַכט א טרויעריג פּנים און האָט זיך בעמיהט, אַז מען זאָל באַלד מאַכען א שטרענגע אונטערזוכונג און האָט צו דער אונטערזוכונג בעשטימט אַוועקצושיקען קיין מאָסקווא דעם יוסטיץ־מיניסטער אַליין — עלעהיי זאָל די וועלט זעהען, אַז דער יוסטיץ־מיניסטער אַליין האָט גאָרנישט געקאָנט שלעכטעס געפינען, און מסתם איז די רציחה נאָר א פּראָסטער צופאַל. איבריגענס, האָט מען אויך — כדי די קאָמעדיע צו פערפולשטענדיגען — א צוויי, דריי פערדעכטיגע מענשען פערהאַפטעט, און נאַטירליך האָט מען זיי באַלד פריי געלאָזען. דאָס שענסטע אָבער ביי דער גאַנצער זאַך איז, וואָס די צוויי הויפּט־צייטונגען פון דער שווארצער מאה, די „נאָוואָיע ורעמיא" און די „רוסקאָיע זנאַמיא", זענעןביידע געקומען אין איין טאָג און האָבען דערצעהלט א מערקווירדיגע מעשה: אזוי הערצענשטיין ווי אויך יאָלאָס זענען ביידע געוואָרען ערמאָרדעט פון די רייכע יודען, ווייל „דאָס איז א מצוה, וואָס שטעהט אין תלמוד", כדי צו קאָנען ארויפלעגען דעם חטא אויף די רוסישע פּאַטריאָטען. איך געדענק, אַז בעת דעם רוסיש־יאַפּאַנישען קריעג האָט די „נאָוואָיע ורעמיא" דערצעהלט אַנ'עהנליכע חכמה, אַז די יודישע סאָלדאַטען לאָזען זיך מיט צו־פליים דערשיסען פון די יאַפּאַניער, כדי זיי זאָלען נישט דערלאָזען רוס־לאַנד א נצחון. — גאָגאָל דערצעהלט אונז אין זיין „רעוויזאָר" פון איין אונטער־אָפיצירען, וועלכע האָט זיך אַליין אויסגעשמיסען. אָרימער גאָגאָל! זיין פאַנטאַזיע האָט געקאָנט אינגאַנצען אויסטראַכטען קוים אזא מעשה. אונזער „נאָוואָיע ורעמיא" איז פיעל טאַלאַנטפולער: יודען דער'הרגענען אַליין די יודישע דעפּוטאַטען, אָדער יודישע סאָלדאַטען לאָזען זיך מיט צו־פליים דערשיסען!

יאַלאַס׳ן האָב איך פּערזענליך גוט געקענט, און איך קאָן נישט פערגעסען דעם איינדרוק, וועלכען דער דאָזיגער מענש האָט אויף מיר געמאַכט. דאָס איז נישט געווען קיין פּאָליטיקער. דאָס איז געווען א שטובען־געלעהרטער, אָנגעשטאָפּט מיט טויזענד וויסענשאַפטען, און עהרליך איז דאָס געווען, ווי מען זעהט דאָס היינט גאָרנישט; איך וואָלט קיינמאָל נישט געגלויבט, אז דער דאָזיגער מענש וועט שפּיעלען אמאָל א פּאָליטישע ראָלע. ער וואָלט אייך אוודאי אוועקשענקען עטליכע רעוואָלוציעס בחנם, אבי איהר זאָלט איהם נאָר לאָזען זיינע סטאַטיסטישע ארבייטען. און גראָד אזא מענש איז געפאַלען אלס קרבן. פאַרוואָס די „עכט רוסישע" האָבען נויטיג דווקא אזעלכע הערצענשטיינס און אזעלכע יאָלאָסעס אלס קרבנות — איז מיר נישט רעכט פערשטענדליך; אפשר דווקא נאָר דערפאַר, וואָס זיי האָבען מורא פאַר די פאָלגען פון וויסענשאַפטליכען שטודיען, וועהרענד גלאַט שעהנע רעדעס אהרען זיי נישט. ווי בעליעבט אָבער יאָלאָס איז געווען הן צווישען פּאָליטיקער און הן צווישען אנדערע קלאַסען מענשען, דאָס האָבען מיר געזעהן ביי זיין לוויה; אזא לוויה האָט א יוד אין מאָסקווא נאָך נישט געהאַט. מעהר ווי דרייסיג טויזענד מענשען האָבען זיך בעטייליגט אין איהר. הונדערטער קרענץ זענען געבראַכט געוואָרען, דעפּוטאַטען פון פיעל שטעדט זענען געקומען, און גאַנץ בעזונדערס האָבען געמאַכט אויפזעהן די דעפּוטאַציעס פון דער פּעטערבורגער דומא, חברים פון דער ערשטער און חברים פון דער צווייטער דומא. צווישען די אונצעהליגע רעדעס ביי זיין קבר, האָט זיך אויסגעצייכענט די רעדע פון דעם מאָסקווער ראַבינער מאז׳ה, וועלכער האָט געפייערט דעם געשטאָרבענעם אלס יוד, אָנווייזענדיג, אז ער איז געווען אַנ׳איייניקעל פון ר׳ צבי יאָלאָס, דער מחבר פון „מלוא הרועים".

איבריגענס איז דער „פעראיין פון די עכט רוסישע" נישט שטעהן געבליבען ביי יאָלאָס׳ען; אויף דערזעלביגער זיצונג, וואו ס׳איז בעשלאָסען געוואָרען אומצוברענגען דעם דאָזיגען קרבן, איז אויך בעשלאָסען געוואָרען אומצוברענגען פאָלגענדע 8 דומא־דעפּוטאַטען: ראָדיטשעוו, טעסלענקאָ, מאַקלאָקאָוו, פּאָזנאַנסקי, בערעזין, צערעטעלי, אלעקסינסקי און דעם גייסטליכען טיכווינסקי. און אויך פּראָפּער, דער רעדאַקטאָר פון דע פּעטערבור־

נער „בירזשעוויא וויעדאָמאָסטי" (מי שהיה יהודי), האָט בעקומען די טעג צוגעשיקט פון זיי זיין טויט־אורטייל. ווי מען זעהט, געהט חברה נישט לעדיג.

נאַטירליך אָבער זענען דאָס אַלץ קליינינקייטען; די הויפּט־ארבייט איז גאָר עפּעס אנדערש. ווי מען מעלדעט פון אַלע עקען און ענדען רוס־לאַנד'ס, איז אומעטום איצט צו בעמערקען, אַז די שווארצע מאות גרייטען זיך צו עפּעס וויכטיגעס. די פּעטערבורגער צייטונגען שרייבען, אַז מען איז זיי מודיע פון פיעל שטעדט וועגען אַ שטאַרקער בעוועגונג, וועלכע איז אין די לעצטע טעג צו בעמערקען צווישען די שווארצע. מען קלויבט געלד אויף געוועהר, מען האַלט אָב געהיימע פערזאַמלונגען, מען גיט זיך אין זייערע צייטונגען יעדען טאָג נייע צייכענס — בקיצור, מען מאַכט גרויסע הכנות. וואָס עס טהוט זיך געגוי, ווייסט מען נישט; מען ווייסט נאָר, אַז דאָס מיניסטעריום אַליין האָט שוין געקריגען אביסעל פּחד, דאָס די פערצוויגענע בנים יחידים'לעך זאָלען דאָ נישט אָבארבייטען אַ שטיקעל, וועלכעס זאָל שאָדען דער רעגירונג אַליין, און דעריבער איז אין מיניסטאָרען־ראַט געווען די לעצטע טעג אַ זיצונג. אום צו זוכען מיטלען געגען די צעלאָזענע „עכט רוסישע„ אַליין. ווי מען דערצעהלט, זאָל סטאָליפּין האָבען בעקומען אין זיינען הענד אריין אַ דאָקומענט, פון וועלכע עס איז געווען צו זעהען, אַז דער פעראיין פון די עכט־רוסישע האַלט ביים אויספיהרען אַ שרעקליכען פּלאַן. דער פּלאַן בעשטעהט אין אַניעכט־רוסישען אויפשטאַנד, וועלכער ווערט אָרגאַניזירט שוין זינט עטליכע חדשים. לויט דעם דאָזיגען פּלאַן, מוזען זיך אַלע מיטגלידער פונ'ם פעראיין אין אַלע שטעדט רוסלאַנד'ס בעוואָפנען און וואַרטען אויף אַ סיגנאַל, וואָס וועט געגעבען ווערען דורך אַ געוויסען סימן פון פּעטערבורג. און אין יענעם טאָג, ווען דער סיגנאַל וועט זיין געגעבען, וועט זיין דער אַלגעמיינער עכט־רוסישער אויפשטאַנד; זיי וועלען אויפשטעהן מיט דער פאָדערונג, אומצוקעהרען רוסלאַנד צו איהר אַלטער היסטאָרישער אָרדנונג. אַ דומאַ, אַ פאָלקס־פערטרעטונג, אַ קאָנס־טיטוציע אָדער עפּעס אַ רעפאָרם טאָר נישט געדאַכט ווערען. איבערהויפּט וועט זיך דער אויפשטאַנד קאָנצענטרירען אין די שטעדט, וואו עס זענען דאָ אוניווערזיטעטען. אַלע אוניווערזיטעטען און העכערע שולען וועלען ווע־

רען בעלאַגערט און די פּראָפעסאָרען וועלען צעטריבען ווערען. אַלע ליבע־ראַלע רעדאַקציעס וועלען דעמאָלירט ווערען און די רעדאַקטאָרען און די מיט־אַרבייטער פון ליבעראַלער אויסלענדישע צייטונגען (למשל איך) וועלען אַרעסטירט ווערען ווײַם. איך נאָך נישט. מען ווייסט נאָר אַזויפיל, אַז אַט דער דאָזיגער גאַנצער פּלאַן איז אויסגעאַרבייט געוואָרען שוין פּאַר עטליכע חדשים אויף אַ געהיימען צוזאַמענפאָהר, וועלכער איז געווען אין מאָסקווא, און דאַן איז ער נאָכאַמאָל בעקלערט געוואָרען אויף אַ צווייטען צוזאַמענפאָהר אין פּעטערבורג. מען דערצעהלט זאָגאר נאָך עפּעס, וואָס עס גלויבט זיך גאָרנישט. און נעמליך, אַז סטאָליפּין, נאָכדעם ווי ער האָט זיך דערוואוסט פון דער גאַנצער געשיכטע האָט געשיקט רופען צו זיך עטליכע אָנפיהרער פון דעם פעראיין פון די עכט־רוסישע און האָט זיי געזאָגט מוסר און האָט זיי ערקלערט, ווי דווקא איצט קאָן זייער פּלאַן ברענגען רוסלאַנד פיעל שאָ־דען, און האָט זיי געזאָגט, אַז אויב ער וועט זיך איבערצייגען, דאָס זיינע ווערטער האָבען נישט גענוצט, וועט ער זיין געצוואונגען אָנצונעהמען זעהר שטרענגע מיטלען געגען דעם פעראיין פון די עכט־רוסיש. און באמת זעהען מיר, אַז די עכט־רוסישע האָבען אָנגעהויבען אַרומצוקריכען דער רעגירונג אַביסעל צופיעל שוין אויפ׳ן קאָפּ און אָפט ברענגען זיי זי אין אַ פערלעגענ־הייט. די ׳בנים גדלתי ורוממתי״ הויבען אָן צו ווערען אַ רעכט ביסעל אונבעקוועם. די רעגירונג האָט אַליין אַרויפבעשוואוירען די דאָזיגע שדים, און איצט קאָן זי זיי נישט מעהר בענדיגען.

ווי וויט די דאָזיגע אַלע קלאַנגען זענען ריכטיג, קאָן קיינער נישט זאָ־גען. קלאָר איז נאָר איין זאַך עפּעס קומט פאָר אין דער מחנה פון די עכט־רוסישע, און טאַקי עפּעס שרעקליכעס. ווער ווייסט וואָס מיט טויזענ־דער אָרימע יודען וועט זיין אין צוויי, אין דריי אָדער אין פיער וואָכען. די פראַגע, וועלכע בעשעפטיגט איצט יעדען יודישען מוח, איז: וועלען זיי אָדער וועלען נישט זיין פּאָגראָמען! וועט דער שטוהל, אויף וועלכען איך זיץ, מאָרגען זיין צעבראָכען אָדער נישט? וועט דאָס קינד, וואָס שפּיעלט זיך איצט אַהנונגסלאָז. מאָרגען ליגען ערגעץ־וואו בעהאַלטען אָדער נישט?
— איי איז דאָס אַ לעבען אַביסעל! איי האָבען מיר פרעהליכע ימים טובים!

און דערווייל, ווי געזאָגט, געהען אין דער דומא די פערהאַנדלונגען וועגען דעם בודזשעט. וועהרענד אַלע אַנדערע פערהאַנדלונגען האָבען במעט קיינעם נישט אינטערעסירט, אינטערעסירט די בודזשעט־פראַגע יעדען בעזונדערס געוואַלדיג. עפּעס האָט מען געוואוסט און געפיהלט ביי די אַנ־דערע זאַכען, אַז עס ווערט נאָר אַ קאָמעדיע געשפּיעלט, און אויב, למשל, מען רעדט געגען די פעלד־געריכטען אָדער מען איז מסכים צו זיי, זענען עס נאָר ווערטער און דאָס גאַנצע האָט קיין שום פּראַקטישען נוצען נישט. ביי דער פראַגע וועגען דער מטבע איז דאָס אביסעל אַנדערש. מען פיהלט פּאָרט, אַז געלד האָט די רעגירונג נויטיג, און געלד וועט דאָס אויסלאַנד געבען נאָר בהסכם הדומא, און עפּעס מיינט מען, אַז די דומא איז צו שוואַך און וועט סוף־כל־סוף מסכים זיין צו אַ הלוואה: זי וועט בלויז קריטיקירען דעם בודזשעט, זי וועט רעדען עטליכע טעג נאָכאַנאַנד און וועט ווייזען איהר קונציגע גבורה אין חכמות הרעדנעריי, אָבער צום סוף ווע‍ט זי מסכים זיין צו אַ הלוואה. זי ווע‍ט סוף־כל־סוף מורא האָבען, אַז מען זאָל זי נישט צעטרייבען, זי ווע‍ט וועלען היטען איהרע ביינער און וועט קרעכצען און וועט מסכים זיין. עס פרעגט זיך נאָר: און וואָס איז דאָ דער מעהר, ווען מען זאָל אפילו יאָ צעטרייבען אַ דומא? מען ווע‍ט זי דאָך סיי־ווי צעטרייבען נאָך דער הלוואה — וואָלט נישט אפשר גלייכער געווען, זיך צו לאָזען צעטרייבען שוין איצט און צו יענער הלוואה נישט מסכים צו זיין? קוטלער אין זיין רעדע האָט בעוויזען, אַז דער גרעסטער טייל פון דעם געלד, וועלכעס רוסלאַנד בעדאַרף, בעדאַרף זי אויף תפיסות און אויף זשאַנדאַרמען און אויף פּאָליציי־אַגענטען וכדומה — איז דאָס אַזוי דער יושר, אַז אַ „רעוואָלוציאָנערע" דומא זאָל זיך לאָזען נאַרען אין זאַק אריין און זאָל אַליין בידים פערשאַפען די מיטלען, וועלכע מען בע־דאַרף, אום זי שפּעטער צו פייניגען? עס איז די אַלטע מעשה מיט יע־נעם זאָטלער, וועלכער האָט אַליין מיט זיינע אייגענע הענד אויסגעאַרבייט די לעדערנע נאַגאַאיקע, מיט וועלכער ער קריגט שפּעטער געשלאָגען. מעג־ליך איז נאַטירליך, אַז אויך דאָס דאָזיגע איז נאָר אַ קאָמעדיע און די רע־גירונג ברויכט גאָרנישט אַזוי זעהר די הסכמה פון אַ דומא, אום צו קריגען ביי די אויסלענדער די עטליכע מטבעות — יעדענפאַלס אָבער האָט מען

דאָס פובליקום איינגעוויעגט אין דעם דאָזיגען גלויבען, און דאָס פובליקום שטעהט איצט און קוקט אהין צו דער דומא צווישען פחד און האָפנונג.

דאָס איז פון איין זייט. פון דער אנדערער זייט טהוט די רעגירונג אליין דאָס איהריגע: אויף דעם הויפט־טעלעגראפען־אמט האָט מען איינגעפיהרט א צענזור אויף טעלעגראמען צו די דומא־דעפוטאַטען; אין קיעוו, אין יעקאטערינאָדאר און אין נאָך שטעדט האָט דער טעלעגראַפען־אמט איינפאך אויפגעהערט אָנצונעהמען טעלעגראמען, וועלכע ווערען געשיקט אויף דעם נאָמען פון א דומא־דעפוטאַט. די דומא־דעפוטאַטען זעלבסט ווערען בעהאַנדעלט ווי די פערברעכער. דער דעפוטאַט אלעקסינסקי, למשל, ווערט געהיטען פון פּאָליציי־אַגענטען; נאָך איהם געהט נאָך א גאַנצע ארמעע פון שפּיאָנען; יעדעס וואָרט, יעדער שריט זיינער ווערט פערשריבען. די אַגענטען גיבען אָב ראַפּאָרט פון זיין רעדען יעדען טאָג, דאָ האָט ער גערעדט אויף א מיטינג, דאָ אין א פאבריק, דאָ אין איינער פון די העכערע לעהר־אַנשטאַלטען. איבערהויפּט איז דאָס לעבען פון די דעפוטאַטען נישט בעזונדערס זיכער און עס איז קיין וואונדער נישט, וואָס די טעג האָבען כמעט אלע דעפוטאַטען פון דער דומא בעקומען א פאָרשלאַג פון דער געזעלשאַפט „ניו־יאָרק", זיי זאָלען אַסעקורירען זייער אונבעריהרליכע פערזענליכקייט: די געזעלשאַפט פערגעסט נישט צו דערמאָהנען, אַז הערצענשטיין איז געוועזען אַסעקורירט אויף 50,000 און יאָלאָס אויף 10,000 רובעל. — אינטערעסאַנט איז אויך, אַז דווקא איצט האָט זיך דער מיניסטער פון אינערן מישב געווען און האָט ערלויבט ארויסצוגעבען 12,000 רובעל צו שטיצען דעם רעדאַקטאָר פון „סעלסקי וויעסטניק", אויף צו דרוקען „נוצליכע" בראָשורען. אגב האָט דער מיניסטער אויך געגעבען א דאַנק־טעלעגראַמע דעם פעראיין פון די עכט־רוסען פאר זייערע הארציגע ברכות, וועלכע זיי האָבען איהם געגעבען פאר זיינע שעהנע רעדעס אין דער דומא. אינטערעסאַנט איז אויך, וואָס דווקא איצט האָט די הויף־קאַמאַרילע אָבגעארבייט א שטיקעל, אַזוי אַז דער קייזער האָט בעגנעדיגט איינעם, מאָסעיענקאָ, וועלכער איז געוועזען פער'משפט אין אָדעס אויף 8 חדשים געפענגניש פאר בעטייליגען זיך אין א יודישען פאָגראָם. איבריגענס,

האָט געמאַכט אויפזעהן אויך פאָלגענדער פאַל: קאָקאָצעוו האָט אין איינ־
ער פון זיינע רעדעס זיך בעדיענט מיט אזא זאַץ: „ווענען גלייכבערעכטי־
גונג פון נאַציאָנען וועלען מיר רעדען אין אַנ׳אַנדערער צייט און אין אַנ׳-
אַנדער אָרט”. אמת, די דאָזיגע אונפאָרזיכטיגע ווערטער פון הערר'ן מי־
ניסטער זענען שפּעטער געוואָרען אוועקגעלאָזען אין די סטענאָגראַפישע
בעריכטען; עס איז אָבער געווען פערפאַלען, אין די קולוארען פון דער
דומא האָבען זיי אָנגעמאַכט א גרויסען רעש, דען מען האָט אין זיי געזעהן
א רמז אויף דעם גיכען צעטרייבען פון דער דומא און אויף דעם אמת'ען
פערהעלטניש פון דער רעגירונג צו דער יודען-פראַגע.

# פינפאונצוואַנציגסטער בריעף

אין פּאָביעדאָנאָסצעוו'ס פּאָליטישער צוואה, וועלכע עס האָבע איצט עטליכע צייטונגען פערפעננטליכט, געפינען זיך פאָלגענדע דריי פונקטען: 1) פעלד־געריכטען מוזען בלייבען אויף שטענדיג, נישט בלויז פאַר מי־ליטער־עבירות, נאָר אויך פאַר אַלע מינים פון אַלגעמיינע עבירות; 2) שולען און צייטונגען מוזען איבערגעגעבען ווערען אונטער דער השגחה פון דער הייליגער גייסטליכקייט און יודען טאָרען צו זיי נישט צוגעלאָזען ווערען; 3) אין קיין רוסישער שטאָדט טאָר זיך קיין יוד נישט געפינען, אָהן אַ שום אונטערשייד, צי דאָס איז אַ בעל־מלאכה אָדער אַ סוחר, אַ דאָקטאָר אָדער סתם אַ יוד. חוץ דעם פערעפענטליכען איצט די צייטונגען אינטערעסאַנטע דאָקומענטען פון די ערשטע טעג פון אַלעקסאַנדער דעם דריטענס רעגירונג און עס ווייזט זיך ארויס, אַז פּאָביעדאָנאָסצעוו און אַלע אַנדערע רעדעל־פיהרערס דענסמאָל אינ'ם הויף האָבען אויסדריקליך עמפּפּויהלען דאָס סיס־טעם פון אַ שרעקענס־רעגירונג, און איינער זאָגאר האָט זיך אויסגעדריקט, אַז „אום רוסלאַנד צו בערוהיגען מוז מען אַ צווייטמאָל הונדערטטויזענד מענשען אויסקוילען, אַזוי אַז די ניעוואַ זאָל זיין אויסגעשטאָפּט מיט פּגרים און רויט פון בלוט". און ווירקליך זעהען מיר, אַז זינט דענסמאָל האָט דאָס דאָזיגע סיסטעם געוועלטיגט אין רוסלאַנד; אונמענשליכע רעפּרע־סיעס און הריגות און יודען־פּאָגראָמען זענען געוואָרען די טאָג־אָרדנונג. און נון בעט איך אייך, אדרבא זאָגט מיר, וואָס קאָנען מיר ערוואַרטען פון אַ לאַנד, אין וועלכען מען רעדט פון אויסקוילען 200,000 מענשען ווי מען רעדט פון אַביסעל אַש פון אַ ציגאַר? וואָס נוצען אונז די שעהנע פראַזעס פון אַ פרייהייט און די קאָמעדיע פון אַ קאָנסטיטוציע און דאָס שפּיעלכעל מיט אַ דומאַ, ווען אין גרונד גענומען זענען פאַרהאַן אַזעלכע פּרינציפּען? וואָס קאָנען אונז העלפען אַלע אונזערע „גליקען" און „נצחונות" און אונז־ער שטאָלץ און צופרידענהייט, אַז דער און דער האָט אין דער דומאַ פיין און קלוג גערעדט און אַז דאָ און דאָ האָט די רעגירונג געהאַט אַ „מפּלה"

אין מיר כלומר'שט האָבען געהאַט אַ „זיעג", ווען דאָס גאַנצע איז בלויז אַ קינדער־שפּיעל און אין גרונד האַלט מען זיך ביים פּרינציפּ פון אַ שרעקענס־רעגירונג? צווייטמאָל הונדערטטויזענד מענשען אויסקוילען, פעלדגע־ריכטען איינפיהרען אויף אייביג, יודען נישט צולאָזען צו קיין שום עפענטליכער שטעלונג און זיי צונויפקוועטשען אין דעם ענגסטען תחום — דאָס, זעהט איהר, איז די אייגענטליכע סחורה, מיט וועלכער אונזער רעגירונג האַנדעלט, און עס שאַדט איהר גאַרנישט, ווען זי הענגט דערזעלביגער סחורה אָן עטליכע נייע עטיקעטען און רופט זיי „פרייהייט" „קאָנסטיטוציע" און „דומא". צום קרעדיט קאָן עס נישט שאַדען.

דערווייל פיהרט זיך אַלעס, ווי עס בעדאַרף צו זיין, פונקט נאָך פונקט, ווי לויט אַ געשריבענעם רעצעפּט; דער פעראיין פון די עכט־רוסישע (אין מיינע אויגען איז אייגענטליך דער פעראיין נאָר אַ פיליאַלע פון דער רעגירונג) האָט אין זיינע צייטונגען „רוסקאָיע זנאַמיא" און „וויעטשער" אָבגעדרוקט עפּעס אַ צייכען פון אַ קרייץ אויף דער ערשטער זייט, אַלס אַ געוויסען סימן פאַר אַ געוויסער טהאַט וואָס די מיטגלידער האָבען צו טהון. און ווירקליך האָבען זיך אָנגעהויבען זינט יענעם טאָג צו שיטען טעלעגראַמען פון אַלע עקען און ענדען רוסלאַנד'ס אויפ'ן נאָמען פונ'ם קייזער, מיט דער ביטע, ער זאָל צעטרייבען די דומא. ביז 500 אַזעלכע טעלעגראַמען זענען פּובליצירט געוואָרען אין פערלויף פון עטליכע טעג; נאַטירליך האָט עס געמוזט מאַכען דעם איינדרוק, אַז דאָס פאָלק וויל נישט קיין דומא. — גלייכצייטיג האָבען די עכט־רוסען זיך ענטשלאָסען אַרויסצוטרעטען מיט אַנ'עפענטליכער וואָרנונג צו די יודען אין רוסלאַנד, אַז זיי זאָלען זיך אָבזאָגען פון אַנטיילנעהמען אין דער רעוואָלוציע, ווען נישט, וועט דער „פעראיין" אַליין זיך נעהמען צו דער מלאכה, צו פערענטפערען די יודען־פראַגע לויט זיין אייגענעם שטייגער. מיט וואָס דאָס שמעקט — פערשטעהט איהר דאָך? — נעבענביי האָט דער „פעראיין" אָבגעטהון נאָך אַ גוט שטיקעל: ער האָט דעם עקסטראַ־אונטערזוכונגס־ריכטער אין מאָסקווא געסטראַשעט מיט טויט, ווען ער וועט נישט אויפהערען צו מאַכען אויספאָרשונגען וועגען יאָלאָס־ענס ערמאָרדונג, אַזוי אַז דער אונטערזוכונגס־ריכטער האָט זיך צום סוף אָבגעזאָגט פון זיין אַרבייט. איבריגענס, האָט דער רעדאַקטאָר פון

„וויעטשע", וועלכען דער אונטערזוכונגס־ריכטער האט געהאט ארויסגערופען, גארנישט געוואלט קומען, און האט אין זיין בלאט חוזק געמאכט פון דעם ריכטער און דעם פאליציימאן, וועלכער האט איהם געבראכט די אויפפאדערונג. — די הויפטזאך אבער ביי דעם גאנצען שפיעלט דער געהיים־צירקולאר, וועלכען דער „פעראיין" האט ארויסגעשיקט צו זיינע הויפט־מיטגלידער. דער רעדאקציע פון „ריעטש" איז געלונגען צו קריגען איין עקזעמפליאר דערפון. אין דעם דאזיגען צירקוליאר בעפעהלט דער פרעזידענט פונ'ם פעראיין, ה. פורישקעוויטש, צו שיקען צום קייזער די אויבענדערמאהנטע טעלעגראמען וועגען צעטרייבען די דומא און וועגען מאכען נייע וואהל־געזעצען, אזוי אז אין דער דומא זאלען נישט קאנען מעהר אריינקומען „די געזעלשאפטליכע אויסוואורפען און פערברעכער"; חוץ דעם זאל מען אין דעם טאג, ווען די דומא וועט צעטריבען ווערען, מאכען גרויסע פאטריאטישע מאניפעסטאציעס (איהר ווייסט דאך שוין, מיט וואס דאס שמעקט?) מיט פאהנען און מיט הייליגע בילדער און מיט'ן קייזערס בילדער. נאטירליך ווערט אויך אנגעזאגט, אז דעם צירקוליאר זאל מען האלטען בסודי־סודות און וויסען דערפון זאלען נאר די פערטרויטעסטע מיטגלידער.

אינדערפריה טרייבט מען די דומא פונאנדער, מיטאגס־צייט ווערט גאלאווין גוט אויפגענומען אין צארסקאיע סעלא און עס איז שוין ווידער שמחה־ששון, פארנאכט הערט זיך, אז 22 עכט־רוסישע האבען דעסגלייכען זיך אויסגעפועלט אנ'אוידיענץ און עס ווערט פונדאסניי ביטער, אווענדס ווערט מען געוואהר, אז סטאליפין האט אנגענומען א יודען־דעפוטאציע און איז געגען פאגראמען און עס ווערט „ליהודים", ביינאכט ווידער געהט מען שלאפען מיט א ביטער הארץ: עפעס א גרויסער מאן האט געזאגט עפעס א זשורנאליסט פון א גרויסער צייטונג, אז עפעס איז פארגעקומען און ס'איז שלעכט — דאס איז רוסלאנד. מען האט גארנישט נויטיג אנצונעהמען, אז דאס אלעס איז לויטער קאמעדיע, ניין, מען איז צערודערט באמת'דיג און יעדע מינוט קאן דאס לעבען ווערען א קאטאסטראפע; א לאנד, וואו די אנארכיע איז אין גרויסען און אין קליינעם, קאן נישט אנדערש זיין. באמת'דיק ווייסט קיינער נישט וואס עס וועט זיין אין דער נעכסטער שעה. נישט אין צארסקאיע סעלא, נישט הערר סטאליפין, נישט

די ווייטזעהדיגע געוועזענע מיניסטאָרען, ווי למשל וויטע און דורנאָוואָ, נישט איינער פון די אָנפיהרער פון דער אָפּאָזיציע אָדער זאָגאר פון די בייזיך זעהר זיכערע רעוואָלוציאָנערען — קיינער קאָן נישט וואגען ארויסצוזאָגען מיט א געוויסער זיכערהייט, וואָס אין רוסלאַנד וועט פּאָרקומען נישט בלויז אין 10 יאָהר, נאָר אפילו אין 10 וואָכען, אין 10 טעג אָדער זאָגאר אין 10 שעה ארום. וואָס מיט אונזער צווייטער דומא וועט זיין און ווען איהר לעצטע זיצונג וועט פּאָרקומען, ווייסט קיינער נישט. אין די אַזויגערופענע „הויכע" ספערען און ביי זייערע מקורבים האָט זיך איצט אַלעס פערדרעהט און פערפּלאָנטערט: רעכטע זענען געוואָרען לינק, לינקע — רעכט, סטאָליפּין איז פּלוצלינג געוואָרען א גאנצער מליץ־יושר פאר דער דומא, מענשיקאָוו פון דער „נאָוואָיע ווערעמיא" איז געוואָרען א בעשיצער פון דער קאָנסטיטוציע און א פייערדיגער געגנער פון דער רעגירונג. בקיצור א גאנצער דור הפלגה. — איין זאך נאָר ווייס איך: אז די דומא זאָל איצט צעטריבען ווערען, איז דאָס אומגליק, וועלכעס וואָרט אויף דעם אומגליקליכען רוסלאַנד, גאָרנישט אויסצודענקען. מעגליך, אז דאָס פאָלק איז שוין פערמאטערט און וועט קיין כוחות פאָרלויפיג נישט האָבען, צו געהן אין איין אָפענעם קאַמף מיט זיינע געגנער; מעגליך, אז בעוואָפנטע אויפשטאנדען וועלען איצט נישט זיין, — אָבער פערגעסען טאָר מען נישט, אז א פערשטיקטער ליידענשאפטליכער צאָרן איז אָפט געפעהרליכער פאר א לאַנד ווי אַנ'אָפענער קאַמף. צעטרייבען קאָן מען די רעוואָלוציאָנערע עלעמענטען, אָבער זיי אוועקשאפען פון דער וועלט קאָן מען נישט, און זיי וועלען גראָבען און מינירען אין פינסטערען, און א טעראָר וועט זיך דערוועקען אין רוסלאַנד, ווי די געשיכטע האָט איהם נאָר נישט געזעהן: ראַסען־קאַמף און ברודער־קאַמף און באנדיטיזם, אז די שטיינער אין די גאַסען וועלען זיך באָדען אין בלוט.

דערווייל אָבער איז אַלעס וואויל און גוט: גאָלאָווין איז צוריקגעקומען פון דער אוידיענץ אין צארסקאָיע סעלאָ מיט א לאכעדיג פּנים און סטאָליפּין האָט צוגענומען א דעפּוטאציע פון יודישע און פון נאָך אנדערע דומא־דעפּוטאטען וועלכע זענען געקומען רעדען מיט איהם וועגען די פּאָגראָמען, וואָס מען ערווארט איצט אין רוסלאַנד. מילא די אוידיענץ ווי

די אוידיענץ, מען ווייסט וועגען איהר. אָבער וועגען דער דעפּוטאַציע און איהר ווערט קאָן מען זיך גאָרנישט נארען.

און אַלץ שפּיעלען מיר זיך נאָך אין פּאָליטיק, אין א קאָנסטיטוציע", אין שעהנע רעדעס אין דער שעהנער דומא און מיר מאכען זיך צו נאר ווי די קינדער — און די שווערד ליגט אויפ'ן האַלז.

צווייטאַל הונדערטטויזענד מענשען אויסקוילען — וואָס פּאַר א ראָלע שפּיעלט אין רוסלאַנד די קליינינקייט פון צווייטאַל הונדערט־טויזענד מענשען? ס'איז דאָך נאָר א טראָפּען פּאָליטיק! ס.איז דאָך נאָר איינס פון די הונדערט מיטלען, אום צו פערפעסטיגען דאָס רעזשים פון איינינע טויזענד אין רוסלאַנד!

# זעקסאונצוואַנציגסטער בריעף

דאָס פּאָרשפּיעל צו דעם הויפּט־טעאַטערשטיק, וועלכעס ווערט אין פינסטערען צוגעגרייט, ווערט דערוויל וויטערגעשפּיעלט: דער פעראיין פון די עכטרוסישע האָט בעקומען די ערלויבניש זיך צו בענוצען צווישען זיך מיט שיפרירטע טעלעגראַמען. פּורישקעוויטש און קרושעוואַן זענען געוואָרען רעגירונגס־בעאַמטע און פערנעהמען איצט רעגירונגס־שטעלען; פּורישקעוויטש אַלס משגיח אין דער הויפּט־פערוואַלטונג פון פּרעסע אָנגעלעגענהייטען מיט אַ געהאַלט פון 1800 רובעל יעהרליך און קרושעוואַן אַלס בעאַמטער אין דעם בילדונגס-מיניסטעריום. די בעשטראָפטע פּאָגראָם־מאַכער און יודען-מערדער ווערען טאָג־טעגליך אַלץ מעהר און מעהר בעגנעדיגט פונ׳ם קייזער. איין אָבטיילונג פונעם פעראיין פון די עכט־רוסישע האָט בעקומען אַנ׳אַלערהעכסטע דאַנק-טעלעגראַמע פאַר איהרע פּאַטריאָטישע געפיהלען. דער „פעראיין" פערעפענטליכט אַ טעלעגראַמע אויפ׳ן נאָמען פון זיין קייזערליכער מאַיעסטעט מיט דער בקשה, צו לאָזען אויך אויף ווייטער די פעלדגעריכטען, און אין דער דאָזיגער טעלעגראַמע שטעהט: מיר ווייסען, אונזער טייערער פאָטער, ווי שווער דיר איז, איינצוהאַלטען אַזאַ בעשטראָפונג; האָבען מיר דען נישט רוסישע נשמות? בעדאַרפען מיר דען דעם טויט פון אַ מערדער אפילו, אויב ס׳וואָלט נאָר מעגליך זיין צו לעבען אין רוסלאַנד אָהן דעם? טהו אָבער אַ קוק, קייזער, וואָס עס טהוט זיך אין אונזער גרויסען לאַנד: קוק זיך נאָר אַרום און זעה, ווי דאָס גוטע האָט זיך בעהאַלטען און עס זענען אַרויסגעשוואומען נאָר די פּסולת, וואָס זענען דורשטיג נאָך בלוט, וויל זיי זענען פון אַזאַ נידעריגער אָבשטאַמונג, בעשטראָף אונז נישט, טייערער קייזער, וואָס אויף דיין צורוף צו די טרייע זיהן פון רוסלאַנד, צו שיקען אין די דומאַ אַריין די בעסטע מענשען, האָבען מיר דיר געקאָנט שיקען אַהין נאָר קוים עפּעס מעהר ווי אַ הונדערט, און די איבריגע זענען — די ערגסטע מענשען. מיר האָבען זיך געסטאַרעט, געמוטשעט זיך, געליטען אין קאַמף, אָבער דיינע מיניסטאָרען האָבען פער־

נאָרט דעם רוסישען מענשען, און מיר קאָנען גאָרנישט מאַכען. בעזייטיג, קייזער, די יודען פון די וואַהלען — און אונזער לעבען וועט ווערען, ווי עס דאַרף זיין. זיי האָבען דאָך נישט מיטגעהאָלפען בעשאַפען דאָס רוסישע לעבען, נאָר פערקעהרט, זיי האָבען חרוב געמאַכט אַלע פעלקער, מיט וועלכע זייער גורל האָט זיי צונויפגעבראַכט. וואָס בעדאַרף מען זיי דאָ אין רוס־לאַנד? מען קאָן נישט צוגלייך האַלטען מיט די רוסען און געבען יענע די מעגליכקייט חרוב צו מאַכען אונזער מלוכה! טהו באמת אַ קוק, קייזער, וואָס עס טהוט זיך אין רוסלאַנד: די נידעריגע און די העכערע שולען ווע־רען רעוואָלוציאָניזירט און ווילד, דאָרט וואו אין זיי קומען אריין יודען. די קאָזאַקען זענען געבליבען אויסגעצייכענט מיט זייער געטריישאַפט, ווייל אהין לאָזט מען נישט צו קיין יודען. דער האַנדעל, דאָס האַנדווערק, די אדוואָקאַטור, די מעדיצין, וואו נאָר עס זענען אריינגעדרונגען די יודישע בוואַליעס, זענען דורך זיי דעמאָראַליזירט געוואָרען. די יודען האָבען פער־כאַפט אין זייערע הענד כמעט דאָס גאַנצע לאַנד, די גאַנצע פרעסע. די רעוואָלוציע וואָלט שוין לאַנג אונטערגעגאַנגען, ווען די יודען וואָלטען זי נישט שטיצען, ווייל זיי ווילען אויף דעם אומגליק פון די רוסען גרינדען דאָס גליק פון די יודען. מען וואָלט זיי קאָנען צולאָזען אפילו אין די דומאַ אריין אויך — אָבער נאָר אַלס עקספערטען, בשעת מען וועט רעדען וועגען זייערע אינטערעסען. אָבער ווי קאָן דאָס זיין, אַז נישט־קריסטען זאָלען בעשטימען פראַגען, וואָס קעהרען זיך אָן מיט דעם לעבען פון קריסטען?...

בקיצור, מען ארבייט אויף אַלע כלים — די ארבייט איז לויט אַ בע־שטימטען פּלאַן, לויט אַ בעשטימטען סיסטעם, אום די דומאַ צו ברענגען צום שטורץ!

מען איז געגאַנגען נאָך איין שריט ווייטער. מען האָט געלאָזען דעם פּראָפעסאָר מאַרטענס שרייבען זיין אַרטיקעל אין דער „טיימס", אַז די דומאַ איז נישט ארבייטספעהיג און די דומאַ־לייט זענען גראָבע, אונוויסענדע יונגען און ס'איז נישטאָ קיין אַנדערע עצה ווי נאָר די דומאַ צעטרייבען — און דער דאָזיגער אַרטיקעל האָט געטהון דאָס זייניגע און האָט אָנגעמאַכט אַ בהלה אין דער וועלט און גאַנץ בעזונדערס אין רוסלאַנד זעלבסט. הויפּט־זעכליך, טענה'ט דער בעקאַנטער פּראָפעסאָר, דער „טשינאָווניק" פון אונזער

מיניסטעריום פון אויסערן פאַר בעזונדערס וויכטיגע ענינים, מוז מען ענ־
דערען דאָס וואהל־געזעץ; פויערים און יודען און ארבייטער טאָרען
נישט צוגעלאָזען ווערען צו די וואהלען. דער צוועק איז קלאָר: מען האָט
אָנגעשיקט פּראָפעסאָר מארטענס, כדי דער דומא צו מאכען א שם־רע און
כדי פאָרצובערייטען אייראָפּאַ דערויף, אז מען וועט זי צעטרייבען, אגב
וויל מען דערווייל אָבשרעקען די דעפּוטאטען אין דער דומא, וועלכע פער־
טרעטען די אינטערעסען פון די פויערים און די יודען און די ארבייטער,
זיי זאָלען נישט פון דער רעגירונג צופיעל פאָדערען ביי די פערהאנדלונגען
פון די דאָזיגע אינטערעסען. יודען למשל — וואָס קאָנען נאָך יודען, אָדער
זייערע פערטרעטער, מישטיינס געזאָגט פאָדערען און פערלאנגען, נאָך דעם
ווי זיי האָבען געקריגען אזא פּאטש אין פּנים אריין? די קאדעטען האָבען
אוועקגעזעצט אַנ׳עקסטרא קאָמיסיע צו בעקלערען די יודען־פראגע, דער
פּאָרזיצענדער איז ווינאווער און אין די קאָמיסיע זענען אריינגעגאנגען די
דעפּוטאטען סעסלענקאָ, ראָדיטשעוו, אָדושעמאָוו, בולהאקאָוו, קיזעוועטער,
קוזניעצאָוו, גאָלונאָוו, יערעניעוו, סעלינאָוו, רוביסאָוו, אבראמסאָן, העסען,
דער צווייטער העסען, פערגאמענט, שאכטאנטינסקי, האסמאַעדאָוו, כאַן־
הויסקי, סולטאַן־קאראטאיעוו, עלדאָרכאנאָוו, פּארטס, לעאָנאס, קאָמלאָ־
רעווסקי, פּעטראזשיצקי, קולישער און סליאָזבערג — כמעט אלע אָנגע־
זעהענסטע מענשען פון דער פּארטיי און איבערהויפּט פון דעם אינטעלי־
גענטען רוסלאנד — אָבער וואָס קאָנען זיי אייגענטליך טהון נאָך אזא ברוך־
הבא? וואָס פאַר א ממשות קאָן האָבען אונזער גאנץ טהון און ארבייטען,
ווען די ליעבע רעגירונג שטעהט אויף איהר אַלטען שטאנדפּונקט און לאָזט
אונז אויספּיהרען קאָמעדיעס, ווי, למשל, די קאָמעדיע איצט אין דעם פּראָ־
צעס, וועלכער קומט פאַר היינטיגע וואָך אין ביאַליסטאָק וועגען דעם דאָר־
טיגען פּאָגראָם? די רעגירונג לאָזט דאָך מן הסתם דעם דאָזיגען פּראָצעס
דווקא איצט גראָד, אין דער געפעהרליכסטער צייט, אויספּיהרען, אום צו
ווייזען ווענען מען בעדאַרף, אז עס קומט גאָר קיין שטראָף נישט פאַר אזעל־
כע מעשים! וואָס קאָנען אונז נוצען אלע אונזערע קאָמיסיעס און אלע
אונזערע חכמות,

פּראָפעסאָר מארטענס איז גערעכט: א גרויסער טייל פון אונזערע

דומאַ־דעפּוטאַטען זענען עפּעס נישט אַזעלכע וואַזשנע פּאַרשוינען. אָבער יעדעס לאַנד האָט אַזאַ פּאַרלאַמענט ווי עס פערדיענט! רוסלאַנד קאָן נישט האָבען קיין בעסערס. רוסלאַנד האָט פיעל אונגעבילדעטע אין זיין דומאַ — ווייל רוסלאַנד אליין איז אַזוי ווייניג געבילדעט. רוסלאַנד'ס פערטרעטער ציהען איינער אַהין און איינער אַהער — ווייל דאָס גרויספירשטענטום מאָסקוואַ אליין האָט אין זיך איינגעשלונגען אַזויפיעל פרעמדע עלעמענטען, וועלכע רייסען זיך נאָך ביז אויפ'ן הייגטיגען טאָג אַ מינוט אַהין אַ מינוט אַהער. רוסלאַנד'ס פערטרעטער זענען אָהן ליעבע צום לאַנד — ווייל רוס־לאַנד איז נישט געווען קיין מוטער, וועלכע האָט צוגעטוליעט צו זיך די גע־זעלשאַפטס־קלאַסען און די צעהנדליגער פעלקער, וועלכע זי האָט. פון פער־פאַלגונג ווערט נישט געבוירען קיין אחדות, פון אונטערדריקונג קאָן נישט ארויסקומען קיין ליעבשאַפט. די דומאַ אָטעמט מיט שנאה — ווייל זי קומט אַרויס פון מלוכה, וואו דער דעספּאָטיזם און די אונגערעכטיגקייט איז געווען די אַטמאָספּערע און בעליידיגונג און ערנידערונג איז געווען דאָס טעגליכע ברויט, מיט וועלכען מען האָט געמוטשעט פעלקער און צערייצט מענשען. רוסלאַנד ווייל עס איז אַזוי גרויס, אַזוי ווייט, אַזוי פערשידען אין זיינע פעלקערשאַפטען און זיינע בעדערפנישען זענען אַזוי אונענדליך און פערשידען, קאָן וועניגער ווי אַלע מלוכות געפיהרט ווערען דורך איין ווילען. צוריקגעהן צו דעם, וואָס איז געווען, צוריק צו דעם צושטאַנד פון פאַר דעם 30־טען אָקטאָבער, איז נישט מעגליך, צוליעב דעמזעלבען טעם וואָס נאָך פרייטאָג מוז ווערען שבת, און נישט צוריק דאָנערשטאָג. דאָס לאַנד אליין איז אַ וואונדער־לאַנד, און די געגענזאַצען זענען שאַרף ווי אין קיין לאַנד אין דער וועלט. איך קען פיעל רייכע הויפּט־שטעדט אין רייכע לענדער; אין קיינער פון זיי האָב איך נישט געזעהן אַזאַ ים מיט געלד, אויסגעגעבען אַזוי לייכט ווי אין פּעטערבורג. דאָרט צעהלט מען זעלטען די סומעס, וועלכע מען נעהמט אָדער מען גיט. יעדער האָט אַנ'אָפענע האַנד, ווייל אין ערגעץ קומט נישט אָן געלד אַזוי גרינג. אָבגאָבען, איינקונפטען, בעשטעכונגען שווימען צו פון ברעג אַמור און פון ברעג טערעק. אין איין און דעמזעלבען טאָג קומט־אויס אַמאָל אַ גרויסען פאַרשוין אויף צוויי אָדער דריי פריהשטיקען אין קובאַ'ס רעסטאָראַן. אָדער זענען

געקומען ספּעקולאַנטען פון באַקו און בעשיטען אַלעמען מיט גאָלד, ווייל עס האַנדעלט זיך מכוח מיליאָנען־ספּעקולאַציע. און אַז די פאָהרען אַרויס, קומען ווידע אַנדערע פון אַלטיי, און דאַן ווייטער און ווייטער. רוסלאַנד האָט די רייכסטע הויפּטשטאָדט, אין איהר זענען דאָ די גרויסאַרטיגסטע טעאַטערס, די בעריהמטעסטע און טייערסטע זינגערס, די רעסטאָראַנס, וואו מען פערשווענדעט צעהנדליגער טויזענדער — דערפאַר אָבער איז דאָ דער שאַרפסטער געגענזאַץ און עס זענען דאָ גובערניעס מיט דער בעסטער, רייכסטער ערד, וואו דאָס פאָלק שטאַרבט טאָג־טעגליך אין די הונדערטער פאַר הונגער און נויט און אָרימקייט. נאַטירליך אָבער וויל נישט און קאָן נישט אַ ביוראָקראַטיע אַרויסגעבען אַזוי מיר נישט, דיר נישט די ממשלה פון דער האַנד, אַ ממשלה פון וועלכער דער קלענסטער זאַמעלט אָן צעהנ־טויזענדער, און דער גרעסערער מיליאָנען און דער נאָך גרעסערער — צעהנד־ליגער מיליאָנען אין דער קירצעסטער צייט פון זיין קאַריערע. עס איז אַ גאָלד־גרוב, טייערער ווי הונדערט קאַליפאָרניעס.

דערווייל טהוט אויך די „נאָוואָיע ווערעמיא” דאָס איהריגע און דרוקט מענשיקאָוו’ס אַרטיקלען וועגען יודען. אין איינעם פון זיינע לעצטע אַר־טיקלען בעווייזט ער, אַז יודען זענען געווען רעוואָלוציאָנערען פון אייביג אָן. „די נביאים — זאָגט ער — זענען געווען נישט עפּעס אַנדערש ווי רעוואָלו־ציאָנערען: גרויזאַמע בעשולדיגער פון מלכים, פון אַלע הערשער, פון רייכע און מעכטיגע, בקיצור בעשולדיגער פון’ם גאַנצען פאָלק. זיי — גע־דענקט נאָר אליהו הנביא — האָבען זיך אַראָבגעלאָזען פון די הויכע בערג ווי די וואָלקען, אָנגעפילט מיט דונערען און בליצען. בליצען פון ווערטער, שטורמען פון געדאַנקען. טיראַנען אין זייערע פּאַלאַצען האָבען פאַר זיי געציטערט ווייל זייערע קללות זענען געוועהנליך איבער־געגאַנגען אין אַנ’אויפרוף צו אַ בונט און אַנ’אויפשטאַנד. מען דאַרף נאָר עפענען די ביבעל, אום צו זעהען, אַז זיי זענען געווען נישט אַזוי גלויבענס־לעהרער, ווי פּאָליטישע קעמפער, נישט אַזוי זיטען־קריטיקער, ווי סאָציאַלע רעפאָרמאַטאָרען. זייער רעוואָלוציאָנערע מעטאָדע דריקט זיך אויס בלויז אין גרויזאַמער, טיילמאָל אינקוויזיטאָרישער סאַטירע, אין בעשולדי־גונגען, וועלכע זענען אָפטמאָל נאָהנט צו רכילות, — נאָר אויך אין אויפ־

ליי‫צען צו אַ פאָלקס-קאַמף. די נביאים זענען נישט געווען ווייט פון גע־וואַלט, פערקעהרט, זיי זענען געווען אויפהעצער צו ברודער־קאַמף, און אָפּט־מאָל זענען זיי געווען גרויזאַמע הענקער, אַזוי אליהו, אלישע און נאָך אַנ־דערע. אליהו האָט מיט זיין אייגענער האַנד אויסגעשאָכטען הונדערטער נביאים פון דער פיינדליכער פּאַרטיי..." און מענשיקאָוו ווייזט אויף, אַז דער דאָזיגער גייסט פון רעוואָלוציע איז געקומען צו די איצטיגע יודען אין רוסלאַנד בירושה, און אַזוי ווי די פּאַרצייטיגע וועלט האָט זיך אַנ'עצה גע־געבען מיט די נביאים און האָט מיט זיי געמאַכט אַ סוף, מען האָט זיי גע'-הרג'עט מיט שטיינער, געברענט און געבראָטען, אַזוי מוז מען אויך איצט מאַכען אַ סוף מיט זייערע יורשים. — דער צוועק פון אַזאַ אַרטיקעל איז קלאָר.

# זיבענאונצוואַנציגסטער בריעף

די דעפּוטאַטען פערגאַמענט, אַבראַמסאָן, ראַבינאָוויץ, סאַיקאָ, יאַטשי־
נאָווסקי, פּרוידא, קיריענקאָ, קאָראָזניעוו און יורעניעוו האָבען געשריבען צו־
זאַמען אַ בריעף צו סטאָליפּינען, אין וועלכען זיי האָבען געבעטען אַנ׳־
אוידיענץ ביי איהם, כדי צו בעשפּרעכען מיט איהם די מיטלען, וועלכע די
רעגירונג האָט אָנצונעהמען, אום צו פערמיידען די פּאָגראָמען, וואָס דאַרפען
פּאָרקומען אין יודישע שטעדט אין דער וואָך פון פּאסחא. סטאָליפּין האָט
זיי פערבעטען צו זיך, און די הערען זענען אויפגענומען געוואָרען אַ טאָג
דערויף אין דעם ווינטער־פּאַלאַץ. דער ערשטער, וועלכער האָט גערעדט,
איז געווען דער דעפּוטאַט פערגאַמענט פון אָדעס. ער האָט געהאַט בעוויזען
אין די הענד, אויף וועלכע עס שטיצט זיך די מורא פאַר פּאָגראָמען. הויפּט־
זעכליך האָט ער אָנגעוויזען אויף דער טעטיגקייט פון דעם „פעראיין פון די
עכט־רוסען” אין אָדעס און אויף דער בעשיינפּערליכער אונטערשטיצונג,
וואָס דער גענעראַל קויילבאַרס שטיצט זיי דערביי. אויף דעם האָט דער
פּרעמיער־מיניסטער געענפערט, אַז מיט דער אָרטיגער אדמיניסטראַציע האָט
אייגענטליך נישט צו טהון דער גענעראַל קויילבאַרס, נאָר דער גענעראַל־
גובערנאַטאָר גלאַגאָלין. דאָס הייסט, עס איז אַ טעות אין דער געאָגראַפיע;
די מלאכה פון פּאָגראָמען געהער נישט צו דעם און דעם רעסאָרט, נאָר צו
יענעם און יענעם. יעדענפאַלס אָבער מוז הערר סטאָליפּין זיין אביסעל
נאַאיוו. ווי ווייסט ער דאָס נישט, אַז בשעת הדחק וועט מען זיך שוין
אַנ׳עצה געבען און קויילבאַרס וועט שוין אריינטרעפען אפילו דאָרט וואו ער
געהער גאָרנישט אַהין. אַ קשיא אויף אַ מעשה, אין רוסלאַנד איז אַלעס
מעגליך. ס׳איז מעגליך אפילו, אַז אַ פּאָגראָם זאָל מאַכען דער, וואָס על־פּי
פּאַראַגראַף דעם און דעם ברויכט ער איהם גאָרנישט צו מאַכען. — דאַן
האָט גערעדט קיריענקאָ, דער קיעווער דעפּוטאַט, און האָט אָנגעוויזען דערויף,
וואָס אין דער לעצטער צייט זענען אָנגעקומען אין קיעוו הונדערטער אַגי־
טאַטאָרען פון די שוואַרצע מאות, וועלכע רעדען עפענטליך פון אַ שרעקלי־

כען פֿאָגראָם, וועלכער דאַרף פֿאָרקומען אין קיעוו. אויף דעם האָט דער הערר פֿרעמיער געענטפֿערט, אַז דער דאָזיגער פֿאַקט איז איהם גענצליך נישט בעוואוסט. דאָס הייסט: מיר האָבען אַ פֿרעמיער־מיניסטער אַ גרויסען עניו, וועלכער שעהמט זיך גאָרנישט צו זאָגען, אַז ס'זענען פֿאַרהאַן אין רוסלאַנד זאַכען, וועלכע ער ווייסט נישט. ווייסט איין גאָט אין הימעל, וויפֿיעל זאַכען אונזער פֿרעמיער־מיניסטער ווייסט נאָך נישט. ס'איז נאָך גוט, וואָס ער ווייסט וועניגסטענס די זאַכען, וועלכע זענען שוין געשעהען, ווי, למשל, דער פֿאָגראָם אין ביאַליסטאָק און דער פֿאָגראָם אין שעדלעץ. מן הסתם וועט ער אויך וויסען פֿון די נייע פֿאָגראָמען, נאָכדעם ווי זועלען שוין זיין געשעהען. — דאַן האָט גערעדט דער קאָוונער דעפּוטאַט אַבראַמסאָן, און איהם האָט געענטפֿערט דער פֿרעמיער זעהר איינפֿאַך: אין קאָוונער גובערניע איז קיין שום ספק ניש, אַז עס וועט זיין גענצליך רוהיג; דאָרט האָט ער, סטאָליפּין, זיינע גיטער... דאָס הייסט, ווען סטאָליפּין וואָלט האָבען איינענע גיטער אין אַלע גובערניעס פֿון רוסלאַנד, וואָלט קיין שום ספק נישט געווען, אַז אין אַלע גובערניעס פֿון רוסלאַנד וואָלט קיין פֿאָגראָם נישט זיין. די לעזונג פֿון דער יודען־פֿראַגע אין רוסלאַנד, אויף וויפֿיעל זי בעציהט זיך אויף פֿאָגראָמען, איז אַלזאָ גאַנץ איינפֿאַך: דער שעף פֿונ'ם מיניסטעריום פֿון אינערן מוז אומעטום האָבען גיטער, דאַן איז מען זיכער, אַז קיין פֿאָגראָמען וועלען אין ערגעץ ניש פֿאָרקומען. — צום סוף פֿון דער אוידיענץ האָ סטאָליפּין נאָך מבטיח געווען, אַז „פֿאָגראָמען וועלען נישט זיין", „זיי וועלען דערשטיקט ווערען באַלד ווי עס וועט זיך נאָר וואָס ווייזען", „צו אַלע גובערנאַטאָרען וועט באַלד אָבגעשיקט ווערען אַ צירקוליאַר וועגען דעם, און דער צירקוליאַר וועט ווערען אויסגעקלעבט אין די גאַסען".

און ווירקליך האָט סטאָליפּין געהאַלטען וואָרט. צו אַלע גובערנאַטאָרען אין דעם יודישען תחום און צו די גענעראַל־גובערנאַטאָרען און צו די שטאָדט־אויבער־אויפֿזעהער האָט ער געשיקט אַ צירקוליאַר־טעלעגראַמע בזה הלשון: „איך האָב בעקומען נאַכריכטען, אַז צו דעם רוסישען פּאַסכאַ גרייט מען זיך, צו מאַכען יודישע פּראָגראָמען. איך בין איבערצייגט (?) אַז די פֿאָרשטעהער פֿון דער רעגירונגס־מאַכט אומעטום נעהמען־אָן אַלע מיטלען (?) צו פֿערהיטען אַלע מיני גוואַלד־טהאַטען, און איך לעג פֿאָר, אַז כדי

צו בערוהיגען די בעפעלקערונג, זאָלט איהר פּובליקירען דורך מודעות אין די גאַסען, אַז יעדע פּראָבע צו מאַכען אונרוהען וועט מען תיכף דערדריקען דורך פּאָליציי און מיליטער־קראַפט. אין דער איצטיגער צייט איז ביי מיר גאָר נישטאָ קיין שום ספק, אַז די אַדמיניסטראַציע וועט זיך נישט ווייזען שוואך; נאָר צוליעב איהר פעסטיגקייט, רעכען איך, האָט מען זיך אָנגעהויבען בערוהיגען אין די דערפער. די בעפעלקערונג דאַרף זיין דורכגעדרונגען פון דער איבערצייגונג, אַז די געזעצליכע רעגירונג איז מהויב איינצושטילען באַלד און פעסט אַלע אונגעזעצליכע מעשים, ווייל פאַר פּויערים־אונרוהען און אַנדערע אונרוהען און אַזוי אויך פאַר יודישע פּאָגראָמען וועלען זיין שטרענג פעראַנטוואָרטליך די פאָרשטעהער פון דער מאַכט. דער פּרעזעס פון מיניסטאָרען־ראַט און מיניסטער פון אינערן סטאָליפּין".

וואויל דעם, וועלכער גלויבט. דאָס אומגליק איז אָבער, וואָס אַזעלכע צירקוליאַרען זענען נישט מעהר גאַנץ ניי און אַז כמעט פאַר יעדען פּאָגראָם־סעזאָן האָט מען אַזעלכע פונאַנדערגעשיקט, און חברה האָט אַלעמאָל פערשטאַנען, אַז דאָס איז נישט אַזוי ערנסט געמיינט, און האָט אַלעמאָל געטהון דאָס איהריגע. עס זענען קאַלטע ווערטער. ווען מען וואָלט באמת מיינען, די פּאָגראָמען נישט צו דערלאָזען, וואָלטען עס געווען גאָר אַנדערע ווערטער. אפשר וועניגער, אפשר נאָר צוויי,דריי, אָבער גאָר אַנדערע. עס איז גענוג דעם רוסישען כוליגאַן, און אפילו דעם רוסישען גובערנאַטאָר נאָר איין וואָרט צו זאָגען, אָבען זעהר בעשטימט, און ער פערשטעהט אויגענבליקליך, צי יאָ אָדער נישט. אַזא בעשטימט וואָרט האָט אמאָל דער גענעראַל־גובערנאַטאָר טאָדלעבען אין ווילנא געזאָגט, דענסמאָל ווען איבער רוסלאַנד האָבען זיך אָנגעהויבען גיסען פּאָגראָמען, און „איך וויל נישט, עס זאָלען זיין פּאָגראָמען אין מייע גובערניע" האָט ער געשריען, — און פּאָגראָמען זענען נישט געווען. און „איך וויל נישט", האָט געזאָגט אין פאָריגען יאָהר בעשטימט און פעסט דער שטאָדט־הויפּטמאַן אין א שטעדטעל נישט ווייט פון שעדלעץ, דענסמאָל ווען אין שעדלעץ איז געווען דער פּאָגראָם און מען האָט זיך מכין געווען צו מאַכען עפּעס אויך אין די אַנדערע שטעדטלעך ארום — און פון די הכנות איז גאָרנישט געוואָרען, און אפילו דאָס מיליטער האָט גאָרנישט געקאָנט מאַכען. פון

סטאָליפּינס רעדעס און צירקוליאַר האָט מען דעם איינעם איינדרוק, אַז בעשטימט וועט קיין פּאָגראָם נישט זיין אין דער קאָוונער גובערניע, דאָרט וואו ער האָט זיינע גיטער, אָבער אַלעס אַנדערע איז פאָרלויפיג נאָר פראַזע. סטאָליפּין שרייבט, אַז ער איז איבערצייגט — ווערהענד אַ קליין קינד אין דער וויעג וויסט, אַז ער איז כלל וכלל נישט איבערצייגט. סטאָליפּין שרייבט, אַז די פאָרשטעהער פון דער רעגירונגס־מאַכט נעהמען אומעטום אָן מיטלען, צו פערהיטען גוואַלד־טהאַטען — ווערהענד יעדער פון אונז וויסט, אַז יענע פאָרשטעהער נעהמען כלל וכלל נישט אָן מיטלען, נאָר אדרבא, זיי טהוען אַלעס מעגליכע, דאָס אומגליק צו ברענגען, מיט אייגענע הענד צו ברענגען, און מיט אייגענע הענד פערגיסען זיי דאָס בלוט. און ווייל די ערשטע העלפט איז אַ ליגען, דערום ווערען יענע פאָרשטעהער אויך נישט איבערצייגט פון דער עהרליכקייט פון דער צווייטער העלפט, און דערום איז אַזאַ צירקוליאַר קיין גראָשען נישט ווערט. אַזאַ צירקוליאַר קאָן אמאָל נאָך גאָר זיין אַ פּראָוואָקאַציע.

צו וואָס זאָלען מיר אַלע הכמות? בעת אין רוסלאַנד איז די אונ־בעריהרליכקייט פון דער פערזאָן נישט פאַרהאַן, איז פאַרהאַן אַ גרופּע מענ־שען, וואָס זייער פערזאָן איז דורכאויס אונבעריהרליך. די דאָזיגע גליק־ליכע מענשען זענען די מיטגלידער פון'ם „רוסישען פעראיין", די כולי־גאַנעס און די שוואַרצע הונדערטער. און נישט נאָר דאָס אַליין. אַלע פריייהייטען, וואָס מיר, די געוועהנליכע בירגער, האָבען נישט, האָבען די שוואַרצע הונדערטער יאָ. זייערע צייטונגען מעגען רופען צו פּאָגראָמען, צו בלוט-בעדער און הריגות. אַלע רוסישע פעראיינען און פערבאַנדען זע־נען שטרענג פערבאָטען, און דער שוואַרצער רוסישער פעראיין עקזיסטירט פראַנק און פריי, און גובערנאַטאָרען און שטאָדט־הויפּטמענער און רעגי־רונגס־פאָרשטעהער בעטייליגען זיך אין זיינע שמחות. די באַנדיטען פון די שוואַרצע הונדערטער מעגען אונגעשטערט מאַכען מיטינגען, מאַניפעס־טאַציעס און פּראָצעסיעס. געוועהנליכע בירגער טאָרען קיין געוועהר נישט האַלטען, בילדען בעוואָפענטע גרופּעס איז אַ שווער פערברעכען, שטערען די רוה טאָר מען נישט: פאַר די שוואַרצע הונדערט אָבער איז נישטאָ קיין שום פערבאָט און עס עקזיסטירט פאַר זיי קיין שום איינשרענקענד

געזעץ נישט. זייערע בעוואָפּענטע באַנדעס רופט מען אָפּיציעל „פּאָלקס־קעמפּער" און זיי זענען כשר, זיי פערגיסען בלוט אין אַלע גאַסען אָפען פאַר אַלעמענס אויגען, און גאָרנישט. זיי מעגען. גענעראַל־גובערנאַטאָרען גי־בען זיי אָב כבוד, ביסקופען גיבען זיי ברכות. די שוואַרצע העלדען הרג׳־ענען מערדעריש הערצענשטיינען. אַלע ווייסען, ווער די מערדער זענען. דער פּאָרקוראָר בעפעהלט זיי צו אַרעסטירען — און די פּאָליציי זוכט די מערדער איבער גאַנץ רוסלאַנד און קאָן זיי כלומר׳שט בשום־אופן נישט גע־פינען. די מערדער שפּאַצירען פראַנק און פריי איבער די גאַסען, מען ווייזט אָן אויף זיי מיט די פינגער — און די פּאָליציי קאָן זיי אַלץ נישט געפינען. מען דער׳הרגעט אויף אַ שרעקליכען אופן יאָלאָסען, עס גיט כלומר׳שט אַ ברען, מען נעהמט זיך צו דער אויספאָרשונג מיט פייער, מען זאָגט אַ ליגען, אַז דער יוסטיץ־מיניסטער אליין מאַכט וועגען דעם עקסטראַ אַ רייזע — און פון אַלעם לאָזט זיך אויס אַ גאָרנישט, און אַ טאָג שפּעטער לאָזט מען שוין דעם נאָמען נישט דערמאָהנען, און די עכט־רוסישע פייערען עפענטליך זייערע נצחונות. —

און איהר ווילט האָבען, אַז איך זאָל גלויבען אַ צירקוליאַר? אין עטליכע ווערטער, גערעדטע און געשריבענע און געדרוקטע, זאָל איך גלוי־בען?

דעם „פּעראיין", דעם „פּעראיין" זאָל מיר סטאָליפּין אוועקשאַפען פון דער וועלט, און איך וועל איהם דאַן גלויבען אויך אָהן צירקוליאַר; איך וועל וויסען דאַן, אַז ער מיינט עס עהרליך!

# אַכטאונצוואַנציגסטער בריעף

אין לאָנדאָן זענען זיך צוזאַמענגעפאָהרען די רויטע, און אין מאָסקווא — די שוואַרצע. וועט נאָך קומען א צייט, אז דאָס וועט זיין אומגעקעהרט? אז די, וועלכע קעמפּפען פאַר פרייהייט און מענשליכע רעכט און פערלייכטערונג פון לעבען און פערברידערונג, זאָלען קאָנען אָבהאַלטען זייערע בעראַטונגען אין זייער היימאַט, אינ'ם „הארץ פון רוסלאַנד", אין מאָסקווא, און די, וועלכע פּרעדיגען אומעטום און אַלעמאָל מאָרד און טויט־שלאָג און מאַסען־פּאָגראָמען און קרייץ־צוגען און גיפטיגע שנאה, זאָלען מוזען זוכען אנ'אָרט פאַר זיך און זאָלען עס איז ערגעץ נישט געפינען ווי נאָר אין איין לאָנדאָן, ווייל דאָס דאָזיגע לאָנדאָן גיט גאַסט-פריינדשאַפט אפילו די אויסגעוואָרפענסטע בעשעפענישען? אז די, וועלכע ווילען אייגענטליך נאָר בעפעסטיגען און אויספיהרליכער מאַכען דאָס, וואָס א קייזערליך וואָרט האָט איינמאָל געגעבען, זאָלען אין זייער פאָטערלאַנד זיין די אָנגעזעהענע און די געזוכטע, און די, וועלכע ווילען דורכאויס אוועקשאַפען פון דער וועלט דעם בעגריף פון יעדער פרייהייט און קעמפּפען אפילו געגען דעם, וואָס א קייזער אַליין האָט געגעבען, זאָלען זיין די גערודפ'טע און די נישט־גע־דולדעטע? — דערוויל איז עס נישט אזוי; דערווייל פאָהרען זיך צונויף אין לאָנדאָן די רויטע און אין מאָסקווא — די שוואַרצע. שרעקט אייך נישט, איהר לאָנדאָנער! עס זענען אפילו „רויטע", אָבער זיי זענען גאָר־ניש אזוי געפעהרליך, ווי מען זאָגט אייך. איהר מעגט צוגעהן דרייסט צו יעדען, איהר מעגט בעטען ביי דעם און יענעם גאַנץ דרייסט א שוועבעלע אָדער אביסעל פייער פון א ציגאַר און מעגט זיכער זיין, אז דער בעטרעפענדער וועט נישט ארויסנעהמען עפּעס א טייוועלס-מאַשין, ווי מען נעהמט ארויס א שמעק־טאַבאַק, און וועט אייך דערלאַנגען; אזא רויטער איז גאָר־נישט אזוי שרעקליך, ער טראָגט גאָרנישט ביי זיך קיין באָמבעס אין וועסטענטעשעל און עסט אויך נישט קיין באָמבעס יעדען טאָג אונטער דער יויך. זיי האָבען אנ'ערעגערען שם, ווי זיי זענען; בחינם נעבעך האָט

מען זיי געלאָזט אזוי קוועהלען זיך און ארומלויפען ווי גאָט מיט דער תורה איבער ימים און יבשות, ביז זיי האָבען געפונען אַ שטיקעל עיר־המקלט. אמת, אונזער ליעבהארציגע רעגירונג האָט געטהון אַלץ, וואָס זי האָט געקאָנט, אום אויך דעם דאָזיגען אָרט פאַר זיי צו פערשפאַרען; עס האָט אָבער נישט גענוצט. דערפאַר אָבער וועט זיך די רעגירונג מיט זיי שוין אָברעכענען ביים אהיימקומען. ביי די גרעניצען וועט מען זיי מקבל־פנים זיין, און די פערשידענסטע געהיים-פּאָליציעס האָבען שוין די בעטרעפענדע אינסטרוקציעס וועגען זיי. אין דערזעלביגער צייט אָבער זיצען זיך ברייט די שווארצע אין מאָסקווא און האַלטען אָב זייער קאָנגרעס. זייט פאָרזיכטיג, איהר מאָסקווער! די דאָזיגע לייט רעדען אפילו לויטער מיט גאָט און האָבען הייליגע פאָהנען און דערמאָהנען יעדע ווייל'ע דעם קייזער און דאָס פאָטערלאַנד און די טובה פון די מענשהייט — און מיינען פאָרט נאָר זייערע אייגענע פערזענליכע אינטערעסען. עס זענען אפילו נישט אַזעלכע, וועלכע האָבן פיינד די פרייהייט און יעדע פרייהייט־בעוועגונג פון איבערצייגונג, נאָר זיי האָבען זיי פיינד, ווייל זיי שאָדען זייערע אייגענע פערזענליכע אינטערעסען. אמת, די רעגירונג האָט צום אָנפאַנג געמאכט זיך תמ'עוואטע און געטהון אַזוי ווי זי וואָלט וועלען זיי פערביטען דעם צוזאַמענפאָהר. אָבער מיר קענען שוין אונזער רעגירונג. דער סוף איז געווען, אַז מיט פויקען און מוזיק האָט מען זיי בעגעגענט, און גובערנאטאָרען און שטאָדט־פאָרשטעהער האָבען פאַר זיי אראָבגענומען די היטלען, און טעלעגראַמען זענען געפלויגען קיין צארסקאָיע סעלאָ און פון צאַרסקאָיע סעלאָ צוריק. און זיי זיצען, די גרינמונטס און די בולאַצעלס און די קרושעוואנס און די איליאָדאָרס און די פורישקעוויטשעס, און שיטען פעך און שוועבעל אויף די דומאַ און אויף יודען און אויף מישטיינסגעזאָגט די „קאָנסטיטוציע" און זידלען אפילו דעם „ליבעראַלען", „קאָנסטיטוציאָנעלען" סטאָליפּין און רופען צו אַ מלוכה־איבערקעהרעניש; זיי פאָדערען קלאָר און שאַרף, אַז מען זאָל די דומאַ ניש בלויז צעטרייבען, נאָר מען זאָל זי אויף אַלעמאָל אָבשאַפען און מען זאָל איינפיהרען אַ מיליטער־דיקטאטור. — די צרה איז נאָר, וואָס פון די „מיליאָנען מענשען און דאָס גאַנצע פאָלק", פון וועלכע די עכט־רוסישע האָבען אַלעמאָל גערעדט, האָט

זיך אויסגעלאָזט אַ גאָרנישט. געקומען צום קאָנגרעס זענען נאָר עטליכע הונדערט — דאָס זענען די רעדעלפיהרער אַליין. דאָס פאָלק איז נישט מיט זיי.

ווי זעהר דאָס אייגענטליכע פאָלק איז נישט מיט זיי און דאָס גאַנצע איז בלויז אַ קאָמעדיע פון עטליכע סקאַנדאַליסטען, וואָס די רעגירונג אַליין האָט אַרויסגעשטעלט, קאָן מען זעהען אויך פון דעם חשבון פון דער הוצאה און הכנסה פונ'ם „רוסישען פאָלקס-פעראיין", וועלכער איז צוגעשטעלט געוואָרען איצט בשעת'ן קאָנגרעס און וועלכען אַ מאָסקווער צייטונג האָט אַרויסגעקריגען און האָט איהם אָבגעדרוקט. לויט דעם חשבון האָט די הכ־נסה פונ'ם פעראיין אין יאָהר 1906 געגרייכט צו אַ סומע פון נאָר 122 טויזענד רובעל. די קוועלען פון דער דאָזיגער הכנסה בעשטעהט אין אָב־צאָהלונגען פון מיטגלידער און פון זייטיגע נדבות. די מיטגלידער־אָב־צאָהלונגען האָבען אינגאַנצען אַריינגעטראָגען נישט מעהר ווי 8 טויזענד רובעל, און אויך דאָס דאָזיגע ביסעל איז אָנגעקומען מיט גרויסע שוועריג־קייטען. דערפאַר אָבער האָט דער „פעראיין" בעקומען פיעל נדבות „מן הצד". אַ גרויסע געלד־שטיצע פון 45 טויזענד רובעל האָט ער בעקומען פון „אַ געוויסען אָרט". (נישט קיין נאָר קאָן זיך משער זיין, וואו דער געוויסער אָרט איז) אויסערדעם זענען אַריינגעטראָגען געוואָרען גרויסע געלד־סומען פון „געוויסע פערזאָנען" (נישט קיין נאָר קאָן זיך משער זיין, ווער די געוויסע פערזאָנען זענען). בכלל זענען די נדבה-געבערס על־פי רוב געצייכענט נאָר מיט ראשי־תיבות. חוץ אַ געוויסער גרעפין קאַפּוס־טאַוו, וועלכע האָט געגעבען 20 טויזענד רובעל, און פירסט שטאַכאָווסקאָי, וועלכער האָט געשענקט זיי 5 טויזענד רובעל. — אַביסעל פערטונקעלט איז אויך דער חשבון פון דער הוצאה. סך־הכל איז אויסגעגעבען געוואָרען 143 טויזענד רובעל, וועלכע ווערען צעטיילט אויף פאָלגענדע פּאָזיציעס: די קאַנצעלאַריע — 9 טויזענד רובעל, זייערע טיי־הייזער — 22 טויזענד, ליטעראַטור — 76 און נאָך 22 אויף „אָבהיטען דעם פעראיין". וואָס פאַר אַ מין אָבהיטען דאָס איז, איז נישט געזאָגט, נאָר ווי מען קאָן לייכט פער־שטעהן, מיינט מען דערמיט די קעמפּפער־באַנדעס, וועלכע זיי האַלטען. און נעמליך קאָן מען קריגען אַזעלכע מעסער-שטעכער שוין פאַר 20-30 קאָ־

פּיקעס אַ טאָג. און אויף אַ פּאָגראָם ווערען אַזעלכע גערונגען, און די דאָ-זיגע שטעכען אויגען, רייסען בייכער, קלאַפּען טשוועקעס לויט אַ בעשטימ-טען פּרייז־קוראַנט. — צום סוף חשבון ווערט אַנגעוויזען אויפ'ן גרויסען געלד־דעפּיציט, וואָס איז אויסגעוואַקסען אין די לעצטע חדשים „צוליעב פערשידענע סיבות". ערשטענס איז די הוצאה אויף ליטעראַטור פּיעל גרעסער געוואָרען; די „רוסקאָיע זנאַמיאַ" אַליין קאָסט אָב ביז 12 טוי-זענד רובעל אַ חודש. אַבּאָנענטען האָט זי סך־הכל 1700 און אין איינ-צעל־פערקויף געהט זי נישט מעהר ווי 1000... און דאָס איז די גאַנצע הערליכקייט, אויף וועלכער דער „פעראיין" איז אַזוי שטאָלץ? און דאָס איז אַלזאָ דאָס „פאָלק", מיט וועלכען זיי סטראַשען אונז אַלעמאָל? און דאָס איז די גאַנצע שטיצע, אויף וועלכער אונזערע רעאַקציאָנערען אין דער רעגירונג זענען זיך סומך? — אַז דער צוזאַמענפאָהר זאָל נאָר זיין געווען צוליעב דעם, אום אונז דאָס אַלעס צו ווייזען, איז אויך שוין גענוג!)

בין כך וכך טהוט דאָס ווירקליכע פאָלק, נישט דאָס פאָלק פון'ם „פעראיין", נאָר דאָס פאָלק פון רוסלאַנד, דאָס זייניגע: עס רעוואָלוציאָ-ניזירט פון טאָג צו טאָג מעהר. פון די פערשידענסטע עקען און געגענדען פון דעם געוואַלדיגען לאַנד קומען אָן מיט יעדע פּאָסט אונרוהיגע ידיעות: מען ברענט גיטער און מען ראַבירט תבואה־שפּייכלערס. ס'קומען פאָר גע-שלעגען און צוזאַמענשטויסען צווישען די פּויערים און דער דאָרפס־פּאָלי-ציי, מען שלאָגט די דאָרפס־בעפעלקערונג מיט נאַגאַיקעס, מען שיסט פון ביקסען — בקיצור: אַגראַרישע אונרוהען. און זייער צאָהל ווערט אַלץ גרעסער און גרעסער און זייער כאַראַקטער אַלץ שאַרפער און טיעפער. די קאַלטע רפואות פון דער דומאַ און אויך די וואַרעמע בערוהיגונגס־מיטלען פון דער רעגירונג העלפען ביידע נישט. די פּויערים ווי עס ווייזט זיך אויס, זענען מיעד געוואָרען צו וואַרטען אויף די גליקען, וועלכע די דומאַ וועט זיי אַמאָל געבען, און פון די שמיץ פון דער רעגירונג זענען זיי אויך נישט זאַט געוואָרען, האָבען זיי זיך בעשלאָסען, אַליין זיך צו העלפען. פון טולאַ, פון וולאַדימירער גובערניע, פון טווער, פון בעסאַראַבער גובערניע, פון וואָראָניעזש, פון וואָלגער ראַיאָן, פון ראַדאָמער גובערניע, פון ריאַזאַנער גובערניע, פון סאַראַטאָוו און פון הונדערטער אַנדערע ערטער קומען אָן

נאַכריכטען, איינע שרעקליכע פאַר דער אַנדערער. — די רעגירונג האָט דער־ווייל צוגעשיקט אינסטרוקציעס צו אַלע גובערנאַטאָרען און די בלוט־בעדער האָבען זיך אָנגעהויבען.

דעסגלייכען האָבען אויך די אַרבייטער־קלאַסען, ווי עס ווייזט זיך אויס, ווידער אָנגעהויבען אויפצולעבען. דער רוסישער ערשטער מאַי האָט זיי אומעטום געזעצט אין באַוועגונג, און די דעמאָנסטראַציעס זענען געווען אַזעלכע, ווי מען האָט זיי שוין זינט חדשים מעהר נישט געזעהן. אין פּע־טערבורג אַליין האָבען געשטרייקט אין דעם דאָזיגען טאָג 90,000 אַרבייטער אין 236 פאַבריקען; צווישען די דאָזיגע אַרבייטער זענען אויך געווען 14.500 וועלכע אַרבייטען אין רעגירונגס־אַנשטאַלטען, די אַרבייטער האָבען געמאַכט אַ פּראָבע, אָנצוקריגען אַ דאַמפער אויף דער ניעווא און מיט איהם אַרוים אויף אַן׳אינזעל, אום דאָרט אָבצוהאַלטען אַ מיטינג. נאַטירליך איז געווען אַ צוזאַמענשטויס צווישען זיי מיט׳ן מיליטער. די פּאָליציי האָט אָנפאַנגס נישט געשאָסען, נאָר האָט געאַרבייט מיט די נאַגאַיקעס. דער סוף איז אָבער געווען, אַז געגנוג בלוט איז פערגאָסען געוואָרען.

און אויך די אַטענטאַטען און גלאַט אָנפאַלען האָבען זיך ווידער אָנ־געהויבען. אין צאַרסקאָיע סעלאָ איז געווען צוגעגרייט אַ שרעקליכער אַטענ־טאַט אויף איינעם פון די העכסטע פערשוינען, און איצט ווערען טעגליך הונדערטער מענשען אַרעסטירט. אין וואַרשאַ איז מען היינט בייטאָג בע־פאַלען אַ רעגירונגס־קאַסע און מען האָט צוגענומען צווייטויזענד רובעל מזומן און 88 טויזענד רובעל אין ווערט־פּאַפּירען.

וואָס טהוט אָבער די רעגירונג? די רעגירונג איז זיך נוהג מיט די „פרייהייטען", וועלכע זי האָט געגעבען, אַזוי ווי זי האָט זיך נוהג געווען מיט זיי ביז איצט. די געפענגנישען זענען איבערפולט, די נאַגאַיקעס און די ביקסען אַרבייטען אומעטום, די פייניגונגען אַ לאַ ריגא זענען געוואָרען אומעטום אַן׳אַלטעגליכע ערשיינונג, און אָנשטאַט די אָבגעשאַפטע פעלד־געריכטען אַרבייט איצט דאָס איינפאַכע קריעגס־געריכט און מען הענגט און מען שיסט אָהן אַן׳אויפהער. דאָס איז בנוגע דער פערזענליכער פרייהייט, אָבער בנוגע דער וואָרט־פרייהייט זעהען מיר אַ מערקווירדיגע ערשיינונג: זינט די צענזור איז „אָבגעשאַפט" געוואָרען איז די צאָהל פון די צענזאָרען,

פערדאָפּעלט געוואָרען און די הוצאה אויף דעם צענזור־קאָמיטעט איז פיעל גרעסער געוואָרען.

און די העלפערם העלפער פון דער רעגירונג וואָס טהוען? עס איז גענוג, ווען איך וועל ציטירען דעם אינהאַלט פון איין ארטיקעל, וועלכער איז אָבגעדרוקט אין דעם פאָרלעצטען נומער פון „רוסקאָיע זנאַמיא". דער ארטיקעל רייצט אָן די שווארצע דעפּוטאַטען אין דער דומא, צו מאַכען דאָרט יעדען טאָג סקאַנדאַלען. אין פאַל אָבער ווען מען וועט זיי אויסשליסען פון דער זיצונג, זאָלען זיי נישט פערלאָזען דעם דומא־זאַל. די „רוסקאָיע זנאַמיא" איז מבטיח, אַז די רעגירונג וועט נישט שיקען קיין מיליטער, אום ארויסצופיהרען מיט גוואַלד די „רעכטע" דעפּוטאַטען; אויב די רעגירונג וועט דאָס יאָ טהון, איז נאָך בעסער, ווייל די סאָלדאַטען וועלען זיך געוועהנען צו געברויכען ביקסען געגען די דעפּוטאַטען... די צייטונג גיט אַנ'עצה, אַז בשעת די סאָלדאַטען וועלען קומען, אום ארויסצופיהרען די „רעכטע" דעפּוטאַטען, זאָלען זיי צו די סאָלדאַטען האַלטען רעדעס און זיי אויפקלערען, אַז עס איז נויטיג מיט גוואַלד צו צעטרייבען די דומא —— און אונזער רעגירונג הערט און לייענט דאָס אַלעס און שווייגט. זי האָט דאָך געגעבען וואָרט־פרייהייט!

און איצט גיה, טענה מיט אזא רעגירונג און מיט אזעלכע העלפערס־העלפער פון איהר!

## נײַנאונצוואַנציגסטער בריעף

פון אָדעס טעלעגראַפירט מען אונז הײַנט: „אין דער שטאָדט זענען אויסגעבראָכען אונרוהען. די שוואַרצע הונדערטער האָבען פערשפּרייט פּראָוואָקאַטאָרישע קלאַנגען, אַז יודען האָבען געשאָכטען זעכציג קריסטליכע מיידלעך. עס הערשט אין דער שטאָדט אַ שרעקליכע פּאַניק. הונדערטער מענשען אַנטלױפען. צעהנדליגער ווערען געשלאָגען און געהרג׳עט". מיר לייענען אַזאַ טעלעגראַמע און מיר גיבען אַ קרעכץ און פערגעסען זי פינף מינוט שפּעטער; מיר זענען שוין אַ רעכט ביסעל אָבגעשטומפּט.

און דאָס דאָזיגע אָדעס ליגט אין אייראָפּאַ, און די דאָזיגע טעלעגראַמע איז דאַטירט פון 8-טען יוני אין׳ם יאָהר 1907! — קלינגט דאָס אַלץ נישט ווי עפּעס אַ מעשה פון דעם ווילדעסטען און פערוואָרפענסטען ווינקעל אין אַזיען? און איז עס נישט ווי מיר וואָלטען עס לייענען אין עפּעס אַנ׳אַלטער פערשטױבטער כראָניק פונ׳ם עלפטען און צוועלפטען יאָהרהונדערט? — וואו איז אונזער קולטור? וואו איז דער פּראָגרעס? וואו איז דער גאַנ־צער טאַראַראַם, אויף וועלכען מיר מאָדערנע זענען אַזוי שטאָלץ? עפּעס פערשפּרייט מען קלאַנגען, עפּעס רעדט מען פון זעכציג געשאָכטענע קריס־טען־מיידלעך, עפּעס איז אַזאַ נאַרישע בבא־מעשה אויך נאָך אַ סחורה און קריגט איהרע קונים, עפּעס איז אַ מהומה, עפּעס לױפען מענשען ווילד און אין טויט־אַנגסט, עפּעס רינט בלוט אין די גאַסען און יודען פאַלען — — רבונו של עולם, וואו זענען מיר אין דער וועלט? מיט וואָס וועט זיך דאָס ענדיגען? מיר זענען געוואָרען אַזוי גלייכגילטיג, אַז מיר לייענען זיך אַזעלכע זאַכען רוהיג און מיר ווערען נישט נתפּעל. מיר עסען זיך דאַן אונזערע ביפשטעקס, מיר טהוען זיך אָן אונזער פיינע ווייסע וועש מיט שטייף־געמאַכטע קראַגענס, מיר געהען אין די טעאַטערס צו בערנאַרד שאָ׳ס אָדער שלום אַש׳ס שטיק און מיר געניסען די פרוכטען פון אונזער קולטור מיט אַלע איהרע שעהנע און נוצליכע ערפינדונגען. פּאַרצייטענס האָט מען אונז געהרג׳עט און געשלאָגען ביי אַ גראָשענדיג חלב־ליכטעל, און איצט

טהוט מען עס ביי עלעקטרישער בעלייכטונג; פּאַרצייטענס איז מען זיך צונויפגעקומען צוליעב אַזעלכע זאכען מיט אַ פּראָסטען פערד און וואָגען. און איצט טהוט מען עס מיט דאַמף אָדער מיט אַנ'אויטאָ־מאָביל; פּאַרצייטענס האָט זיך די וועלט דערוואוסט פון אַזעלכע הריגות דורך אַ בריוועל און דורך אַ שליח מיוחד נאָך אַ פערלויף פון וואָכען און חדשים, און איצט ווערען מיר דאָס געוואָהר זעהר שנעל און נישט אַנדערש ווי דורכ'ן טעלעגראַף אָדער טעלעפאָן. מיר האָבען דאָך עפּעס נוצליכע ערפינדונגען. אָבער רויט ווערען מיר נישט און שעהמען שעהמען מיר זיך נישט און מיר זענען אַלץ קולטיווירטע מענשען. וואָס מאכט דאָס אויס אַ פּאָגראָם אויף יודען אין אָדעס זינט וואָכען און חדשים? איך זאָג: זינט וואָכען און חדשים. דאָס נייעסטע אומגליק אין רוסלאַנד איז, וואָס די פּאָגראָם־מאַכעריי איז אַריינגעטרעטען אין אַ נייע פאַזע: דער פּאָ־גראָם ווערט נישט מעהר געמאַכט קורץ און שאַרף און אין פערלויף פון בעשטימטע צוויי־דריי טעג. ניין, זיי האָבען אויסגעקלערט אַ טויזענדמאָל מעהר פערטייוועלטען פּלאַן; זיי האָבען אָנגעהויבען מאַכען כראָנישע פּאָגראָמען, אַ פּאָגראָם אָהן אייגענטליכען אָנפאַנג און אָהן סוף, ביסלעכ־ווייז, איינציגווייז, טראָפּענווייז, און אַזאַ פּאָגראָם דויערט וואָכען און מאָ־נאַטען און קאָן דויערען אויך יאָהרען, און אַזאַ פּאָגראָם — ווי איך האָב שוין אַמאָל דערויף אויפמערקזאַם געמאַכט — האָט נאָך די מעלה, אַז ער מאַכט נישט אָן קיין געפּילדער אין דער גרויסער וועלט. אין אָדעס דויערט שוין דער פּאָגראָם אַ סך חדשים, און צעהנדליגע זענען אומגעקומען און הונדערטער זענען פעראומגליקט געוואָרען. וואָס ווייסט די וועלט פון איהם? און ווען זי ווייסט, וואָס האָט זי געטהון דאַגעגען? — נאָך די וועלט־בעקאַנטע פּאָגראָמען קאָנען מיר ווענינגסטענס אָנצינדען אַ יאָהרצייט־ליכט; מיר ווייסען אין וועלכע טעג זיי זענען געפאַלען. נאָך דער אָדע־סער פּאָגראָמעריי וואָלטען מיר דאַרפען אָנצינדען אַ ליכט, וועלכעס זאָל ברענען אַ גאַנץ יאָהר.

דערפאַר אָבער האָבען מיר אַ דומא, און די דאָזיגע דומא — „אַרבייט”. זי איז פערסאַפּעט און פערשמאַיעט טאָג און נאַכט, און רק זי „אַרבייט”. עס געהען אַראָב און עס געהען אַרויף מיניסטאָרען אויף דער טריבונע און

מען רעדט. דאָס אינטערעסאַנטע איז נישט וואָס, נאָר ווי זיי רעדען; זיי רעדען ווי נאָר ביוראָקראַטען אין רוסלאַנד קאָנען רעדען: נישט גוט און נישט שלעכט, נישט קאַלט און נישט וואַרעם, נישט האַרט און נישט ווייך. עס מעג אַזאַ מייסטער רעדען וועגען טויט־שטראָף, וועגען פייניגונגען און געפענגנישען, וועגען אגראַר־פראַגען, וועגען דאַמף־שיפס־געזעלשאַפטען, וועגען זון און פינסטערניש: דערזעלבער טאָן, דיזעלבע שפּראַך, דאָסזעלבע איינערליי און דיזעלבע טרוקענקייט און גלייכגילטיגקייט. מען קען צעפּ־לאַצט ווערען פון זייער אייזערנער רוהיגקייט. מען שיסט אָדער מען הענגט אַנ׳אונשולדיגען; מען אינטערפּעלירט; דער מיניסטער אַליין זעהט שוין איין, וואָס דאָ איז פאַרגעפאַלען, און פאַרט ענטפערט ער: „וואָס זאָל איך טהון? עס איז געווען על־פּי זאַקאָן". „אָבער אַזאַ „זאַקאָן" איז דאָך שרעקליך! איבריגענס איז דער דאָזיגער „זאַקאָן" שוין אַביסעל אַלט" — „אמת", ענטפערט דער מיניסטער, „אָבער איידער עס זענען פאַרהאַן נייע געזעצען, מוזען מיר זיך בענוצען מיט די אַלטע".—

און די דומאַ האַלט אַלץ אין איין „אַרבייטען". עס קומט, למשל, אַנ׳־אַנדערער מיניסטער און לעגט פאָר אַ געזעץ־פּראָיעקט, אַז די דומאַ זאָל בעשטעטיגען דאָס איינפיהרען פון „פערהיטונגס־קייטעלעך„ דען אַזוי ווי אין דער לעצטער צייט האָט זיך אָפּט געטראָפען, אַז פּאָליטישע אַרעסטאַנ־טען זענען אַנטלאָפען, דעריבער דאַרף מען זעהר האָבען יענעם צערטליכע, אונשולדיגע מיטעל. אייגענטליך מוזען מיר וויסען, זענען יענע „פער־היטונגס־קייטעלעך" איינגעפיהרט שוין זינט אַ האַלב יאָהר; עס איז אָבער וויציגער, ווען מען וועט פאָדערען פון דער דומאַ, אַז זי זאָל אַ שאָקעל געבען מיטן קאָפּ און זאָל מסכים זיין. עלעהיי זאָל מען זעהען, אַז די דו־מאַ „אַרבייט". און די דומאַ „בעטראַכט" דאָס געזעץ־פּראָיעקט און שלייפט זיך דעם מוח און קנייטשט זיך דעם שטערען און טראַכט; זי „אַרבייט". פערהיטונגס־קייטעלעך — עפּעס קלינגט עס אַזוי ווייך און אַזוי פיין און אַזוי ליעבליך. מיינט מען נישט, אַז עס האַנדעלט זיך מכוח קליינע קינ־דערלעך, וועלכע הויבען אָן צו לערנען זיך געהן, און דאָס וויל מען פיהרען זיי אויף אַזעלכע בענדעלעך, זיי זאָלען חלילה נישט פאַלען? „סך־הכל — זאָגט דער מיניסטער — וועגען זיי 1½ פונט". חוץ דעם וועט מען

זיי קאָנען טראָגען אונטער די קליידער, אונבעמערקבאַר, אויף דער רעכטער האַנד און אויף דעם לינקען פוס. און געמאַכט זענען די „קייטעלעך" ממזר דיק, דאָס לעצטע וואָרט פון אויסלענדישער טעכניק, זעהר לייכט, זעהר טראָגבאַר. עס פעהלט נאָר נאָך, אז דער הערר מיניסטער זאָל ארויסגעה־מען פון דער טאַש אַ מוסטער און זאָל עס ווייזען די פאָלקס־פערטרעטער— עפּעס ווי אַ רייזענדער אין „אָרעמבענדער" פּרימאַ־קוואַליטעט. און אַ חוץ דעם ווי גוט אונזער גוטע רעגירונג איז! און ווי איז זי איינגענומען פאַר גלייכבערעכטיגונג! זי ווילל, למשל, אז מיט די דאָזיגע קייטעלעך זאָל מען קיין שום חילוק נישט מאַכען צווישען פרויען און מענער, צווישען יונג און אַלט, צווישען געלערענטע און פּראָסטע מענשען, צווישען פער־ברעכער און אַזעלכע, וועלכע זענען נאָר אין חשד — אַלע זאָלען זיי פון היינט אָן מוזען טראָגען אַזעלכע קייטעלעך! — אַ גאַנצען טאָג דויערען אין דער דומאַ די דעבאַטען וועגען דעם דאָזיגען וויכטיגען געגענשטאַנד. די דומאַ „אַרבייט". ווי דען, האָט איהר געמיינט, זי וועט לעדיג געהן? זי וועט זיך בעשעפטיגען מיט אַזעלכע פּוסטע זאַכען, ווי פאָגראָמען אין אָדעס? ניין, קינדערלעך, די דומאַ האָט קיין צייט נישט, די דומאַ „אַרבייט", די דומאַ האָט צו „בעטראַכטען" און „ארומצורעדען" דעם ענין פון קייטע־לעך!

און די יודען־פראַגע איז זיך דערווייל יודען־פּראַגע. עהערנעכטען איז געוועזן אַ זיצונג פון דער ערשטער אונטער־קאָמיסיע, וועלכע זיצט און בעשעפטיגט זיך מיט דער פראַגע וועגען רעליגיאָנס־פרייהייט. דער דעפּו־טאַט ש. בראַמסאָן האָט געלייענט אַ רעפעראַט וועגען אַלע בעגרענצונגס־געזעצען פאַר יודענס וועגען. פאָרלויפיג האָט ער געלייענט נאָר דעם ערש־טען טייל פון זיין רעפעראַט: וועגען די בעגרענצונגען אין דעם וואוינרעכט פאַר יודען, ווי זיי געפינען זיך אין די פערשידענסטע פּאַראַגראַפען פון דעם רוסישען קאָדעקס. די אונטער־קאָמיסיע האָט איינשטימיג בעשלאָסען: צוצושטעלען דער אויבער־קאָמיסיע, וועלכע בעשעפטיגט זיך מיט דער פּראַ־גע וועגען רעליגיאָנס־פרייהייט, אַ פּראָיעקט, אז אַלע בעגרענצונגען בנוגע דעם יודישען וואוינרעכט זאָלען אָבגעשאַפט ווערען. ובכן זעהט מען דאָך, אז מען „אַרבייט"! אַנ'אונטער־קאָמיסיע צו אַנ'אויבער־קאָמיסיע, אַנ'אויר־

בער-קאָמיסיע צו א דומאַ, א דומאַ צו א רעגירונגס־ראַט, א רעגירונגס־ראַט צו . . . צו אַנ׳ארכיוו, און א סוף מיט אַנ׳עק! עס איז עפּעס אזוי ווי די פּרשה „אמור אל הכהנים״: די גרויסע כהנים זאָגען די קליינע כהנים׳לעך, די קליינע — די נאָך קלענערע און אזוי ווייטער. אלס קוריאָז מוז איך נאָך דערמאָהנען, אז א גוואלדיגען חידוש האָבען אָנגעמאַכט אין יענער קאָמיסיע צוויי פּאַראַגראַפען, וועלכע הערר בראַמסאָן האָט געבראַכט אלס ביישפּיעל פאַר די פיעל משונה׳דיגע רוסישע געזעצען וועגען יודען: אין איין פּאַראַגראַף ווערט בעגרענעצט דאָס רעכט פאַר יודען אלס לייער-קאַסטען (קאַטארינקאַ־שפּיעלער), אלס קונצענמאַכער און אלס ציגיינער, און אין דעם צווייטען פּאַראַגראַף ווערט יודישע פרויען פערוועהרט צו ראַזירען זיך די האָר פון קאָפּ.

אין א בריעף, וועלכען איך האָב היינט דערהאַלטען פון פּעטערבורג, שרייבט מען מיר: דער געזעץ־פּראָיעקט וועגען גלייכבערעכטיגונג פאַר יודענס וועגען איז ביז איצט אונטערגעשריבען געוואָרען פון 80 דעפּוטאַטען. די יודישע דעפּוטאַטען ווילען אָבער נישט דעם פּראָיעקט דערווייל צושטעלען דער דומאַ, דען זיי וואַרטען, ביז ער וועט זיין פריהער אונטערגעשריבען פון דעם רוב פון די דומאַ־דעפּוטאַטען, כדי אויף אזא אופן צו בעווייזען, אז דער רוב דעפּוטאַטען האָט זיך ארויסגעזאָגט פאַר גרייכבערעכטיגונג פאַר יודענס וועגען. — ווי מען הערט, זאָל דער מיניסטאָרען־ראַט האָבען בעשלאָסען דערווייל זיך אָבצוהאַלטען פון ארויסשיקען פון די אינערליכע גובערניעס יענע יודען, וועלכע האָבען נישט קיין וואוינרעכט. כע. חוץ דעם וועלען אוודאי ווערען אויסגעשלאָסען אלע ארבייטער־קלאַסען אויף רוסלאַנד קאָן מען אלעס גלויבען, און איבערהויפּט דענסמאָל, ווען מען בעדאַרף אַנ׳אויסלענדישע הלוואה!

בין כך וכך פיהרט זיך אלעס ווי געוועהן: אין איין טאָג זענען פון קריעגס-געריכט עלף מענשען פּעראורטיילט געוואָרען צום טויט און זענען געהאָנגען געוואָרען: זעקס אין וואַרשאַ, דריי אין דער נאָהנט פון וואַרשאַ און צוויי אין יעקאַטערינאָסלאַוו. אין פּעטערהאָף זענען אין דעמזעלבען טאָג אָנגענומען געוואָרען אויף אַנ׳אודיענץ ביים קייזער און דער קייזערין 30 רעכטע דומאַ־דעפּוטאַטען; צווישען די אָנגענומענע געפינען זיך אויך

מענשען ווי: דער עפּיסקאָפּ יעוולאָגי און דער עפּיסקאָפּ פּלאַטאָן, פּוריש־קעוויטש, שולגין, סאַזאָנאָוויטש, רייִן און כאָמיאַקאָוו. — דער פּאָליציי־דעפּאַרטאַמענט האָט אָנגעהויבען אויסצואַרבייטען אַ נייע אינסטרוקציע פאַר יעדער שטאָדט-אַדמיניסטראַציע בנוגע צו דעם ווי זי דאַרף זיך נוהג זיין מיט די דעפּוטאַטען פון דער דומאַ, ווען זיי וועלען אם־ירצה־השם קומען אַהיים. — עטליכע דעפּוטאַטען, וועלכע זענען געווען צום סאָציאַליסטען־קאָנגרעס אין לאָנדאָן, זענען ביי זייער אַהיימקומען אַרעסטירט געוואָרען און נאָר ערשט שפּעטער האָט מען זיי ווידער בעפרייט. — איך האָב צוגויפגעשטעלט דאָס ביסעל נייעס, נאָר אום צו ווייזען, ווי הויך עס שטעהט דער באַראָמעטער פון אונזער פריהייט.

און צום סוף נאָך אַ קליינע סטאַטיסטיק וועגען אונזער פּרעסע־פּרייהייט: אין די דריי חדשים, וואָס די צווייטע דומאַ עקזיסטירט, האָט די אַדמיניסטראַציע פערמאַכט צייטונגען און זשורנאַלען: אין פּעטערבורג —43, אין מאָסקווא — 10, אין טיפליס — 6, אין באַקו — 3, אין יעקאַטערינאָדאַר—1, אין סעוואַסטאָפּאָל—1, אין קראַסנאָיאַרסק—1, אין נאָוואָניקאָלאַיעווסק—1, אין סעמיפּאַלאַטינסק—2, אין באַלטישער געגענד—9, אין וואַרשאַ—3, אין ווילנא—2, אין כאַרקאָוו — 1, אין פּאָלטאַווא—1, אין יעקאַטערינאָסלאַוו—1, אין סימפעראָפּאָל—1, אין יאַלטאַ—1, אין יאַראָסלאַוו—1, אין סאַראַטאָוו—1, אין וויאַטקאַ—1, אין יעקאַטערינענבורג—1, בסך־הכל אַלזאָ 93 צייטונגען. און פאַרט האָבען מיר דאָך עפּעס פּרעסע־פרייהייט!

## דרייסיגסטער בריעף

פון פעטערבורג קומען אונז אָן זינט צוויי טעג אַלע האַלבע שעה נייע טעלעגראַמען, איינע שרעקליכער פון דער אַנדערער: צוויי עסקאַדראָנען קאַוואַלעריע רינגלען אַרום די דומאַ; קאָזאַקען און טשערקעסען מיט בלאַנק געצויגענע שווערדען שטעהען גרייט צום קלאַפּ; פון קראַסנאָיע סעלאָ איז אָנגעקומען קיין פעטערבורג אַ רעגימענט פון דער קיראַסיער־גוואַרדיע און אַ רעגימענט קאָזאַקען; הונדערטער פּאַטרולען פון זשאַנדאַרמען און קאָזאַקען ציהען איבער די גאַסען; פאַר די טויערען פון דער דומאַ וואַרטען צוואַנציג תפיסה־קאַרעטען; מיט אַ דראָהענדער פינסטערער מינע בעפעהלט סטאָליפּין אַ געהיימען זיצונג; 16 דומאַ־דעפּוטאַטען פון די סאָציאַל־דעמאָקראַטען, פערלאַנגט ער, זאָל מען איהם זאָפאָרט אויסליפערען, אום זיי איבערצוגעבען דעם אויספאָרשונגס־ריכטער; די עקזיסטענץ פון דער דומאַ הענגט אויף אַ האָר; אַלע דעפּוטאַטען זענען איבערצייגט, אַז היינט־מאָרגען איז דער לעצטער טאָג פון דער דומאַ; אַ סך פון זיי האָבען שוין געקויפט רייזע־בילעטען, אום אַרויסצופאָהרען פון פעטערבורג; עס זיצט אַ קאָמיסיע און בעקלערט די פראַגע פון אַרויסגעבען אָדער נישט אַרויסגעבען די 55 דעפּוטאַטען וואָס זענען „שולדיג” אין דעם כלומר’שט געפּלאַנטען אַטענטאַט; ביז מאָנטאָג האָט זיך די דומאַ אויסגעבעטען אַ טערמין צו איהר בעשלוס; אין דער רעגירונגס־דרוקעריי, זאָגט מען, דרוקט זיך שוין דער אוקאַז צום פונאַנדערטרייבען די דומאַ. און פּלוצלינג, נאָך לעזענדיג יענע לעצטע טעלעגראַמען, קומט אונז אָן די אַלערלעצטע: עס איז געשעהן! לויט’ן אַלערהעכסטען אוקאַז פון 3־טן (16) יוני צום רעגירענדען סענאַט איז דעם קייזער געפעלען צו בעפעהלען: 1) די רעגירונגס־דומאַ פונאַנדערצולאָזען; 2) מודיע צו זיין, אַז די נייע וואַהלען וועלען זיך אָנהויבען דעם 1טען (14) סעפּטעמבער ה. י.; 3) דעם טערמין פון דעם צונויפטרעטען פון דער נייער דומאַ צו בעשטימטען אויף דעם 1־טען (14)

נאָוועמבער ה. י. חוץ דעם איז אינ'ם הײנטיגען טאָג ארויסגעגעבען געוואָרען אַנ'אַלערהעכסער מאַניפעסט און אויך נייע וואהל-געזעצען.

פאַרוואָס האָט מען די דומא צעטריבען? פאַרוואָס האָט מען זי גאָר צונויפגערופען? פאַרוואָס וועט מען צונויפרופען די דריטע? וואָס פאַר א צוועק האָט דאָס גאַנצע גרויזאַמע שפּיעלען זיך? — עס איז קלאָר, אַז די מעשה מיט די 55 „שולדיגע" דעפּוטאַטען איז נאָר אַ נאַרישער אויסרייד; עס איז קלאָר, אַז מען וואָלט די דומא צעטריבען אפילו ווען זי וואָלט זיך האָבען ענטשלאָסען ארויסצוגעבען באַלד אין דער ערשטער מינוט נישט בלויז 55, נאָר זאָגאַר 110 דעפּוטאַטען. די ראיה איז, אַז די אויסגעאַרבייטע נייע וואהל-געזעצען זענען שוין געלעגען פערטיג אין דער טאַש, און די רעגירונג האָט דאָך נישט געוואוסט, אַז עטליכע דומא-דעפּוטאַטען וועלען פערלאַנגען אַ בעדענק-צייט פון צוויי טעג. עס איז קלאָר, אַז נישט אויף דער רעגירונג איז געווען געמאַכט אַנ'אָנפאַל און די מעשה מיט אַ פערשווערונג געגען דעם טראָהן איז אַ פּוסטער אויסרייד, נאָר אומגעקעהרט איז עס: אויף דער מאַיעסטעט פון פאָלק איז געוואָרען געמאַכט אַנ'אָנפאַל, געגען דער הייליגקייט פון דער קאָנסטיטוציע איז געווען אַ פערשווערונג און דער גרויזאַמער אַטענטאַט האָט זיך איינגעגעבען. דאָס פונאַנדערטרייבען פון דער איצטיגער דומא איז די גרעסטע באָמבע, וועלכע איז אין רוסלאַנד געוואָרפען געוואָרען, אַ באָמבע אויף אַ גאַנץ פאָלק; די נייע וואהל-געזעצען, וואָס זיי זאָלען נישט זיין, זענען דער גרעסטער שווינדעל, וועלכען אַנ'אינטריגע פון ביוראָקראַטען האָט זיך ערלויבט געגען אַ גאַנץ לאַנד. אפשר וועט איצט ענדליך אַ גאַנצע וועלט איינזעהען, וואָס פאַר אַ שפּיעלבעל מען האָט געשפּיעלט מיט אַ גאַנצער אומה און וואָס די גאַנצע קאָמעדיע איז געווען!

מילא מען האָט צעטריבען די ערשטע דומא: אַנ'אויסרייד פאַר אַ וועלט איז געווען, אַז זי איז עפּעס נישט געווען אינגאַנצען כשר — און בשעת הדחק האָט מען געקאָנט אַזאַ אויסרייד אָננעהמען און אויך גלויבען אין איהם. אָבער די צווייטע דומא! אַ דומא, וואָס האָט נישט געוואַגט אַ הויך וואָרט צו רעדען און האָט נאָר געקוקט דעם פּרעמיער יעדעסמאָל אין מויל אַריין און האָט זיך געאיילט יעדעסמאָל זיין ווילען צו טהון נאָך איידער

ער האָט אַ וואָרט גערעדט, אַ דומאַ, וואָס האָט שוין נישט געשטורעמט וועגען אַמנעסטיע און טויט־שטראָף און גלייכבערעכטיגונג און פרייהייטען, אַ דומאַ, וואָס האָט, אדרבא, שוין געדיענט נאָר פאַר די רעגירונגס־צוועקען און האָט שוין עקזיסטירט נאָר אום צו בעשטעטיגען געזעצען, וועלכע די פּאָליציי האָט פערלאַנגט פון איהר, ווי, למשל, בויען תפיסות און מאַכען כשר וישר און גוט און פרום און שטיל און טאַקטפול — און אַזאַ דומאַ האָט מען איצט פונאַנדערגעטריבען! וואָס פאַר אַנ'אויסרייד וועט מען יעצט האָבען פאַר אַ וועלט? וואָס וועט מען זאָגען אַ וועלט, פאַר וואָס האָט מען עס געטהון? מען וועט זאָגען אַ וועלט, אַז ס'איז געווען אַ געהיימע פערשווערונג געבען דער פערזאָן פון קייזער און געגען דער רעגירונגס־אָרדנונג — אָבער וועט דאָס אַ וועלט גלויבען? וועט דען אַ וועלט נישט איינזעהען באַלד, אַז דאָס גאַנצע קלעפּט זיך עפּעס נישט, און אפילו דעם פּראָצעס וועגען יענער „פערשווערונג" קאָן מען נישט פיהרען עפענטליך און מען איז געצוואונגען איהם שטילערהייט צו פּטר'ן?

עס איז קלאָר, און אַ גאַנצע וועלט וועט עס איינזעהען, אַז מען האָט געשפּיעלט אַ שרעקליכע קאָמעדיע מיט אַ פאָלק און מיט זיינע רעכט און מיט זיין מענשליכער ווירדע! אין אַ שוואַכער מינוט האָט אַ רעגירונג עפּעס געגעבען, און דאַן האָט זי חרטה געהאַט, וואָס זי האָט געגעבען און האָט עס געוואָלט צוריקנעהמען — און דעריבער האָט זי געשפּיעלט איהר שרעקליך שפּיעל. נאָך דעם יאַפּאַנישען קריעג איז עס געווען. מען איז אַהיימגעקומען אָבגעשמיסען און אַביסעל אונזיכער און אויס יחסן. אין לאַנד האָט עס געקאָכט; די אונצעהליגע הונדערטער מיליאָנען, וועלכע זענען אויסגעגאַנגען לאיבוד, און די מיליאָנען קרבנות, וועלכע זענען געפאַלען אומזיסט, האָבען אָנגעמאַכט אביסעל בייז בלוט. מען האָט גערעדט וועגען אַ רעוואָלוציאָנערער בעוועגונג. דענסמאָל איז עס געווען, אַז די רעגירונג האָט געפונען פאַר נויטיג מקדים צו זיין די רפואה פאַר דער מכה, און דעם 17־טען (30) אָקטאָבער 1905 האָט זי געגעבען די קאָנסטיטוציע. מעגליך איז, אַז בשעת'ן געבען איז עס געמיינט געווען עהרליך; מעגליך איז אָבער אויך, אַז דאָס גאַנצע געבען איז געווען לכתחליה באַלד אַ קאָמעדיע. ווי די מעשה איז, דאָס פאָלק האָט צוגענומען די מתנה; דאָס

פאָלק האָט עס אַוודאי ובוודאי געמיינט עהרליך. זעלבסטפערשטענדליך, האָט די רעגירונג באַלד אַרומגעקוקט זיך און האָט געזעהן, וואָס זי האָט דאָ געטהון; אַ קאָנסטיטוציע האָט זי געגעבען, עפּעס ווי אין שלאָף האָט זי עס געגעבען, עפּעס ווי אין צושטאַנד פון אַ נאַכטוואַנדלער — און באמת'דיג איז עס דאָך געווען אַן'איבערגעאיילטער שריט. און דאָ האָט אָנגעהויבען די רעגירונג צו זוכען עצות, דאָס געגעבענע צוריק אַרויסצוקריגען פון די לאַפּעס פון'ם פאָלק. זי האָט געפּרובט מיט קאָנטר־רעוואָלוציעס, אפשר וועט דאָס פאָלק צוריק אַרויסגעבען דעם 30-טען אָקטאָבער — דאָס פאָלק האָט נישט צוריקגעגעבען. זי האָט געפּרובט אין מעהר ווי 150 שטעדט צו מאַכען פּאָגראָמען און בלוט־בעדער אין גרויסען סטיל — דאָס פאָלק האָט פעסט געהאַלטען זיין קאָנסטיטוציע. זי האָט געפּרובט מיט רעפּרעסיעס און מיט קריעגס־צושטאַנדען און מיט פעלדגעריכטען — דאָס פאָלק האָט בעהאַלטען זיין „פרייהייט". זי האָט פונאַנדערגעטריבען די ערשטע דומאַ, זי האָט געהאָנגען און געשאָסען און אַרעסטירט — דאָס אומגליקליכע פאָלק האָט אַלץ נאָך געמיינט, אַז דאָס איז אויף דערוויל. זי האָט געפּרובט און האָט געוואָלט געבען „ערקלערונגען" צו די וואהל־געזעצען דורך דעם סענאַט, אַזוי אַז צוויי דריטעל פון די, וועלכע האָבען געהאַט דאָס רעכט צו וועהלען, זענען געוואָרען אויסגעשלאָסען און. די גאַנצע דומאַ איז געוואָרען דאַדורך נאָר אַ מאַריאָנעטען-שפּיעל אין איהר האַנד — דאָס נאַרישע אומגליקליכע פאָלק האָט אָבער אַלץ נאָך געמיינט, אַז עס האָט עפּעס. דערוויל אָבער איז יענער פּחד, וועלכען די רעגירונג האָט געהאַט אַמאָל פאַר אַ רעוואָלוציאָנערער בעוועגונג, אינגאַנצען פערשוואונדען געוואָרען און מיט איהם איז מסתם אויך פערשוואונדען דער פּחד וועגען אַן'אויסלענדישען קרעדיט, און אַזוי האָט די רעגירונג בעשלאָסען פראַנק און פריי אַ סוף צו מאַכען מיט די עטליכע רעשטלעך, וועלכע זענען נאָך געבליבען פון דעם 30־טען אָקטאָבער. ראשית האָט זי די דומאַ אַזוי אַבגעריכט, אַז זי זאָל שוין ניט האָבען דעם מוט פון דער רעגירונג צו פערלאַנגען, נאָר אדרבא, זי זאָל נאָר עקזיסירען, אום צו בעשטעטיגען דאָס, וואָס די רעגירונג וועט פון איהר פערלאַנגען; די רעגירונג האָט געטריבען קאַטאָוועס מיט דעם פאָלק און האָט געשפּעט און געלאַכט אין די אויגען אַריין און האָט פאָר־

געלעגט דער דומא געזעץ-פּראָיעקטען וועגען תפיסות און קייטען. דאַן אָבער האָט די רעגירונג איינגעזעהן, אַז ס'איז שוין צייט צו מאַכען אויך דעם אויסערסטען שריט; דאָ האָט זי אויסגעטראַכט עפּעס אַ בלבול וועגען אַ פערשווערונג און האָט פערלאַנגט, אַז די דומא זאָל איהר אויסליפערען 55 מאַן פון איהרע דעפּוטאַטען, און גלייכצייטיג האָט זי די דומא צעטריבען. חוץ דעם וועלען ווערען אויסגעשלאָסען אַלע אַרבייטער־קלאַסען און האָט פּראָקלאַמירט נייע וואהל-געזעצען. אַזוי האָט מען סיסטעמאַטיש געאַרבייט, אַביסעל נאָך אַביסעל, אום צו מאַכען אַ סוף צו דער קאָנסטיטוציע און די געגעבענע פרייהייטען פון'ם 17/30־טען אָקטאָבער!

און ווי אַזוי די נייע וואהל־געזעצען וועלען זיין, קאָן מען פערשטעהן! שוין די פאָריגע וואָך זענען געווען קלאַנגען, אַז מען מאַכט נייע וואהל-געזעצען, לויט וועלכע נאָר עכטע רעכט־גלויביגע רוסען וועלען האָבען דאָס רעכט צו וועהלען. פון וואהל־רעכט וועלען אַלזאָ ווערען אויסגעשלאָסען יודען, און אפשר אויך פּאָליאַקען און אַרמענער און לעטען און נאָך אַזעלכע, חוץ דעם וועלען ווערען אויסגעשלאָסען אַלע אַרבייטער־קלאַסען וכדומה. דאַן וועלען מסתמא ווערען אויסגעשלאָסען אַלע, וועלכע האָבען אַמאָל בעזוכט אַ שולע קאָנען לעזען אין אַ בוך און דאַן וועלען ווערען אויסגעשלאָסען אַלע, וועלכע דיענען נישט ביי דער רעגירונג און זענען נישט קיין טשינאָווניקעס. און ליתר תוקף ועוז וועט קומען דער סענאַט און וועט מאַכען „ערקלערונגען", אַז אריינלאָזען אין דער דומא זאָל מען נאָר אַזעלכע, וועלכע האָבען פריהער נושא חן געווען ביי דער רעגירונג און האָבען אַ הכשר פון דער געהיים־פּאָליציי פאַר גוטע מעשים, וואָס זיי האָבען געטהון און אַזוי וועט קומען דער 1/14-טער נאָוועמבער און די נייע דומאַ, די דריטע, וועט זיך עפענען. די דומאַ, די דריטע, וועט זיין אַנ'אונטער־אָבטיילונג פון דעם פּאָליציי־דעפּאַרטאַמענט. אין דער דומאַ וועט זיצען אַ כשר'ער פרומער עולם. איינער פון סטאָליפּינס מענשען וועט זיין פּאָרזיצענדער און וועט קוקען סטאָליפּינען אין מויל אריין. מען וועט פּאָרלעגען אַ געזעץ־פּראָיעקט, צו מאַכען צעהן־פונטיגע קייטען פאַר יעדען געפאַנגענעם — און די דומאַ וועט פּאַטשען בראַוואָ און וועט שרייען הורא און וועט בעשטעטיגען דאָס געזעץ מיט'ן גאַנצען הארצען. מען וועט פּאָרלעגען, איינצוריכטען אייביגע פעלד-געריכטען און איינצופיהרען אונאונטערבראָכענע טויט־שטראָף

— און די דומאַ וועט שרייען בראַוואָ און וועט רופען נעשה ונשמע. מען וועט פאָרלעגען, איינצופיהרען צענזור אויף ביכער און צייטונגען, און דאָס אין דער שאַרפסטער פאָרם — און די דומאַ וועט שרייען הורא און וועט זיין גליקליך מיט דעם נייעם געזעץ. עס קאָן בלויז זיין, אז פון יוצא וועגען, וועט מען זיך האַלטען אויך עפּעס אַ לינקען, וועלכער זאָל, ווען נישט ווען, אויך זאָגען עפּעס אַנ׳אָפּאָזיציעס־וואָרט, כדי צו קאָנען אַ טאָג שפּעטער טענה׳ן אז עס איז פאַרהאַן אַ רעוואָלוציע און מען מוז מאַכען אַ פּאָגראָם אין עטליכע שטעדט.

און וואו איז די פּערזענליכע פרייהייט? און וואו איז די רעליגיאָנס־פרייהייט? און וואו איז די אונבעריהרליכקייט? און וואו איז די גלייכבערעכטיגונג? און וואו איז די פאָלקס-פערטרעטונג? און וואו זענען אַלע חלומות פונ׳ם 17/30־טען אָקטאָבער?

# איינאונדרייסיגסטער בריעף

איך מוז זיך מודה זיין: צום ווענינגסטען פון אלעמען קאן איך ליידען דעם ביוראקראט אין רוסלאנד דענסמאל, ווען ער ווערט מיר — א ליבעראל. א קאץ, וועלכע דערלאנגט א גלעט דעם מייזעל, איז נישט עהרליך. א מי־ניסטער אדער א קאץ מיט כאראקטער מוז כאפען זיך צו דער אייגענטלי־כער מלאכה, צום עסען, גאנץ פראסט אהן חנ׳דלעך פריהער. בשעת עס איז געקומען דער מיניסטער סוויאטאפאלק-מירסקי פאר דריי יאהר און האט אונז געשענקט זיין בעריהמטען „פריהלינג", האב איך איהם געקוקט שטארק אויף די פינגער; וואס פאר א שייכות האט דאס א מיניסטער, אנ׳אלטער טשינאווניק מיט מתיקות, צו א פרייהייטס-פריהלינג? — בשעת עס איז געקומען לאפוכין און האט אויפגעדעקט אין דער ערשטער דומא די סו־דות פון דער געהיימער פאגראם־פאבריק, וועלכע די רעגירונג אליין האט געהאט, ביז איך געווארען שטארק מיסטרויאיש; איז עס נישט דערזעלבער לאפוכין, וועלכער איז געווען דירעקטאר פון דעם פאליציי־דעפּוטאמענט נאך אין פלעווע׳ס צייטען און איז געפאהרען דענסמאל קיין קישיניעוו און האט ארויסגע׳חוקר׳ט, אז אין דעם פאגראם זענען די יודען אליין שולדיג, דען זיי אליין האבען איהם געמאכט? איז עס נישט דערזעלבער לאפוכין, וועל־כער איז געווען גובערנאטאר אין רעוועל און האט דארט אין די פרייע אקטאבער־טעג געמאכט א בלוט־באד, אין וועלכעם עס זענען אומגעקומען אונצעהליגע אונשולדיגע מענשען? בשעת דער מיניסטער קולטור האט אויפגעהערט זיין א מיניסטער און איז געווארען א קאדעט און איז געקומען מיט זיינע ליבעראלע אגראר-רעפארמען, בין איך געווארען א רעכט ביסעל אונרוהיג; עפּעס איז עס א געוועזענער מיניסטער, און פאר מיניסטארען און איבערהויפט פאר געוועזענע האב איך שטארק דרך־ארץ, כמעט אזוי ווי פאר געוועזענע פאליציי־דעפּארטאמענטס-דירעקטארען, און עס איז אנ־צונעמען, אז גיכער ווי אזא קולטור-מיניסטער וועט מאכען דאס מיניסטעריום קאדעטיש, וועט ער מאכען די קאדעטען מיניסטאריש. גאנץ בעזונדערס אבער

האָט מיך געפּלאָגט דער דאָזיגער געדאַנק דענסמאָל, ווען אין דער צווייטער דומאַ איז אַרויסגעטרעטען דער בעוואוסטער פּירשט אורוסאָוו מיט זיין בעריהמטער רעדע, וועלכע האָט אַזאַ רעש אָנגעמאַכט אין דער וועלט, און האָט אויפגעדעקט די סודות פון דער פּאָגראָם־פּאָליטיק ביי דער רעגירונג אַליין און פון איהרע געהיימע דרוקערייען און געהיימע צירקוליאַרען און געהיימע פּראָקלאַמאַציעס וועגען שלאָגען יודען. איך האָב אָנפאַנגס געצווייפעלט. עפּעס איז עס נאָך פּאָרט אַ פּירשט, אַ געוועזענער גובערנאַטאָר, אַ טשינאָווניק אין מיניסטעריום; ווער ווייסט, וואָס דערין שטעקט און וואָס דערפון וועט נאָך אַרויסקומען. — נון ליגט היינט פאַר מיר אַ בוך מיט דעם טיטעל „עראינערונגען פון אַ גובערנאַטאָר", און דער מחבר דערפון איז דער דאָזיגער פּירשט אורוסאָוו. אַ מערקווירדיג בוך! איך מוז זיך מודה זיין, איך האָב אַ טעות געהאַט; איינמאָל וועניגסטענס האָב איך אין דער דאָזיגער בעציהונג אַ טעות געהאַט. אפשר האָט אונז דאָ גאָט בעשעהרט איין אויסנאַהם בלויז, כדי דאַדורך צו בעשטעטיגען דעם כלל! יעדענפאַלס איז עס קלאָר, אַז מיר האָבען דאָ צו טהון מיט אַ מענש, מיט איינעם פון די איידעלסטע און ריינסטע, וואָס טרעפט זיך אַמאָל.

אין דעם בוך דערצעהלט אונז אורוסאָוו פון דער צייט, ווי ער איז בעשטימט געוואָרען אַלס גובערנאַטאָר פון דער בעסאַראַבישער גובערניע באַלד נאָך די טעג פון דעם קישיניעווער פּאָגראָם.

„וועגען בעסאַראַביען — שרייבט ער — האָב איך דענסמאָל אַזוי־פיעל געוואוסט ווי וועגען ניי־זעעלאַנד; נאָך אפשר וועניגער. קישיניעוו האָב איך געקענט נאָר נאָכ'ן נאָמען און צוליעב דעם רעש, וועלכען די פּרעסע האָט אויפגעהויבען וועגען דעם בעוואוסטען קישיניעווער פּאָגראָם. אין דער אויסלענדישער פּרעסע האָט מען אָפען זאָגאַר בעשולדיגט די רוסישע רעגירונג אין אָרגאַניזירען דעם פּאָגראָם, און זאָגאַר אַ בריעף האָט מען אָבגעדרוקט, וועלכען פּלעווע האָט געשריבען צו פאָן־ראַבען (דעם דעמאָלסדיגען גובערנאַטאָר אין קישיניעוו) מיט אַנ'אָנצוהערעניש, אַז ער זאָל נישט שטערען די פּאָגראָם־לייט אין זייער „אַרבייט". פאַר דעם אַרויספאָהרען קיין בעסאַראַביען, האָט אורוסאָוו געמאַכט אַ וויזיט דעם דעמאָליגען אינערן־מיניסטער פּלעווע. „אונזער געשפּרעך האָט געדויערט נישט לאַנג. אַ פּנים,

אז פלעווע האָט נישט געוואָלט אַרויסזאָגען אָפען זיין מיינונג וועגען דער פערוואַלטונג פון דער בעסאַראַבישער גובערניע, צי ווייל ער איז ווייניג בע־קאַנט געווען מיט איהר, צי ווייל ער האָט נישט געקאָנט אָהן אויפרעגונג דערמאָהנען זיך אָן דעם רעש, וועלכער עס האָט זיך אויפגעהויבען אין רוס־לאַנד און בעזונדערס אין אויסלאַנד וועגען דעם קישיניעווער פּאָגראָם. א שלעכטען איינדרוק האָט אויף מיר געמאַכט פאָלגענדעס געשפּרעך: איך האָב געזאָגט פלעווע'ן, אז לויט ווי מיר איז בעוואוסט וועט פאָן־ראַבען בלייבען נאָך צוויי וואָכען אין קישיניעוו, אום צו רעגולירען זיינע עסקים. דערויף האָט דער מיניסטער געענטפערט: „אומזיסט מאַכט איהר צערעמאָ־ניעס מיט איהם. אויב אַזוי, קאָן יעדער איינער זיך אַריינכאַפּען צו אייך אין אייער וואוינונג און איהר וועט דאָס שווייגען אַזוי. ראַבען איז אין דעמיסיע און מוז אַרויס פון דער שטאַאַטס־וואוינונג. ער קאָן אַריין אין א גאַסט־הויז".

עס איז כאַראַקטעריסטיש פאַר דעם פערהעלטניש פון דער רוסישער רעגירונג צו איהרע טשינאָווניקעס, נאָכדעם ווי זי האָט זיי אויסגעברויכט. פאָן־ראַבען האָט שוין אָבגעטהון דאָס זייניגע, האָט געמאַכט דאָס בלוט־באָד, האָט אַזויפיעל און אַזויפיעל יודען געשליצט די בייכער און אַריינגע־קלאַפּט נעגעל און אויסגעבערענט די אויגען א.ז.וו., און נון ווערט ער אַרויס־געטריבען און מען וויל פון איהם נישט מעהר הערען און זעהען.

„ביים געזעגנען זיך — דערצעהלט אורוסאָוו ווייטער — האָט מיר פלע־ווע געזאָגט בוכשטעבליך פאָלגענדעס: „טהוט ווי איהר פערשטעהט, אבי די רעזולטאַטען זאָלען זיין גוטע. איינס וועל איך אייך זאָגען: ווינציגער גערעדט און וואָס ווייניגער סענטימענטאַלע יודען־פריינדשאַפט".

„ס'איז אַלץ קלאָרער געוואָרען — שרייבט אורוסאָוו — אז מיין טע־טיגקייט אין בעסאַראַביען איז ענג פערבונדען מיט דער אַזויגערופענער יודען־פראַגע און איך מוז זאָפאָרט בעשטימען מיין בעציהונג צו די יודען אונטער די צעהיצטע ליידענשאַפטען און די פערשידענאַרטיגסטע אַנזיכטען. יודען האָב איך לגמרי נישט געקענט, חוץ איינעם א סוחר, זושא קלמן טרייוויש, וועלכער פלעגט אַרומפאָהרען מיט סחורה צו די פּריצים פון קאַ־לוגער גובערניע, און אַלע האָבען איהם ליעב געהאַט. איך האָב ביי מיר

בעשלאָסען, זיך צו בענוצען אויך ווייטער, אָהן שום ישוב־הדעת, מיט אלע ביז־איצטיגע בעשרענקונגען געגען יודען און נישט דערלאָזען קיין שום פער־גרינגערונגען, אויבוואויל אין פעטערבורג האָב איך אָפט געהערט די מיינונג פון הויכע בעאמטע, אז די געזעצען פון 3־טען מאי 1882 געגען די יודען זענען געווען א פעהלער פון דער רעגירונג און האָבען זייער ציעל פערפעהלט. בעזונדערס שארף און דייטליך האָט פ. נ. דורנאָוואָ פערלאנגט, אז מען זאל מאכען א סוף צו די „אונזיניגע" אויסנאהמס-געזעצען פאר יודענס וועגען (ווי „ליבעראל" דער דאָזיגער דורנאָוואָ איז געוואָרען שפעטער, ווען ער איז געוואָרען מיניסטער, און ווי ליעב ער האָט דאן געהאט יודען, ווייסען מיר דאָך!)"

אין דעם דאָזיגען בוך געפינען מיר אויך גאנץ אינטערעסאנטע כאַ־ראַקטעריסטיקען פון די געוועזענע דומא־דעפּוטאַטען פּורישקעוויטש, קרופּענסקי און קרושעוואַן. בעזונדערס אינטערעסאנט איז אָבער אַנ'אַנ־דער שטעל, דאָרט וואו ער רעדט וועגען פּאָגראָם. „כל זמן — שרייבט ער — איך האָב געדיענט אין קישעניעוו און א לאנגע צייט דערנאָך האָב מיר נישט צוגעלאָזט דעם געדאנק, אז די פּאָגראָם־פּאָליטיק האָט געהאט אָנהענגער און געהיימע מיטהעלפער אין די רעגירונגס-קרייזען. נאָר די געשעהענישען פון די יאָהרען 1905—1906, סאַוויטש'ס רעוויזיע אין האָמעל, דעם סענאַטאָר טורעוו'ס רעוויזיע אין קיעוו, די טעטיגקייט פון'ם „רוסישען פּאָלקס-פעראיין" און דער ענטפער פון אינערן־מיניסטער אין דער ערשטער דומא אויף דער אָנפראגע וועגען דער געהיימער דרוקעריי, דער ראַפּאָרט פון'ם מיניסטער־געהילף מאקאראָוו וועגען דער פּאָגראָם-טעטיג־קייט פון די זשאַנדאַרמען־אָפיצירען קאָמיסאראָוו, בודאגאָווסקי און די אַנדערע — דאָס אַלץ האָט געווירקט אויף מיר, אומצובייטען מיין פריהער־דיגע מיינונג, און פיעל פון דעם וואָס איך האָב נישט פערשטאַנען און וואָס איז פאר מיר געווען א רעטעניש ווערהענד מיין קישיניעווער צייט, איז פאַר מיר געוואָרען קלאָר".

מיר האָבען אָבער אין רוסלאנד, חוץ דעם דאָזיגען בוך פון פירשט אורוסאָוו, נאָך אַנדערע גוטע זאכען. מיר האָבען, למשל, דעם פּראָצעס וועגען דעם זשיטאָמירער פּאָגראָם. און שוין ווידער שטעהען מיר אויף

דעמזעלבען שטאַנדפּונקט, אויף וועלכען מיר זענען געשטאַנען אין פּלעווע'ס צייטען. אין דעם אַנקלאַגע־אַקט לייענען מיר מעשיות געגנוי לויט דעם אַלטען רעצעפּט: דעם פּאָגראָם האָבען געמאַכט יודען אַליין; יודען האָבען געשאָסען אין אַ וואַלד אויף דעם פּאַרטרעט פון קייזער; יודען האָבען געשלאָגען די גויים, און די גויים און דאָס מיליטער האָבען זיך נאָר געוועהרט. קאָן מען אונטער אַזעלכע אומשטענדען האָפען אפילו אַ מינוט לאַנג און אפילו נאָר אויף דעם קלענסטען ברוכטייל פון אַנ'אמת? קאָן מען אונטער אַזעלכע אומשטענדען נאַרען זיך אפילו אויף איין רגע און זיך איינרעדען, אַז מען מיינט צו שטראָפען און צו זיין גערעכט? — עפּעס וויל עס מיר איבערהויפּט נישט געפעלען, וואָס דווקא איצט נעהמט מען זיך צו די פּאָגראָם־פּראָצעסען. איז דאָס נישט ווידער אַ שטיקעל פּראָוואָקאַציע? ווייל מען נישט ווייזען, ווי לייכט די רעגירונג בעשטראָפט פּאָגראָם־מאַכערייען און מען וויל דערמיט איינלייטען אַ נייע פּאָגראָם־עפּאָכע? אַ שטיקעל סמך האָב איך דערויף: דער „פעראיין פונ'ם רוסישען פאָלק" האָט אָבגעדרוקט אַלע אַלערהעכסטע בעגנעדיגונגען פאַר פּאָגראָם־מאַכער, וואָס זענען בעגנעדיגט געוואָרען אין די לעצטע חדשים, און זיי פערשפּרייטען דאָס צווישען דער מאַסע. צו וועלכען צוועק?!

איבערהויפּט, זעהט מען, שלאָפט דער ליעבער „פעראיין" נישט און געהט נישט לעדיג. אין דעם לעצטען נומער פון זייער צייטונג „מאָרם־קאַיאַ וואָלנאַ" שטעהען עטליכע ווערטער צו די יודען. זיסע ווערטער. „פערשאָלטען זאָלט איהר זיין, רוצחים! דאָס בלוט פון אונזערע קרבנות וועט פאַלען אויף אייערע שרצים, אויף אייער געצענדינעריש שרץ־פאָלק. איהר זענט נאָר דעריבער אַזעלכע חצופים, ווייל עס שיצט אייך אונזער רע־גירונג און ווייל עס האָט אייך געשיצט די פּויליש־יודישע רעוואָלוציאָנערע דומאַ! שיקט וויפיעל איהר ווילט אייערע דומאַ־יודען, אייערע שותפים די רוצחים, צו סטאָליפּינען מיט אַ דעפּוטאַציע, אַז מען זאָל אייך שיצען פאַר פּאָגראָמען, אַזוי ווי איהר האָט געטהון פאַר פּסחא, דענסמאָל ווען איהר האָט געוואָלט ערמאָרדען אונזער פערגעטערטען קייזער!... נאָר זייט רוהיג: פּאָגראָמען וועלען נישט זיין, דאָס קאָנט איהר זאָגען סטאָ־ליפּינען, כדי ער זאָל קאָנען רוהיג שלאָפען; זייט רוהיג וועגען אייערע

פעדערן: פּאָגראָמען וועלען נישט זיין. נאָר דאָס פאָלק וועט זיך מיט אייך עהרליך אָברעכענען: פאַר יעדען טראָפּען בלוט אונזערס, וועלען מיר אייך אָבגעבען גאַנצע עמערס פון אייער שמוציג שרץ בלוט".

עס איז נאָר צו בעמערקען: 26 צייטונגען זענען אין פערלויף פון די לעצטע צוויי וואָכען בעשטראָפט געוואָרען מיט דער סומע פון 26.400 רו־בעל, און דאָס דערפאַר „ווייל זיי העצען"; דער ציוניזם איז אין רוס־לאַנד פערבאָטען געוואָרען „ווייל ער רייצט איין בעפעלקערונג געגען דער אנדערער" — צווישען יענע צייטונגען אָבער געפינען מיר נישט די „מאָרס־קאיא וואָלנא" און פערבאָטען איז זי נישט געוואָרען!

און דער ארכימאַנדריט וויטאַלי האָט ערפונדען א נייעם מין אויפ־רוף צו פּאָגראָמען. אין דער צייטונג „פּאָטשייעווסקיא איזוויעסטיא" דרוקט ער זיין צוואה: יודען־רעוואָלוציאָנערען האָבען איהם געוואָלט הרג'־ענען. „זאָל מיין בלוט אָבוואַשען פון רוסלאַנד די יודישע קראַנקהייט; זאָל זיך אָברייניגען דער הייליגער פּאָטשייעווער בארג פון די בלוט־איגלען און פון אַלע יודישע שרצים; זאָל נישט איבערבלייבען אפילו זייער גייסט אין רוסלאַנד. זיי, די יודען, בעמיהענדיג זיך צו בעקומען קאָנסטיטוציע און גלייכבערעכטיגונג, האָבען זיי ביי אונז אָבגעקאָכט דאָס בלוטיגע טיי־וועלט־ווערק — זאָלען זיי אַלזאָ דאָס טייוועלט־ווערק אליין געניסען. זאָ־לען זיי ליידען די פעראַנטוואָרטליכקייט פאַר דעם רוסישען בלוט, וואָס איז פערגאָסען געוואָרען. אמן. ארכימאַנדריט וויטאַלי".

און אַזעלכע עהנליכע פערעל־ווערטער האָט פערעפענטליכט אויך דו־בראָווין. — עס קאָכט זיך עפּעס.

נישט אמת, עס זעהט שעהן אוים ביי אונז אין אונזער ליעבען, קאָנס־טיטוציאָנעלען רוסלאַנד?

## צוויאונדרייסיגסטער בריעף

ארבייטען ארבייט די רעגירונג אין רוסלאנד, ווי עס ווייזט זיך אויס, סיסטעמאטיש: נאך איינס קומט צוויי, נאך צוויי — דריי, און אזוי ווייטער און אזוי ווייטער, ביז דאס ווערק וועט זיין פערטיג אינגאנצען און ביז עס וועט נישט זיין איבערגעבליבען קיין שריד ופליט פון די אלע גרויסע האפנונגען און חלומות, וואס אומגליקליכע האבען געהאפט און געחלומ'ט, און ביז רוסלאנד וועט ווידער זיין דאס אבסאלוטיסטישע פון אלע אבסאלוטיסטישע לענדער אין דער וועלט. צום אנפאנג איז איהר געשטאנען ווי א ביין אין האלז דאס נישט איבערגעלעגטע און איבערגעאיילט ארויסגערעדטע ווארט „קאנסטיטוציע", וואס זי האט אמאל געלאזט פאלען; באלד האט זי זיך גענומען צו דער מלאכה, דעם דאזיגען זעהר נישט קלוגען פעהלער צו פערבעסערען זי האט געמאכט גרונדגעזעצען, זי האט איינגעשרענקט די וואהל־פרייהייט ווי ווייט עס איז געגאנגען, זי האט זיך בעווארענט פון אלע זייטען, בקיצור, זי האט געזארגט דערפאר, אז די בוימער זאלען נישט צו הויך וואקסען אין הימעל אריין. נאטירליך זענען דאס נאר געוועזען דערווייליגע מיטלען, אזוי לאנג ווי די געמיטער זענען נאך געוועזען צעהיצט און אזוי לאנג ווי מען האט נאך געמוזט, ווי עס איז, זיך שעהמען פאר דער וועלט. אביסעל שפעטער אבער איז מען געגאנגען א שריט ווייטער: מען האט א דומא צעטריבען, מען האט רעפרעסיעס איינגעפיהרט ווי עס האט זיי נאך קיין לאנד נישט געזעהן, מען האט געהאנגען און געשאסען אהן אויפהער און צום סוף האט מען נאך יא עפעס א שטיקעל דומא געלאזט זיך צונויפקומען, א מין זכר לטיט, א חוזק, א קאריקאטור אויף א פאלקספערטרעטונג. זעלבסטפערשטענדליך איז אויך דאס דאזיגע געוועזען נאר אויף דערווייל. באלד האט מען געזעהן, אז מען דארף אויך דעם דאזיגען רעשט פון דער קאמעדיע נישט מעהר און מען האט די צווייטע דומא צעטריבען און מען האט זיך געמאכט נייע גרונדגעזעצען. אגב, האט מען

געגעבען ביי דער דאָזיגער געלעגענהייט צו פערשטעהן, אַז װען די דריטע דומאַ װעט נישט זיין װי מען װיל זי האָבען (דאָס הייסט: זי װעט נישט זיין אַ מין זשאַנדאַרמעריע אָדער אַ געהיים־פּאָליציי), װעט מען זיך נישט שרעקען, צו מאַכען אַ פיערטע, און װען ס'װעט זיין נויטיג, אויך אַ פינפטע און אַ זעקסטע. בקיצור פון דער דאָזיגער זייט, פון דער זייט פון אַ „קאָנס־טיטוציע" האָט מען שוין נישט װאָס זיך צו שרעקען; דער עולם װעט שוין האָבען אַ קאָנסטיטוציע, אַז האָר און נעגעל װעלען זיך קאַפּויר שטע־לען! נון אָבער איז געקומען די צייט, אַז מען זאָל געהן אַ שריט װייטער אויך אין אַנ'אַנדערע ריכטונג. עס זענען פאַרהאַן נאָך אַנדערע סכנות, פאַר װעלכע דער אַבסאָלוטיזם אין רוסלאַנד שרעקט זיך, און געגען די דאָזיגע סכנות הויבט־אָן די רעגירונג צו אַרבייטען.

סכנה נומער 1: — װאָס איז די גאַנצע קראַפט פון דער רעגירונג, אויף װעלכער זי שטיצט זיך ביי איהרע רעפּרעסיעס און ביי איהר טרעטען מיט די פיס אַלע מענשליכע רעכט? זי שטיצט זיך אויף שװערדען און ביקסען, זי האָט דאָס מיליטער אויף איהר זייט! הונדערטער טויזענדער מענשען־מאַשינען, װאָס װערען אָנגערופען סאָלדאַטען, אַרבייטען פאַר איהרעטװעגען װען זי גיט נאָר אַ װינק, און הענגען און שיסען און ברע־נען און בראָטען. נון אָבער הערט זיך פון דאָ און פון דאָרט, אַז בישלעכ־װייז ברעכען אויס רעװאָלוציעס צװישען דעם מיליטער און די דאָזיגען מענ־שען װעלען זי אָבזאָגען צו פאָלגען מעהר? די אַלטע סאָלדאַטען, די בלינד־געהאָרכזאַמע, װערען בישלעכװייז װיניגער, און אַנשטאָט זיי װערען יעדעס יאָהר גענומען מעהר װי צװיימאָל הונדערטטויזענד פרישע מענשען צום מיליטער, לויטער יונגע בחורים, װאָס דער גרעסטער טייל פון זיי איז אָנ־געזאַפּט מיט דעם נייעם, פרייען רעװאָלוציאָנערען גייסט — װעלען נישט די דאָזיגע בחורים אַריינטראָגען אין דעם מיליטער יענעם נייעם, פרישען רעװאָלוציאָנערען גייסט, אַזוי אַז דאָס מיליטער װעט זיין רעװאָלוציאָנים־טיש און דעריבער געפעהרליכער פאַר דער רעגירונג טויזענדמאָל מעהר װי אַלע רעװאָלוציאָנערע בירגער צוזאַמען? דאָס איז אַ זאָרג, װאָס לאָזט די רעגירונג נישט שלאָפען. און נון האָט זי אָנגעהויבען צו אַרבייטען און צו זוכען עצות. אין די ביוראָקראַטישע קרייזען און אין צייטונגען, װעלכע

שטעהען נאָהנט צו דער רעגירונג, הערט זיך לעצטענס א פלאַן, אז מען זאָל מבטל זיין די אלגעמיינע מיליטער־פליכט און מען זאָל זיך אומקעהרען צו די אַלטע צייטען פון ניקאָלאַי 1, ווען די מיליטער־רעקרוטירונגען זענען געווען קליינע און דערפאר אָבער האָט דער סאָלדאט געדיענט 25 יאָהר און איז געווען אינגאנצען אָבגעזונדערט פון דער וועלט. מען איז אזוי ווייט פערקראָכען אין דעם פלאַן, אז עס זענען פאַרהאַן אזעלכע, וועלכע לעגען־ פאָר, דאָס מען זאָל „דינגען" מיליטער. „נאָוואָיע ווערעמיא" געוועהנליך הויבט־אָן דערמיט, אז יודישע סאָלדאטען האָבען ארייגעטראָגען די רע־ וואָלוציע אין מיליטער אריין. איי וואָס, די הויפּט-אונרוהען זענען געווען צווישען די מאטראָזען אויף די קריעגס־שיפען, וואו יודען ווערען גאָרנישט צוגעלאָזט? דאָס איז קיין קשיא נישט, די רעוואָלוציע דאָרט איז פאָרט פון יודען און יודען מוזען געקנס-עט ווערען. מענשיקאָוו שרייט געוואַלד, ווי קאָן מען זיך דאָס פערלאָזען אויף א פויער, וועלכער דיענט דריי יאָהר אין מיליטער. גרינגמוטס צייטונג „מאָסקאָווסקיא וויעדאָמאָסטי" רעדט נאָך דייטליכער: די פאָלקס־שולע איז אינגאנצען אין די הענד פון די רעוואָלוציאָנערען. וואָס וועט זיין אין עטליכע יאָהר ארום, ווען די תלמי־ דים פון די דאָזיגע פאָרשטעהער פון דער פרייהייטס־בעוועגונג וועלען אָנ־ הויבען אויסצופילען די רייהען פון דער ארמעע, פון דער גוואַרדיע און פון דעם פלאָט?" אמקלאָרסטען אָבער רעדט די אָפיציעזע צייטונג „ראָסיא": דאָס מיליטער בעשטעהט פון גרויסע פראָלעטארישע מאסען. ביז איצט האָבען זיי זיך נאָך נישט געבונטעוועט. עס איז אָבער קיין שום ספק נישט, אז עס וועט קומען אמאָל א צייט און זיי וועלען אויך דאָס טהון. מען רעדט איין די דאָזיגע פאָלקס־מאסען, אז דאָס בונטעווען איז אין זייער אייגענעם אינטערעס, און ס'איז געווען אז אזעלכע „אונגעבילדעטע" זאָלען גלויבען אין דער דאָזיגער נארישקייט און דאַן וועט קומען דאָס, וואָס עס מוז קומען. „דער וואָס טראָגט איצט די שווערד, וועט זי אויפהויבען כדי צו שיצען זיינע אינטערעסען". דאָס זאָגט די „ראָסיא" אליין, דאָס אָפי־ ציעזע בלאט, דער לייב־אָרגאַן פון סטאָליפּינען. און דאַן זאָגט זי, אז מען איז פראָסט נישט יוצא, ווען מען געטרויט די שווערד און די ביקס די דאָ־ זיגע לייט, וועלכע קומען ארויס פון פאָלק. מילא דעם פּועל-יוצא פון די

דאָזיגע חקירות בין איך מוחל; איך בין מוחל די קלוגע עצה פון דעם דאָזיגען רעגירונגס־בלאַט, אז מען זאָל האַלטען אַ געדוונגענע אַרמעע, פּרעטאָריאַנער, ווי עס איז געווען אין אַלטען רוים; עס איז אַזוי קלוג און אויספּיהרבאַר ווי די טויזענד אַנדערע עצות, וועלכע די רעגירונג גיט זיך אויף דערוויל. די הויפּט־זאַך איז: די רעגירונג בעמערקט גאָרנישט, ווי זי איז זיך מודה, אַז דאָס גאַנצע פאָלק איז רעוואָלוציאָנירט און ווי זי קאָן דעריבער נישט שלאָפען. און פּאָרט הייסט עס דאָך אומעטום: זעהט, ווי שעהן „רוהיג" עס איז שוין ביי אונז און ווי פון דער רעוואָלוציע איז קיין זכר נישט מעהר פאַרהאַן!

סכנה נומער 2: די אַליאַנס צווישען רוסלאַנד און פראַנקרייך! מען האָט זיך פּלוצלינג אַרומגעקוקט, אַז אַלע צרות און פּורעניות און אַלע רעוואָלוציעס האָט מען צו פערדאַנקען דער פערבינדונג מיט פראַנקרייך. אַן־אַלטער גענעראַל האָט אין די הויכע ספערען דערלאַנגט אַ „מעמאָריאַל" אין וועלכען ער ווייזט אויף אַז ס'איז אַנ'אומגליק געווען, וואָס דאָס זעלבסטהערשערישע רוסלאַנד האָט זיך פערבונדען מיט דעם רעפּובּליקאַנישען, רעוואָלוציאָנערען פראַנקרייך. שוין פּאָביעדאָנאָסצעוו האָט נביאות געזאָגט, אַז דער שידוך פון דעם „אַפּיקורסישען פראַנקרייך„ מיט דעם „הייליגען רוסלאַנד" וועט נאָר שאָדען ברענגען. דער גענעראַל מאַכט אַ חשבון: זינט דער פריינדשאַפט מיט פראַנקרייך, האָט מען געמוזט ערלויבען אין רוסלאַנד, עפענטליך די רעוואָלוציאָנערע „מאַרסעליעזע„ צו זינגען, ווייל דאָס איז דער פראַנצויזישער נאַציאָנאַל־הימן; אפילו די רוסישע מיליטער־מוזיקאַנטען האָבען זיך געמוזט אויסלערנען דעם דאָזיגען הימן צו שפּיעלען, כדי מקבל־פּנים צו זיין פראַנצויזישע געסט, ווי פאָר, לובּע און דערגלייכען. די רוסישע פאָלקס־מאַסען האָבען אַלעמאָל געהאַט אַ בעגריף פון אַ קייזער, אַז דאָס איז גאָט, און דאָ קומען עפּעס אַזעלכע ברואים, מען זאָל זיך נישט פערזינדיגען, פּראָסטע, בשר ודמ'ס, וואָס נעכטען זענען זיי נאָך געווען מי יודע וואָס, און היינט זענען זיי שוין מישטיינס געזאָגט במעט אַזוי ווי אַ צאַר. אַזאַ זאַך האָט געמוזט מאַכען אויף די רוסישע פאָלקס מאַסען אַ „דעמאָראַליזירענדען" איינדרוק. חוץ דעם האָבען אונזערע אָפיצירען און מאַטראָזען געמוזט אָבגעבען צוריק וויזיטען אין פראַנקרייך, און

פערשטעהט זיך, אַז זיי האָבען פון דאָרט מיטגעבראַכט שרעקליכע אידעען. דאָן האָט זיך אויך דאָס רוסישע פאָלק פערקוקט אויף זיין נאָהנטסטען פריינד, אויף פראַנקרייך, און האָט דאָרט געזעהן מעשים אשר לא יעשו, און דאָס אַלעס האָט אויף איהם געווירקט. בקיצור, מען מוז מאַכען אַ סוף צו דער פערבינדונג מיט פראַנקרייך, און מען מוז זעהען זיך צו פערבינדען מיט אַן'אַנדער לאַנד, למשל מיט דייטשלאַנד. מילא, איך בין מוחל די קלוגע עצה און בין מוחל די גאַנצע דיפּלאָמאַטיע; איך בין זי מוחל אפילו דאָן, ווען דאָס גאַנצע זאָל נאָר זיין אַ שרעק־שוס, אום צו בעוועגען פראַנקרייך, וואָס איז געוואָרען אביסעל האַרט־לייביג, פונדאַסניי אַ הלוואה צו געבען. נאָר איז נישט די גאַנצע מאַכערייי שוין אביסעל צו שפּעט? און ווען ס'איז אמת, אַז דורך דער פערבינדונג מיט פראַנקרייך איז רוסלאַנד געוואָרען אביסעל רעוואָלוציאָניסטיש און האָט אויפגעמאַכט די אויגען, וועט עס דאַדורך יעצט ווידער צוריק פערמאַכען די אויגען? אמת, ס'איז אַמאָל געווען אַ צייט אין רוסלאַנד, ווען אַ רעוואָלוציאָנערער אָפיציר האָט געזאָגט דעם סאָלדאַט, אַז מען וויל מאַכען רוסלאַנד פאַר אַ רעפּובליק, האָט דער סאָלדאַט געפרעגט: „און ווער וועט אין דער דאָזיגער רעפּובליק זיין דער צאַר?" — זינט דענסמאָל אָבער זענען מעהר ווי אַכציג יאָהר אריבער; זינט דענסמאָל איז דאָס רוסישע פאָלק פון אל"ף ביז תי"ו געוואָרען גאָר אַנדערש. האָט זיך די רעגירונג נישט אַביסעל צו שפּעט ארומגעקוקט?

די סכנה נומער 3: 80 מיליאָן פּויערים זענען פערהונגערט און זיי רעוואָלוציאָנירען און זיי זענען גרייט צו טהון, גאָט ווייסט וואָס. מילא נעגען אַ נישט גאַנץ זיכערער אַרמעע האָט מען אַן'עצה: מען וועט זיך האַלטען געדונגענע סאָלדאַטען. געגען דער געפאַהר, וועלכע קומט פון פראַנקרייך, האָט מען אַן'עצה: מען וועט אָבלאָזען דעם שידוך. אָבער מיט 80 מיליאָן אונצופרידענע און פערהונגערטע פּויערים וואָס קאָן מען טהון? איז נענוג די עצה, אַז מען זאָל זעהען, ווי עס איז, דאָס די דאָזיגע חברה זאָל נישט קריגען קיין געוועהר אין די האַנד אריין?

און פאָרט אין מען דאָך אָפיציעל מבטיח, אַז אַלעס איז ביי אונז אַזוי שעהן „רוהיג"!

# דרייאונדרייסיגסטער בריעף

מיר האָבען אין רוסלאַנד, ווי איהר ווייסט, דעם „תחום המושב"— די אָבגעצעהלטע צאָהל פון שטעדט און שטעדלעך, וואו די פינף מיליאָן יודען מעגען וואוינען. אייגענטליך איז דאָס דאָס מיטעלאַלטערליכע גהעטאָ; עס איז אָבער איבערגעזעצט אויף רוסיש. עס איז לויט דעם בעגריף פון דעם רוסישען מוח און לויט דעם שניט פון זיין בעקאַנטער „ברייטער נאַטור". אַזוי איז שוין רוסלאַנד: אַלעם ברייט, אַלעם גרויס, אַלעם מאַסיוו, אַלעם מיט דער יד הגדולה והרחבה, מיט דער פולער, גרויסער לאַפּע. אַ קוש אָדער אַ פּאַטש — ביידעס ווערט געגעבען מיט דער גאַנצער ברייטקייט פון דער רוסישער קוואַדראַט-נאַטור. אַ טובה אָדער אַ רעה — ביידעס ווערט געטהון אין קוואַדראַט, אַ פּוד טובה, אַ צענטער רעה. מען טרינקט אַ גלעזעל אויך אין אַנ'אַנדער לאַנד; אָבער אין רוסלאַנד ווערט עס באַלד אַ גאַנץ פּאַס. מען מאַכט אַנ'עלילת-דם'על אַמאָל אויך אין אַנדערע מדינות; אָבער אין רוסלאַנד ווערט עס באַלד אַ קישיניעווער, אַ ביאַליסטאָקער אָדער אַ שעדלעצער פּאָגראָם. מען האָט רעפּרעסיעס געהאַט אויך וואו אַנדערש; אָבער אין רוסלאַנד הענגט מען באַלד אויף אַ צעהן, אַ צוואַנציג, אַ דרייסיג טויזענד מענשען. עס איז שוין אין אַנדערע פּאַרלאַמענטען אויך אַמאָל עפּעס אַראָבגעפּאַלען; אָבער אין רוסלאַנד אין אַ דומאַ פּאַלט באַלד אַראָב אַ גאַנצער סופיט. דאָס איז דאָס ברייטע, דאָס גרויסע, דאָס מאַסיווע. און ווען אַנדערע לענדער און פעלקער האָבען זיך ערלויבט צו האָבען אין דער פינסטערער צייט אַ גהעטאָ, אַ בעשטימטע גאַס אין אַ שטאָדט פאַר יודענס וועגען, האָט רוסלאַנד גענומען דעם דאָזיגען בעגריף און האָט איהם באַלד אויסגעשפּרייט אויף אַ גאַנץ לאַנד: דער יוד מעג וואוינען נאָר אין די און די בעשטימטע שטעדט, און אין גאַנצען לאַנד טאָר ער נישט וואוינען. דאָס איז די „ברייטע נאַטור". — ווען אַמאָל דער „תחום המושב" אין רוסלאַנד בטל ווערען?

נאַטירליך, ווען די רעוואָלוציע וואָלט גובר זיין, וואָלט ער בטל געוואָרען; אז ער וועט אָבער נישט בטל ווערען מיט דעם גוטען ווילען פון אונזער גוטער רעגירונג, דאָס איז פאַר מיר קלאָר. דער „תחום" איז נעבענביי אויך אַ צו גוט געשעפט פאַר איהרעטוועגען, אום איהם אַרויסצולאָזען אַזוי, מיר נישט דיר נישט, פון דער האַנד. אָבער בטל ווערען וועט ער סוף־כל־סוף, און אפילו ווען די רעוואָלוציע וועט גאָרנישט דערצו בייטראָגען — דען דאָס לעבען וועט מאַכען מיט איהם אַנ׳עק. דאָס זעהט מען קלאָר פון טאָג צו טאָג מעהר. די אינטערעסען פון די בעפעלקערונגען ווערען אַזוי ענג צונויפגעוואַקסען, אַז קיין שום געזעץ און קיין שום הינדערניש פון אַ ברוטאַלער רעגירונג קאָן דאָס נישט מעהר אָבהאַלטען. ווען נישט בהיתר, דאַן באיסור; און דאַן וועט אויך דער איסור פון זיך אַליין מוזען פערשווינדען. דאָס לעבען איז מעכטיגער פון פּאַראַגראַפען.

אויב איהר געדענקט, איז נאָך פלעווע עליו-השלום געוואָרען פלוצלינג „ליבעראַל" און האָט פערגרעסערט דעם תחום המושב אויף הונדערט מיט איינס קליינע שטעדטלעך. אין אויסלאַנד האָט מען זיך דענסמאָל געוואונ־דערט איבער דעם דאָזיגען פלוצלינגען ליבעראַליזם, און מיר דאָ האָבען געלאַכט: אין די דאָזיגע שטעדטלעך האָבען יודען פאַקטיש שוין גע־וואוינט זינט כמה וכמה יאָהרען. אמת, זיי האָבען געוואוינט באיסור, און די שטאָדטישע אַדמיניסטראַציעס האָבען געמאַכט פון דעם דאָזיגען וואוי־נען אַ היבש ביסעל הכנסה; מען רופט דאָס ביי אונז „ווזיאַטקעס", כאבאר אָדער גלאַט שוחד. צום סוף ווען דאָס וואוינען האָט שוין פּראָסט געשטאָ־כען אַלעמען אין די אויגען, האָט די רעגירונג געמוזט בבושת פנים ווערען ליבעראַל און פלעווע עליו השלום, דער צדיק, האָט „מתיר" געווען די דאָ־זיגע 101 שטעדטלעך. עס וואוינען אָבער יודען פאַקטיש אויך אין הונ־דערטער אַנדערע שטעדט און שטעדטלעך, וואו זיי טאָרען אייגענטליך נישט וואוינען, און די רעגירונג מאַכט זיך נישט זעהען; דער פּריסטאַוו, דער איספּראַווניק און הונדערט אַנדערע פון די ביוראָקראַטען האָבען דערפון אַ גוטען גראָשען. מאַכט זיך אמאָל, אַז אַזאַ איספּראַווניק ברויכט פלוצלינג אַ פינפאונצוואַנציגער, אָדער אַ פּריסטאַוו ברויכט צו קויפען אַ מתנה עפּעס אַ שאַנסאָנעטקע און האָט נישט דערצו דאָס נויטיגע געלד,

דאַן ווערט פלוצלינג אַ גזרה, אַז יודען זאָלען ארויס; עס ווערט אַ יללה, אַ מהומה; און דער סוף איז, עס פליהען די פינפאונצוואַנציגער — און אַלעס בלייבט ביים אַלטען. זעלבסטפערשטענדליך, קאָן אַ רעגירונג מיט אַ גוט ווייך הארץ נישט אַוועקנעהמען אַזאַ גאָלדען שטיקעל ברויט פון איהרע אייגענע מענשען, דערום מוז בלייבען דער תחום דע־יורע בעשטעהן, וועהרענד דע־פאַקטאָ איז ער אָפּטמאָל לאַנג שוין נישטאָ. ווען אָבער דאָס וואוינען פון יודען אין אַזאַ אָרט ווערט צו בולט און דער עולם ווערט זעהר צוגעוועהנט צו איהם, און דעריבער גיט דאָס שוין קיין הכנסה אויך נישט — דאַן נאַטירליך ווערט די רעגירונג פלוצלינג ליבעראַל און איז מתיר דאָס וואוינען אויך לויט'ן געזעץ.

דיזעלביגע קאָמעדיע ווידערהאָלט זיך אויך איצט אין דעם נייעם צירקוליאַר פון סטאָליפּינען בנוגע די רעפאָרמען, וועלכע די רעגירונג האָט בדעה איינצופיהרען וועגען יודען, אין צירקוליאַר לייענען מיר: „דאָס אונגעזעצליכע בעזעצען זיך פון יודען אין ערטער, וואו דאָס בעזעצען זיך איז זיי פערבאָטען, איז אַ פאַקט פון לעבען, אַ רעאַלע ערשיינונג, וועלכע ברענגט צו געוויסע פאָלגען, מיט וועלכע מען מוז זיך רעכענען אין דעם ווירקליכען לעבען". סטאָליפּין הויבט אָן אויסצוזאָגען פון חדר. און דאַן זאָגט ער: „דאָס עקאָנאָמישע לעבען, וועלכעס ענטוויקעלט זיך אַזוי שנעל, האָט בעשאַפען אין די ערטער, וואו יודען וואוינען היינט נאָר אויף דערוויילע, זעהר פערוויקעלטע בעציהונגען צווישען זיי און די פערזאָנען פון אַנדערע אמונות, און איבעררייסען די דאָזיגע בעציהונגען איז אָפּטמאָל גאַנץ אונמעגליך, ווייל דאָס קאָן ברענגען אַ גרויסע רעה די פערמעגענס־אינטערעסען פון ביידע צדדים". און סטאָליפּין אַליין איז זיך מודה, אַז „בקשות פלעגען אָנקומען נישט בלויז פון יודען, נאָר אָפּטמאָל אויך פון די אָרטיגע קריסטליכע איינוואוינער, וועלכע האָבען מיט יודען זינט כמה וכמה יאָהרען פערזענליכע, יורידישע און פערמעגענס־בעציהונגען". — דאָס אַלעס, און נאָך עהנליכע אַזעלכע הונדערטער ערשיינונגען זאָגען אונז גאַנץ קלאָר, אַז דער „תחום המושב", צי די רעגירונג וועט וועלען אָדער נישט, וועט סוף־כל־סוף מוזען בטל ווערען; ער וועט בטל ווערען פון זיך אַליין, ווייל דאָס לעבען און טויזענד עקאָנאָמישע און סאָציאַלע בעדינגונ־

גען וועלען עס פערלאַנגען און וועלען עס דורכזועצען. סטאָליפּין אָבער, דער ליבעראַלער סטאָליפּין, קומט דערוויל צו אַנ׳אַנדערען שלום; ער זאָגט נישט, אַז מען וועט מוזען דעם תחום מבטל זיין, ער גיט אויך נישט אַ מתנה 101 נייע שטעדטלעך; אדרבה, ער זאָגט אויסדריקליך, אַז די יודען איז נישט ערלויבט צו בעזעצען זיך דאָרט, וואו זיי האָבען דערויף קיין רעכט נישט, און נאָר מיט דעם שפּיצעל פון אַ גוט גמרא־קעפּעל איז ער מוסיף: „דער יוד קאָן בלייבען וואוינען אין דעם אָרט, וואו ער טאָר נישט, אויב ער איז ניש שעדליך פאַר דער געזעלשאַפטליכער אָרדנונג און רופט ניש אַרויס קיין אונצופרידענהייט ביי דער בעפעלקערונג, צווישען וועלכע ער וואוינט". פאַר אונז, וואָס מיר זענען שוין גוט בקיא אין דעם לשון פון אונזערע ביוראָקראַטען, איז דער זין פון דעם דאָזיגען צירקוליאַר זעהר קלאָר: אַזוי ווי אַרויסטרייבען די יודען פון יענע ערטער איז נישט מעגליך, ווייל זייערע אינטערעסען זענען ענג צונויפגעוואַקסען מיט די אינטערעסען פון דער איבעריגער בעפעלקרונג, און אַזוי ווי ערלויבען זיי צו וואוינען דאָרט קאָן מען אויך נישט, ווייל דאָס גוטע ליבעראַל האַרץ לאָזט נישט, לכן גיט מען זיי איבער דער אָרטיגער פּאָליציייליכער אַדמיניסטראַציע: נאַט אייך אַ קוה צו מעלקען. און פערשטעהט מען דאָך, אַז די אָרטיגע פּאָליציייליכע אַדמיניסטראַציע וועט שוין וויסען, וואָס זי האָט צו טהון; אַזוי אָפט ווי אַנ׳אוריאַדניק וועט ברויכען אַ פינפאונצוואַציגער אָדער אַ פּריסטאַוו וועט ברויכען געלד אויף עפּעס אַ מתנה פאַר עפּעס אַ שאַנסאָ־נעטקע, וועט דער יוד זיין „שעדליך פאַר דער געזעלשאַפטליכער אָרדנונג" און וועט „אַרויסרופען אונצופרידענהייט ביי דער בעפעלקערונג", און די פינפאונצוואַנציגער וועלען קומען צופליהען. וואָס פאַר אַ גוטע רעגירונג מיר האָבען און ווי זאָרגט זי פאַר איהרע לייט: נישט אמת, די רעגירונג מיט דעם העררן פּרעמיער־מיניסטער אָן דער שפּיץ בעשעפטיגט זיך „ערנסט" מיט דער לעזונג פון דער יודען־פראַגע?

# פיראונדרייסיגסטער בריעף

דו שטעהסט אויף אינדערפריה און ליעסט אין דיין מאָרגענבלעטעל: „היינט בייגאכט האָט מען ארעסטירט העכער 100 מאן"; דער „וואר־שאווסקי דניעוונּיק" קומט און דערצעהלט דיר: „אין פערלויף פון די לעצטע דריי טעג זענען ארעסטירט געוואָרען א שטיקלעך 162"; די „פעטערבורגער אגענטור" איז דיר מודיע: „מען האָט ארעסטירט 92 און 76 און 83 פערשוין"; דאן לייענסט דו, ווען־נישט־ווען, אז אויך פריי געלאָזט האָט מען אזויפיעל און אזויפיעל, דען עס האָט זיך ארויסגעוויזען, אז זיי זענען נישט געווען שולדיג—און דו מאכסט גרויסע אויגען און ווייסט נישט, וואָס דאָס אלעס זאָל בעדייטען. אמת, די רעפּרעסיעס זענען גרויס און די רעאקציע קיניגט, אָבער פאָרט, די נאָרמע פון די ארעסטען קומט דיר אויס אביסעל אומנאטירליך שטארק, אביסעל צו גרויס אפילו פאר רוסישע פערהעלטנישען. דער סוד דערפון איז אָבער א גאנץ איינפאכער: חברה ארבייט נישט בלויז „לשם יחוד קודשא ברוך הוא", מען ארעסטירט נישט בלויז ווייל מען וויל אָבריינינגען דאָס לאנד פון רעוואָלוציע. נאָר נעבענביי האָט זיך דאָס ארעסטירען אויסגעבילדעט און איז געוואָרען מיט דער צייט אויך א געשעפטעל. דאָס איז שוין אזוי דער דרך פון רוסלאנד. אנדערע האנדלען מיט ערלויבען יודען וואוינען חוץ ל„תחום המושב", אנדערע מיט צושטעלען תבואה פאר אויסגעהונגערטע פּויערים, אנדערע מיט דעם זיעג אָדער מיט דעם פאלען פון פאָרט־ארטור, און ווידער אנדערע האנדלען מיט ארעסטען. דאָס איז שוין אזוי דער דרך פון א לאנד, וואו אלעס פוילט. עס איז צוגעקומען א נייער צווייג צו דער ביוראָקראטען־אינדוסטריע. מען ארעסטירט אויף רעכטס און אויף לינקס, מען ארעסטירט בייטאָג און ביי־נאכט, מען נעהמט־צו פון דער גאס און מען נעהמט־צו פון די בעטען ארויס. אויף צעהן, ביי וועלכע מען האָט א הונדערט־חלק פון השד, קומען־צו נייג־ציג, וועלכע מען איז אפילו חושד אויך נישט; מען ארעסטירט גלאט אזוי פון היימליכקייט וועגען. א טאָג דערויף קומען צולויפען די קרובים און

די גוטע פריינד, מען „זעהט" זיך (איהר ווייסט דאָך מסתם, וואָס „זעהען" איז טייטש ?) מיט עטליכע קהל'שע „מאכערס", די קהל'שע „מאכערס" „זעהען" זיך מיט עטליכע טשינאָווניקעס, און נאָך עטליכע טעג, אַזויבאַלד ווי אַלעס איז געוואָרען רעכט (איהר ווייסט דאָך מסתם, וואָס דער פירוש איז „אַלעס איז געוואָרען רעכט" ?), ווערט אַ גרויסער טייל פון די אָרעמ־טירטע בעפרייט. און מאַכט זיך אַמאָל אַ מכשול, אַז איינער פון די מאַ־בערס, עפּעס אַ ווינקעל־אַדוואָקאַטעל, האָט דאָס שטיקעל אַבגעאַרבייט נישט בעזונדערס קלוג און די סירכא איז אַרויסגעקומען, מאַכט מען אַ גוואַלד און דער בעטרעפענדער ווערט אַרויסגעשיקט אַדמיניסטראַטיוו פון לאַנד און דאָן — דרעהט זיך דאָס רעדעל ווייטער. עס איז איצט קיינער נישט זיכער מיט זיין ביסעל פרייהייט, נישט אין גאַס און נישט אין דער־היים, עס מעג אפילו זיין איינער, וואָס ווייסט גאָרנישט, אַז עס איז פאַר־האַן אין רוסלאַנד אַזאַ מין זאַך, וואָס רופט זיך פרייהייטס־בעוועגונג אָדער רעוואָלוציע ; אויף וועמען נעבעך דער גורל פאַלט, פאַלט ער. אַמאָל מאַכט זיך, אַז ער פאַלט גראָד אויף אַ יודעל פון נאַלעווקעס, אַנ'אויסגע־ווייקט מלמד'ל, וואָס איז אָקאָרשט אַרויסגעקראָכען פון דער מקוה און ווייסט נעבעך נישט פון זיינע הענד און פיס צו זאָגען, און אַזאַ איינעם נעהמט מען צום פערהער און מען פרעגט איהם וועגען קאַרל מאַרקס און וועגען פּראָפּעסיאָנעלע פעראייגען און וועגען בעוואָפענטען אויפשטאַנד און וועגען ניטרא־פּיראָקסילין, און דאָס יודעל גלאָצט מיט די אויגען און ווייסט נעבעך נישט, וואָס וויל מען דאָ האָבען פון איהם. אַזוי רייניגט מען אָב אין רוסלאַנד דאָס לאַנד פון רעוואָלוציע !

בין כך־וכך טהוט די רעגירונג דאָס איהריגע. איך האָב אייך שוין איינמאָל געשריבען, ווי סיסטעמאַטיש די רעאַקציע אַרבייט און ווי נאָך אל"ף זאָגט זי בי"ת און נעהמט צוריק ביסלעכווייז אַלעס, וואָס מען האָט אין גוטע, ליכטיגע טעג מיט געוואַלט זיך גענומען, און ווירקליך זעהען מיר, ווי זי געהט דעם דאָזיגען וועג מיט ריעזען־שריט. דאָס פעלד־געריכט האָט מען געהאַט אין דער צייט פון דער צווייטער דומא אָבגעשאַפט — און נון איז עס ווידער דאָ אין אַ פערבעסערטער און פערמעהרטער אויפלאַגע. נאַטירליך, הייסט עס איצט נישט מעהר „פעלד־געריכט" ; עס הייסט נאָר

איינפאך „מיליטער־געריכט”. אָבער דער עיקר איז: אין 24 שעה מוז דער משפּט פּערטיג זיין. אזוי אויך האָבען מיר מיט געוואלט געהאט ארויס־געריסען פון דער רעגירונג א געוויסע אויטאָנאָמיע פאר אונזערע אוניווער־זיטעטען. די פּאָליציי און די פּאָליציי־געוואלט האָבען נישט מעהר געהאט קיין ממשלה אינערהאלב די ווענד פון דער אוניווערזיטעט; דאָס רעכט פון ערלויבען אָדער נישט ערלויבען איז אָבהענגיג געווען איינציג און אַליין פון'ם רעקטאָר — און נון איז א סוף געמאכט געוואָרען אויך צו דער דאָזיגער פרייהייט. דער גאנצער קאמף זינט יאָהרען וועגען דעם דאָזיגען פונקט איז געווען אומזיסט: די רעגירונג האָט ווידער גענומען די אוני־ווערזיטעטען אין איהר רשות אריין, און וואָס דאָס בעדייט, וועט יעדער יונגער אינטעליגענטער מענש אין רוסלאנד אייך זאָגען; עס איז דער גייסטיגער טויט פון דער רוסישער שטודירענדער יוגענד. אזוי אויך האָ־בען מיר זיך מיט אנגסט און נויט געהאט אויסגעקעמפט, ווי עס איז, א שטיקעל פרייערען צוטריט פאר יודענס-וועגען צו די שולען; די פּער־אָרדנונג, אז פון יודען זאָלען צוגענומען ווערען אין די גימנאזיעס און אין די העכערע לעהר־אנשטאלטען נאָר 5 און 10 פּראָצענט, איז ווי פון זיך אַליין ווי בטל געוואָרען — און נון נעהמט זיך די רעגירונג אויך צו דעם דאָזיגען שטיקעל ארבייט, די פּראָצענט־אָרדנונג ווידער אומצוקעהרען. כל זמן אונזערע שולען, זאָגען די רעדעלפיהרער, וועלען נישט זיין אָבגעריינינגט פון'ם יודישען עלעמענט, זענען מיר נישט זיכער, אז אונזערע קינדער וועלען נישט זיין קיין רעוואָלוציאָנערען. און נישט בלויז יענע נאָרמע פון די פּראָצענטען, זאָגען זיי, זאָל מען צוריק איינפיהרען, נאָר נאָך מעהר; האָט מען זיך שוין גענומען צו דער דאָזיגער ארבייט, מוז מען שוין דאָס מאכען „ווי עס בעדארף צו זיין”. ווי דער „טאָווארישטש” דערצעהלט, איז זאָגאר א פּראָיעקט ארייננעטראָגען געוואָרען, אז מען זאָל מאכען פאר יודענס-וועגען ספּעציעלע „חדרים” (אוניווערזיטעטען) אין דעם „תחום המושב”. דער פּראָיעקט איז דערווייל נישט אָנגעקומען געוואָרען ווייל ער איז צו לעכערליך. אזוי אויך האָט זיך די רעגירונג שוין גענומען צו די „פּראָפעסיאָנעלע פעראיינען”, אום זיי צו פערוועהרען. ווי מען זעהט, ארבייט די רעגירונג. אוי אוי, איז אונזער רעגירונג ארבייטס־פעהיג!

זי אַרבייט אין איין וואָך מעהר ווי טויזענד דומאַ'ס! נאָך אזא ביסעל אַרבייטס-פייהיגקייט און אַלעם וועט זיין צוריקגעשטעלט נישט בלויז ווי עס איז געווען פאַר דעם 30־טען אָקטאָבער, נאָר אזוי ווי פאַר צווייהונדערט יאָהר!

און אין ביאַליסטאָק האָבען מיר געהאַט די היינטיגע וואָך דעם פּראָ־צעס — דעם פּראָצעס וועגען פּאָגראָם. דיזעלבע קאָמעדיע, וועלכע די רע־גירונג שפּיעלט וואו זי קעהרט זיך און ווענדט זיך, האָט זי אויך דאָ גע־שפּיעלט. צו וועלכען צוועק? צו וואָס זאָל עס איהר? צו וואָס ברויכט זי עס? עס איז דער אייביגער פלוך פון דער נידערטרעכטיגקייט, אַז זי האָט נישט דעם מוט און קאָן נישט זיין אָפען און עהרליך און מוז אַלע־מאָל אַ קאָמעדיע שפּיעלען, אפילו דאָ ווען זי פרעגט נאָך קיינעם נישט און די ווייסט, אַז מי יאמר לה מה תעשה. אַ פּאָגראָם, וועלכער האָט אַ וועלט אין בעוועגונג געזעצט, און געענדיגט האָט זיך זיין לעצטער אַקט, אַז מען הענגט אַראָב די אויגען און מען שעהמט זיך צו קוקען אַנ'אַנשטענדיגען מענש אין פּנים אריין און מען פּיהלט, מען האָט אַ פּאַטש דערלאַנגט דער גאַנצער ציוויליזירטער מענשהייט. פינף זעגען פעראורטיילט געוואָרען (עס איז נישט קיין טעות; נישט 500 און נישט 50, נאָר 5!): איינער אויף 8 חדשים געפענגניש, דריי אויף אַ יאָהר מיט דריי מאָנאַטען ארעסטאַנטען־ראָטע און קוים איינער אויף 8 יאָהר סיביריען. און אויך דאָס איז דאָך וואַהרשיינליך נאָר משום מראית־עין; אַ טאָג שפּעטער, ווען מען וועט אַזעלכע פינף ברויכען צו אַ נייער אַרבייט, וועלען זיי מן הסתם שוין ווידער זיין אויפ'ן פּלאַץ. און ווידער פרעג איך אייך, וואָס איך האָב אַמאָל גע־פרעגט: איז דאָס גאַנצע נישט אַ פּראָוואָקאַציע צו אַ נייעם פּאָגראָם?

און ווירקליך געהען די פּראָוואָקאַציעס צו נייע פּאָגראָמען אַלץ שטאַר־קער און שטאַרקער. אַנ'אַנדערער טייל פון דער רעגירונג — די שוואַרצע מאות — געהען אויך נישט לעדיג און אַרבייטען. קרושעוואַן פאָהרט אַרום אין דער בעסאַרבעטער גובערניע און אַגיטירט צווישען די מאָלדאַ־וואַנער געגען יודען. עס מאַכט „פערזאַמלונגען" אין די דערפער און רייצט גאַנץ אָפען צו פּאָגראָמען. אַזוי אויך פאָהרט אַרום דובראָווין און פּרע־דיגט מאָרד און טויט געגען יודען. און הויפּטזעכליך אַרבייט איליאָדאָר

דער בעקאַנטער גייסטליכער איליאָדאָר, און זיינע פּאָגראָם־רעדען מאַכען א גוואַלדיגען איינדרוק. ווי מען דערצעהלט, זאָל ער אייגענטליך נישט זיין קיין בעזונדערס גוטער רעדנער, נאָר א זעהר בעגאַבטער און קלוגער קאָמעדיאַנט איז ער. ער דרעהט מיט די אויגען און צעווייִנט זיך און צע־לאַכט זיך און מאַכט משוגענע העויות, און דערמיט נעהמט ער דאָס איינ־פאַכע פאָלק; ער קען די פּסיכאָלאָגיע פון דעם איינפאַכען פאָלק ווי קיין צווייטער און אויך די ווירקונג פון דער דאָזיגער אַגיטאַציע האָבען מיר שוין אָנגעהויבען זעהען: אין יאַראָסלאַוול איז געווען א קליינער פּאָגראָם די שוואַרצע באַנדעס זענען אַרומגעגאַנגען מיט ליעדער, און צום סוף האָט איינער א געשריי געגעבען: קינדער, לאָמיר זיך נעהמען צו די יודען! אין יאַראָסלאַוול זענען אָבער יודען נישט אַזוי שטאַרק בנמצא — האָט מען געמוזט שטאַרק זוכען ביז מען האָט עטליכע געפונען. יעדער יוד, אָדער וועלכער האָט אויסגעזעהן ווי א יוד, איז קראַנק געשלאָגען געוואָרען, און יעדעס הויז, אויף וועלכען מען האָט געזאָגט, אַז דאָרט וואוינט א יוד איז דעמאָלירט געוואָרען. אַזוי אויך מעלדעט מען מיר פון אָדעס, אַז אין פערלויף פון די לעצטע טעג האָט מען דאָרט מיט מעסערס און נאַגאַיקעס פערוואונדעט און קראַנק געשלאָגען מעהר ווי 30 מאַן. דערונטער איז אויך געווען איינער א קריסט, וועלכער איז געהרג'עט געוואָרען, ווייל מען האָט איהם בטעות געהאַלטען פאַר א יודען.

און אויך די פּרעסע פון די שוואַרצע ארבייט אויף אַלע כלים. די מאָסקאָווסקיא וויעדאָמאָסטי", די „נאָוואָיע וורעמיא", דער „גראַזשדאַנין", די „רוסקאָיע זנאַמיא" און די „מאָרסקאַיא וואָלנא" האָבען זיך גענומען פּלוצלינג ערנסט צו דער מלאכה, צו לעזען די יודען־פראַגע. עס איז ווי ווען וועלף וואָלטען זיך צונויפקומען אום צו לעזען די שאָף־פראַגע. די פראַגע איז: ווי זאָל מען זיי פרעסען, געקאָכט אָדער געבראָטען? גע־זאָטען אָדער רויה? עס ווערט בעהאַנדעלט כלומר'שט גאַנץ ערנסט דער פּלאַן, אַז מען זאָל יודען ערקלערען פאַר „אויסלענדער". די „נאָוואָיע וורעמיא" איז זעהר און זעהר פאַר דער דאָזיגער שעהנער אידעע, און אויך די „רוסקאָיע זנאַמיא" איז מסכים דערצו. נון אָבער קומט צוגעהן דער היסטאָרישער פילאָזאָף פון דער „מאָרסקאַיא וואָלנא" און פּאָלעמיזירט

דאַגעגען. אמת, זאָגט ער, די היסטאָרישע ערפאַהרונג האָט בעוויזען, אז פּאָגראָמען, הריגות, ווי אויך דאָס אַרויסטרייבען די יודען מיט געוואַלט האָבען געלעזט די יודען־פראַגע נאָר אין זעלטענע און אויסערגעוועהנליכע פאַלען, אָבער אויך דאָס ערקלערען זיי פאַר אויסלענדער איז אַביסעל גע־פעהרליך; די יודען וועלען זיך באַלד איינקויפען אַלס אונטערטאַנען אין אַנדערע לענדער, און אַלס פראַנצויזישע בירגער, למשל, וועלען זיי ביי אונז זיך בענוצען נאָכדעם מיט אַלע רעכט. די יודען־פראַגע — זאָגט ער — קאָן מען לעזען גאָר פּשוט: מען דאַרף געבען יעדער שטאָדט און יעדען שטעדטעל דאָס רעכט, זיך צו קאָנען ערקלערען „אויסער דעם תחום".

זענען די מענשען ווילד געוואָרען? זענען זיי משוגע? אָדער שפּיע־לען זיי נאָר קאָמעדיע?

# פינפאונדרייסיגסטער בריעף

וואס איז אונז געבליבען פון אונזער גאנצער רעוואָלוציע? — געבליבען איז אונז פאָרלויפיג (מען קאָן דאָך נישט וויסען, וואס עס וועט נאָך אלץ זיין און ווי דאס וועט אויסזעהן אביסעל שפּעטער!) געבליבען איז אונז פאָרלויפיג פון דעם גאנצען טאראראם נאָר א שטיקעל געשעפט פאר טשינאָווניקעס, טשינאָווניקעס שוויצען, טשינאָווניקעס שמאיען, טשינאָווניקעס אַרבייטען — און מען פערדיענט דערביי עטליכע קערבלעך. דאנקען גאָט דערפאר! נישט פון היינט אָן ווייסט איהר נאטירליך, אז אין רוסלאנד איז אייגענטליך אלעם געשעפט. רעוואָליושען איז מאָני, קאָנסטיטיושען איז מאָני, עלעקשען איז מאָני, רעפרעשען איז מאָני, (רעוואָלוציע איז געלד, קאָנסטיטוציע איז געלד, וואהלען זענען געלד, רדיפות זענען געלד) — בקיצור אלעם איז געלד מען ארבייט אָב א מלחמה אין ווייטען מזרח — און עטליכע רעדעל־פיהרער ווערען נתעשר; מען פאבריצירט אויסנאהמס־געזעצען פאר יודען — און עטליכע קליינע טשינאָווניקעס האָבען אנ׳עסק אין דער האנד; מען דערלאָזט נישט אָדער מען דערלאָזט יאָ א געוויסע קלאס מענשען צו גימנאזיעס און אוניווערזיטעטען — און מענשען האָבען דערפון שעהן חיונה; מען מאכט עפּעס א דאך צו א דומאָ און מען נעהמט דערפאר א מיליאָן מיט הונדערט טויזענד — און מענשען לעבען דערפון בכבוד; מען הויבט אָן צו יאָגען און צו פּלאָגען און צו אַרעסטירען אויף רעכטס און אויף לינקס — און מען איז זיך דערמיט מפרנס. ווילט איהר גראָד, אז די קאָנסטיטוציע און די תרי״ג געשעפטען התלויות בה זאָלען נישט זיין קיין פּרנסה־זאך? איהר זענט, כלעבען, קינדער. איך בין זיכער, אז דער שווארצער פעראיין, וואס וויל אינגאנצען מבטל מאכען די דומא, וועט דאס נישט פועל׳ן. און אפשר וויל ער עס אויך גאָרנישט און נאָר עס געהער אזוי צום מאנעווער, דען בין־כך־זכך איז די וואהל־מאכעריי געוואָרען א געשעפטעל. ווען מען וועט קלויבען חתימות אין גאנץ רוסלאנד און אלע 140 מיליאָן וועלען זיך אונטער־

שרייבען, אַז זיי זענען מוחל במחילה גמורה די גאַנצע וואַהלען און די גאַנצע דומאַ און די גאַנצע קאָנסטיטוציע, בין איך זיכער, אַז שטאָל און אייזען וועלען שטעהן פאַר די דאָזיגע איינריכטונגען די טשינאָווניקעס אַליין און וועלען בשום אופן נישט לאָזען אָנריהרען די „פרייהייט”, ווי מען לאָזט נישט אָנריהרען דעם שוואַרצאַפּעל פון אויג. לעבערטי איז מאָני (פּריי-הייט איז געלד). עס איז גענוג, ווען איך וועל אייך דאָ ווייזען אַ קליינעם חשבון פון מיין נאָהנטסטער אומגעבונג: די הוצאות צו מאַכען די רעגיס־טערס פון די וועהלער אין וואַרשאַ פערגרעסערען זיך פון מאָל צו מאָל. צו דער ערשטער דומאַ האָבען די רעגיסטערס געקאָסט דער שטאָדט־קאַסע 50,000 רובעל, ביי די וואַהלען צו דער צווייטער דומאַ האָט שוין די הוצאה בעטראָפען 67,000 רובעל; און היינט וועלען די רעגיסטערס אָבקאָסטען דער שטאָדט ביז 80,000 רובעל. אַ גוטער בעל־חשבון וואָלט געקאָנט אויסרעכענען, וואָס דאָס דאָזיגע וועט דאַרפען קאָסטען ביי דער פיערטער, פינפטער, זעקסטער דומאַ א.ז.וו. און איהר זענט אַזוי נאַאיוו און ווילט, אַז טשינאָווניקעס זאָלען נישט ליעב האָבען די „פרייהייט” ? אַז טשינאָוו־ניקעס זאָלען אַזוי לייכט מוותר זיין אויף קאָנסטיטוציע ?

איבערהויפּט ווען מען זאָל קוקען אויף די פּאָליטישע געשעהענישען אין רוסלאַנד פון דער געלד־זייט, וועלען אונז ווערען פערענטפערט אַ סך קשיות. אָט האָבען מיר אונזער ליעבען פעראיין פון די עכט־רוסישע. איך בין ווייט דערפון צו זאָגען, אַז דאָס איז אַ פעראיין פון לויטער מלא־כים; איבערהויפּט איז שווערליך אַ מאָדערנעם מענש צו גלויבען אין מלאכים. ווי אָבער עס איז. האָט מען דאָך נאָך אַלץ געמיינט, אַז דאָס איז אַ פעראיין, וועלכער האָט, ווי עס איז, עפּעס אַ שטיקעל פּאָ־ליטישען ציעל. מאַכט זיך אָבער, מעשה־שטן, אַז די דאָזיגע חברה האָלט אָב זעהר אָפט קאָנגרעסען, און ביי אַזאַ געלעגענהייט צעקריעגט זיך איי־נער מיט דעם אַנדערען און עס קומען אַרויס אַ רעכט ביסעל סודות. סו־דות מכוח געלד־זאַכען. אפילו אַזעלכע עהרליכע לייט ווי אָט די דאָזיגע, וועלכע אַרבייטען נאָר לטובת הכלל, זענען, ווי עס ווייזט זיך אויס, אין געלד זאַכען נישט גאַנץ ריין. באַלד ווי דובראָווין, דער פּרעזידענט פונ'ם פעראיין, אין אַהיימגעקומען פונ'ם מאָסקווער קאָנגרעס, האָט ער געגרינ־

דעט אַ פינאַנץ־קאָמיסיע פון 8 מאַן, אום צו קאָנטראָלירען די חשבונות פון פעראיין. עס איז אָבגעהאַלטען געוואָרען די ערשטע זיצונג. ביי דער דאָזיגער זיצונג האָט זיך ארויסגעוויזען, אַז די הויפּט־הכנסה פונ'ם פעראיין בעשטעהט אין נדבות, וועלכע קומען אָן פון „פּריוואַטע מענשען" און „פּריוואַטע אינסטיטוציעס". אַזעלכע נדבות זענען אָנגעקומען 670,000 רובעל; פון די איינגעצאָהלטע מיטגלידער־געלדער האָט די קאַסע געהאַט אויך 20,000 רובעל — נון אָבער איז אין דער קאַסע געבליבען פון אַלע די דאָזיגע געלדער נאָר אַ קליינער רעשט פון אַ רובעל פינף טויזענד, און דאָס איבעריגע, אַנ'ערך פון אַ 685,000 איז נעלם געוואָרען. ווי מען האָט אָנגעהויבען נאָכפאָרשען, איז ארויסגעקומען, אַז די פּאַרטיי־געלדער פלעגען ווערען אויסגעגעבען דורך די פערשידענע פּאָרזיצענדע פון די רוסישע פעראיינען אָהן שום ידיעה פונ'ם הויפּט־ראַט. אַזוי, למשל, האָט דער הערר קרושעוואַן אַליין געלאָזט פערשווינדען אַ סומע פון אַ 300,000 רובעל, און האָט נישט צוגעשטעלט קיין דאָקומענטען, צו וואָס ער האָט דאָס געלד געדאַרפט. אפילו דער גרעסטער פּאָגראָם אין אַ יקרות־צייט קאָן דאָך נישט האָבען אַזויפיעל געקאָסט. עס נעהמט געוועהנליך אַ כור־ליגאַן פּאַר אַזאַ שטיקעל ארבייט אַ צעהן, צוואַנציג שנאַפּסען צו 3 קאָ־פּיקעס, און אַ חוץ דעם נאָך אַ 30 קאָפּיקעס פאַר אַ צוויי, דריי יודישע קעפּ. אַ בויך אויפשליצען און טשוועקעס אריינקלאַפּען קאָן אויך קאָס־טען פּרא פערשוין אַ 5 ביז 10 קאָפּיקעס — אָבער 300,000 רובעל! דאָס, זעהט איהר, איז שוין אַביסעל צופיעל! די מחלוקה איז זאָגאַר שוין גע־ווען אַזוי ווייט געקומען, אַז צוליעב אַזאַ בעציהונג צו די פּאַרטיי־אינטע־רעסען, האָט דער הויפּט־ראַט געהאַט בעשלאָסען, ארויסצוואַרפען קרו־שעוואַנען פונ'ם פעראיין און מודיע צו זיין וועגען דעם אין אַלע אָבטיי־לונגען. זעלבסטפערשטענדליך איז דערפון גאָרנישט געוואָרען. ווי דער לעצטער נומער „רוסקאַיע זנאַמיאַ" מעלדעט, איז קרושעוואַן געבליבען; מסתם האָט מען מורא אָדער עם להוינט איבערהויפּט נישט פאַר'ן עסק. אַלאַ וואָס דען האָט מען געטהון? מען האָט זיך גענומען צום געשעפט, צו שאַפען נייע פינאַנצען. די פינאַנץ־קאָמיסיע פונ'ם רוסישען פעראיין האָט מודיע געווען, אַז כדי צו קאָנען פיהרען איצט די וואַהל־קאַמפּאַניע,

ברויכט זי סך־הכל צו האָבען נאָר א מיליאָן רובעל, און די דאָזיגע סומע האָט זי בעשלאָסען צו שאפען זיך דורך אנ'אָנלייהע (ממש ווי די רעגי־רונג אליין!) ביי פערשידענע פריוואטע פערזאָנען און אינסטיטוציעס, וועלכע סימפּאטיזירען מיט דעם פעראיין. עס איז אלזאָ קלאָר פון די אלע זאכען, אז דער פעראיין איז א געשעפט ווי אלע געשעפטען. מענשען לע־בען און זענען זיך מפרנס דערפון גאָר נישקשה. עס זענען דאָרט פאר־האַן מענשען, וועלכע האָבען א מאָל פונ'ם עסק א 300,000 רובעל. און איהר ווילט זיין אזוי נאאיוו און ווילט אזא פעראיין אוועקשאפען פון דער וועלט דורך א בלאָז מיט'ן מויל? און איהר ווילט זיך איינרעדען, אז מענשען מיט אזא גאָלדען געשעפט אין די הענד וועלען אזוי לייכט לאָ־זען דאָס דאָזיגע ארויסנעהמען פון די דאָזיגע הענד? העכסטענס קאָנט איהר זאָגען, אז אזעלכע מענשען, ווען זיי וועלען זעהען, אז „עכט־רוסיש" איז מעהר קיין געשעפט נישט, וועלען זיי ווערען ליבעראל אָדער יודען־פריינד אָדער מיניסטאָרען אָדער קאָנסטיטוציע־רעדעלפיהרער אָדער פריי־הייט בעדערפטיגע, אבי א רובעל צו פערדיענען, אבער נישט, זיי זאָלען אוועקוואָרפען א געשעפט!

און נון האלט איך שוין ביי ציפערען, וואָלט איך שוין וועלען נאָך עטליכע ציפערען דאָ ברענגען: אין לויף פונ'ם פערגאנגענעם מאָנאט זענען פעראורטיילט געוואָרען צום טויט 110 מענשען; די טויט־שטראָף איז אויסגעפיהרט געוואָרען אויף 30 פערזאָן; די טויט־שטראָף איז פער־ביטען געוואָרען אויף אייביגע סיביריען־שטראָף ביי 10 מענשען, און ביי 13 מענשען אויף סיביריען לויט געוויסע טערמינען (לויט דער צאָהל פון די געטויטעטע איז דער היינטיגער מאָנאט געווען אָרימער פון די פריי־הערדיגע; אין מערץ האָט מען אומגעבראכט 55, אין אפריל 77, אין מאי 70). מיט אנדערע שטראָפען האָט מען בעשטראָפט אין לויף פונ'ם פער־גאנגענעם מאָנאט 729 פערשוין. צוגעצווינגען צום גריכט האָט מען 36 רעדאקטאָרען און דערביי פערמאכט 42 צייטונגען. אין ליפלאנד האָט מען פעראורטיילט צום טויט 31 מענשען, געטויט 8 און פערשיקט קיין סיביריען 20. אין פוילען האָט מען פעראורטיילט צום טויט 8, אומגעבראכט 3 און פערשיקט קיין סיביריען 2. אין דער פרייהייטס־בעוועגונג זענען געווען

פערמישט 447 מיליטערישע, 201 פויערים, 92 ארבייטער, 32 שילער. 16 שטאָדטישע, 10 אינטעליגענטען, 6 פרויען, 3 לעהרער א.ז.וו. נאַטירליך זע־נען דאָס נאָר ציפערען לויט אנ'אָפיציעלער רעגירונגס־סטאַטיסטיק! — און דאָס אַלעס, זעהט איהר, איז נאָך נישט גענוג. אין דעם לעצטען נומער „נאָוואָיע ורעמיא" קומט מענשיקאָוו און וויינט מיט ביטערע טרעהרען דערויף, וואָס מיר האָבען אזא שוואַכע רעגירונג און אזא שוואַכע פּאָליציי וואָס טהוט נעבעך גאָרנישט. דער איצטיגער אויפשטאַנד — זאָגט ער — ארבייט הויפּטזעכליך דורך יודישע אונטערגעלעגטע הייוועז. אַלעמאָל זע־נען נאָר פרעמדע געווען שולדיג אין אויפשטאַנדען אין רוסלאַנד. נעבען יודען ארבייטען נאָר נאָך אביסעל: פּוילען, פינלאַנד, ליטא און קאַווקאַז. די דאָזיגע קליינע פעלקערלעך רינגלען ארום שוין זינט 2 יאָהר רוסלאַנד און מוטשען עס. און ווער איז שולדיג? אונזער אדמיניסטראַציע איז שולדיג! אונזער אַדמיניסטראַציע אַרבייט צו לאַנגזאַם... קיין איין פּער־ברעכערישע ערשיינונג האָט מען ביי אונז נישט אויסגעוואָרצעלט ביז'ן גרונד. א רעכטע פעסטע האַנד וואָלט קאָנען מאַכען א סוף מיט דער גאַנ־צער רעוואָלוציע אין צוויי, דריי חדשים!" א.ז.וו. און פאַרט, מוז איך אייך זאָגען, וואָלט איך זיין א בעל צו וויסען, וואָס וואָלט הערר מענשי־קאָוו אַליין טהון, ווען ער וואָלט איצט זיין אויף סטאָליפּינס אָרט. מעהר ווי איינמאָל הענגען אָדער שיסען א פּאָליטישען פערברעכער וואָלט ער אַליין אויך נישט קאָנען. מעהר ווי איינמאָל איין און דעמזעלביגען מענשען ארויסרייסען פון בעט אינמיטען דער נאַכט און אריינוואַרפען אין געפענג־ניש וואָלט ער אויך נישט קאָנען. און חוץ דעם טאָר דאָך אזא מענשיקאָוו נישט פערגעסען, אז הלוואה אין אויסלאַנד בעדאַרף מען אויך אמאָל און ווענען אזעלכע קליינינקייטען מוז א רעגירונג אמאָל זיין אויך ליבעראַל. מענשיקאָוו אַליין ווערט דאָך אויך א מאָל ליבעראַל, ווען עס קומט צום געלד.

# פינפאונדרייסיגסטער בריעף

מיר דאכט זיך: די מפּלה פון די עכט־רוסישע איז פּאָרט נישט מעהר ווייט. עס וועט, דאכט זיך, גאָרנישט לאַנג דויערען, אז די רעגי־רונג — די רעגירונג זעלבסט! — וועט זיין געצוואונגען צו דערלאַנגען א טרייסעל מיט די פּאָלעם און אָבצוטרייסלען פון זיך די גאַנצע עקעלהאַפטע באַנדע פון די דאָזיגע לייט, אז מען וועט נישט וויסען וואו זייער געביין איז אַהינגעקומען! זיי האָבען אָנגעהויבען איהר אַרומצוקריכען צופיעל אויפן קאָפּ, און צו ביסלעך הויבען זיי אָן צו ווערען איהר א רעכט ביסעל אונבעקוועם. כוליגאַנעס איז אפשר א זעהר נוצליך שטיקעל ווערקצייג, וואָס א נישט בעזונדערס וועהלערישע רעגירונג, און דערצו א האַלב אַזיאַטישע, קאָן אמאָל ברויכען אין א פינסטערען אָרט, אָבער למען השם נאָר זיך נישט ווייזען דערמיט צווישען לייטען! נאָר נישט אין סאַלאָן! די עכט־רוסישע זענען אָבער פּראָסטע נפשות, וואָס ווילען נישט וויסען פון קיין שום חכמות, און זיי שטופּען זיך דווקא. עס איז די מעשה מיט דער מיאוס'ער מויד, וועלכע מען טאָר קיין גלעט נישט געבען. זינט דער אונ־פּאָרזיכטיגער טעלעגראַמע, וועלכע די רעגירונג האָט געלאָזט צוליעב גע־וויסע צוועקען דעם קייזער צו זיי שרייבען, איז פון זיי פּראָסט נישט מעהר אויסצוהאַלטען; זיי קריכען און קריכען אַלץ ווייטער. עס איז שוין אַזוי די נאַטור פונ'ם אויפגעקומענעם. אָנגעהויבען האָבען זיי דערמיט, וואָס זיי האָבען פערלאַנגט פון דער רעגירונג א טרינקגעלד פון עטליכע מיליאָן רובעל; מענשען אָהן חכמות, געלד איז פּאָרט א גוטע זאַך. דאַן האָבען זיי פערלאַנגט אַלע מאָנטאָג און דאָנערשטאָג, מען זאָל זיי געבען אוידיענ־צען אין פּעטערהאָף. דאַן האָבען זיי אַלע מאָנטאָג און דאָנערשטאָג געהאַט א געשעפט צום הויף; בריוולעך, טעלעגראַמען, הייליגע בילדער פון ירושלים און דערגלייכען, דאַן זענען זיי געוואָרען מחותנים מיט אַלע מי־ניסטאָרען, און דווקא פאַר עדות, און דווקא אַלעמאָל ווען עס זענען גע־ווען פיעל מענשען, און דווקא אויפ'ן הויכען קול און בלשון אתה, אַזוי ווי דער שטייגער איז שוין פון אַזעלכע פּאַרוועני'ס, און זיי האָבען אָנגע־

הויבען מיט די דאָזיגע מיניסטאָרען אַרומצוקאָמאַנדעווען ווי מען קאָמאַנ־דעווען מיט די שיק־יונגען. דאַן זענען זיי שוין גאָר אינגאַנצען אַרויס פון די כלים און האָבען זיך געכעס׳ט אויף דעם ליעבען הערר גאָט, למאי האָט ער בעשאַפען אויף דער וועלט אַ חוץ עכט־רוסישע אויך נאָך אַביסעל אַנדערע ברואים, און האָבען געפאָדערט פון דער רעגירונג, אַז זי זאָל דעם דאָזיגען גאָטס־פעהלער וועניגסטענס אין רוסלאַנד אויסגעבעסערען. בקי־צור: פראָסטע נפשות מיט גראָבע פעל, וועלכע ווייסען נישט און פער־שטעהען נישט, אַז זיי האָבען נאָר געשפּיעלט די ראָליע פון׳ם נגב, וועל־כען מען שניידט בעקאַנטליך אָב פון דער תליה, ווען מען בעדאַרף איהם — און נישט ווייטער. זעלבסטפערשטענדליך, האָט די רעגירונג נישט רעאַגירט אויף זייערע נאַרישקייטען און האָט זיך נישט מעהר אומגעקוקט אויף זיי. זיי אָבער, עכטע שיילאָק׳ס, זענען בעשטאַנען אויפ׳ן שיין, וועלכען מען האָט זיי געגעבען אין האַנד אַריין. און דאָ האָט זיך אָנגעהויבען אַ בלוטיגער קאַמף. די „רוסקאָיע זנאַמיאַ״ האָט אָנגעהויבען צו רעגענען מיט פעך און שוועבעל אויף סטאָליפינען. עס איז נישטאָ אין דער קאָרט, וואָס מען האָט נישט אויסגערעדט אויף איהם. עס איז אַזוי ווייט דערגאַנגען, אַז דאָס דאָזיגע בלעטעל האָט סטאָליפינען פּראָסט בעשולדיגט, אַז ער איז דאָס דעריעניגער, וועלכער האָט געוואָלט מאַכען דעם אָנפאַל אויפ׳ן קייזער. און זינט דעמאָלס גיסט עס אַלץ ווייטער און ווייטער. אין איינעם פון די לעצטע נומערן בעריהמט זיך די „רוסקאָיע זנאַמיאַ״, אַז זי האָט שוין גובר געווען דאָס מיניסטעריום, והראיה סטאָליפין האָט מורא געהאַט אפילו צו ענטפערען אויף די בעשולדיגונגען. אין דעם לעצטען נומער געהט זי נאָך ווייטער. „עס איז נישט ווייט דער טאָג — שרייבט זי — ווען די מיניסטאָרען־פאָרטפעלען וועלען אָבגענומען ווערען פון אַזעלכע, וואָס חבר׳ן זיך מיט די קאַדעטישע מערדערס און דריקען די הענד פון די מי־ליוקאָוו׳ס. עס איז נישט ווייט דער טאָג, ווען דער גורל פון אונזער פאָ־טערלאַנד וועט איבערגעגעבען ווערען אין די הענד פון די עכט־רוסישע לייט״. אַזוי: קרושעוואַן און פּורישקעוויטש וועלען ווערען די הויפּט־מיניסטאָרען, מיניסטער פון אויסערן און מיניסטער פון אינערן! — און טאַקי קומט גרינגמוט אין „מאָסקאָווסקיאַ וויעדאָמאָסטי״ און זאָגט דאָס

דאָזיגע גאַנץ קלאָר ארוים. „איז עס מעגליך — פרעגט ער — אז עס זאָלען זיך נישט געפינען צווישען אונז א צעהן מענשען, וואָס זענען פעהיג צו פיהרען די מלוכה? איך גיב א קלער און רעכען אוים אויגענבליקליך נישט בלויז צעהן, נאָר גאַנצע צעהנדליגער מענשען ריכטיגע, און דער עיקר, מענשען איבערגעגעבענע דעם טראָהן און דעם פאַטערלאַנד". עס איז אַלזאָ די אויסזיכט פארהאַן, אז פורישקעוויטש זאָל זיין מיניסטער פון אויסערן, קרושעוואַן — מיניסטער פון אינערן און פרעמיער, בולאַצעל — יוסטיץ־מיניסטער, גרינגמוט — קריעגס־מיניסטער, דובראָווין—בילדונגס־מיניס־טער א. אז. וו. א. אז. וו.! זעהט איהר, דאָס איז ארויסגעקומען דערפון, וואָס מען האָט געהאַט עסקים מיט אזעלכע בעשעפענישען! עס זענען בע־שעפענישען, וואָס פערשטעהען נישט קיין המצאות און קיין חכמות! און דעריבער זאָג איך: איז עס אזוי ווייט געקומען, איז אָנצונעהמען, אז די מפּלה איז שוין נישט מעהר ווייט, דען די רעגירונג וועט זיין געצוואונגען — די רעגירונג זעלבסט! — צו מאַכען מיט די דאָזיגע לייט א סוף.

נאַטירליך, אין א לאַנד, אין וועלכען עס קאָנען פאָרקומען אזעלכע זאַכען, דאָרט קאָנען פאָרקומען נאָך גאָר אַנדערע זאַכען אויך. אָט, למשל, לייען איך: די גאַנצע ביוראָקראַטען־וועלט רוסלאַנד'ס איז איצט אביסעל צערודערט און צעשראָקען צוליעב א סוד, וועלכער איז פּלוצלינג ארוים־געקומען. אין פערלויף פון דריי יאָהר, פון 1904 ביז 1907, זענען אויף דער זאַבאַיקאַלער אייזענבאַהן־ליניע געמאַכט געוואָרען מורא'דיגע גנבות, וועלכע בעטרעפען אונצעהליגע מיליאָנען; די קרוין איז דאָרט פשוט בדלות געשטעלט געוואָרען. דעם 8־טען אויגוסט איז פון אירקוטסק אראָב־געקומען דער אייזענבאַהן־אינספּעקטאָר גאַרטשאַקאָוו, וועלכער איז מיט א גאַנצער קאָמיסיע דאָרט אַהין ספּעציעל געשיקט געוואָרען, אום אויסצו־פאָרשען דעם ענין. ווי גאַרטשאַקאָוו איז מודיע, זענען דאָרט פאָרגעקו־מען אזויפיעל גנבות, אז עס איז גאָרנישט מעגליך א סוף צו דערגעהן. די אייזענבאַהן־פערוואַלטונג מיט א גאַנצער קאָמפּאַניע רייכע סיבירישע סוח־רים האָבען זיך די גאַנצע צייט בעשעפטיגט מיט ארויסגעבען פאַלשע באַהן־דאָקומענטען, אזוי אז אַלע סחורות, וואָס זענען געשיקט געוואָרען אויף דער ליניע, זענען צעגנבעט געוואָרען און ביי דער ליניע האָט מען געמאָהנט

געלד; זיי האָבען געבראַכט די ליניע צו אַזאַ מדרגה, אַז נישט בלויז זי איז געבליבען אָהן אַ גראָשען, נאָר די קרוין האָט נאָך פערלוירען אונצעהליגע מיליאָנען. אַרויסגעקומען איז די גנבה דורך אַ קליינעם טשינאָווניק, וועלכער איז עפּעס נישט צופרידענגעשטעלט געוואָרען און ער האָט אויסגעזאָגט פון חדר. — מילא האָבען מיר דאָ גראָד צו טהון מיט ביוראָקראַטען־גנבות, וועלכע זענען אַרויסגעקומען. וויפיעל אָבער אַזעלכע מיליאָנען־גנבות קומען נישט אַרויס? און וואו און ביי וואָס און ווען ווערט אין רוסלאַנד נישט געגנבעט, פונ'ם דאַך פון אַ דומאַ־פּאַלאַץ ביז'ן קעלער פון אַ געפענגניש, פון דעם בויען אַ קריעגס־שיף ביז שיקען אַ זעקעל מעהל פאַר הונגעריגע, פון אַ געשעפטעל, וועלכעס ליגט אין דער האַנד פונ'ם קלענסטען טשינאָווניק, ביז צום געשעפט ביי דעם גרעסטען און אַלער־גרעסטען, אומעטום ווערט גע'גנבעט און אַ געשעפט געמאַכט און צעהנטויזענדער און הונדערטטויזענדער פערדיענט! און קלערט מען אַביסעל אַריין דערין, ווערט איינעם זעהר טרויעריג אויפ'ן האַרצען: מען מוז זיין זעהר נאַאיוו אָנצונעהמען, אַז די דאָזיגע לייט, די טשינאָווניקעס און ביוראָקראַטען און אַנדערע רעגירונגס־רעדעלפיהרער, וועלען אַזוי, מיר נישט דיר נישט, אַרויסגעבען די לייצעס פון די הענד. ביז'ן לעצטען טראָפּען וועלען זיי קעמפען געגען אַלעם נייען און געגען דער מינדעסטער ענדערונג פונ'ם אַלטען סיסטעם: עס האַנדעלט זיך וועגען פּרנסה, עס האַנדעלט זיך וועגען מיליאָנען. מיליאָנען, און נישט דערביי פיעל אַרבייטען, ווילט זיך יעדען האָבען.

און אין אַזאַ לאַנד, וואו אַלדינג פוילט אַזוי, איז גאָרנישט מעגליך, אַז יעדע זאַך און יעדעס פּאָרקומעניש זאָל דאָרט נישט ווערען אַ קאַטאַסטראָפע. איצט האָבען מיר דעם קאַמף געגען דער כאָלערא. די כאָלערא געהט מיט ריעזענשריט און די בהלות ווערען אַלץ שטאַרקער און די געמיטער אַלץ אונרוהיגער. די אונוויסענדע מאַסען הויבען ווידער אָן צו פאַנאַטיזירען וועגען דער ענטשטעהונג פון דער כאָלאַרא מי יודע וואָס: „די דאָקטוירים ברענגען די כאָלערא", „די דאָקטוירים פערסמ'ען די מענשען", „די יודען פערגיפטען", „די יודען זענען שולדיג" — און אַזוי ווייטער. אַלע געדענגען נאָך די שרעקליכע בונטען פון 1892 געגען די דאָק־

טוירים (בעקאַנט מיט דעם ספּעציאַל־נאָמען „כאָלערא־בונטען"). די פינסטערע מאַסען, אויפגערייצט דורך שלעכטע מענשען, האָבען דעמאָלס פּאָגראָמען געמאַכט, האָבען חרוב געמאַכט די הייל־אַנשטאַלטען, דעמאָלירט די אַפּטייקען, נישט געלאָזט מקבר זיין די געשטאָרבענע, געהרג'עט די דאָקטוירים און דערגלייכען. דאָס האָט זיך איצט דערמאָהנט אונזערע עכט־רוסישע און זיי ווילען נון אויסנוצען די כאָלערא פאַר זייערע געשעפטען. זיי ווילען בעשאַפען מיט דער הילף פון דער כאָלערא־שרעק און דער אויפגערעגטער פאַנטאַזיע פון די מאַסען אַ געאייגנעטע אַטמאָספערע פאַר פּאָגראָמען. אין דעם לעצטען נומער „רוסקאָיע זנאַמיאַ" האָט איינער, אַ שוואַרץ־מאה'דיגער פּראָוואָקאַטאָר, אָנגעשריבען אַנ'אַרטיקעל: „די נייע רעוואָלוציע". דער אינהאַלט איז אַ מין חלום. דער פערפאַסער דערצעהלט: ער האָט געזעהן אין חלום אַ גרויסען זאַל, צוזאַמענגעשטעלט ווי אַנ'אַפּטייק, מיט גלעזערנע באַנקען און רעהרלעך און פלעשלעך און אויף דער וואַנד — הערצענשטיינס בילד. אינ'ם זאַל זיצען לויטער יודישע דאָקטוירים און עפּעס אַ רעדנער, אָנגעטהון אין טלית און תפילין, האַלט אַ רעדע. ער רופט צוזאַמען די יודען און די פּאָליאַקען, צו מאַכען אַ רעוואָלוציע געגען דער רוסישער רעגירונג, און מאַכען זאָלען זיי דאָס אויף דעם איינפאַכסטען אופן: זיי זאָלען נעהמען כאָלערא־באַצילען און זאָלען זיי אַרויסלאָזען אויף די גרויע פּויערישע מאַסען. — מען קאָן נישט אַנדערש זאָגען: דאָס גאַנצע איז זעהר נאַריש אָנגעשריבען, אָבער עס איז נישט פאַרהאַן די נאַרישקייט, וועלכע זאָל נישט האָבען איהרע בעלנים. און דער מאָמענט איז ריכטיג געפּאַקט. די פּויערישע מאַסע איז אויפגערעגט און די כאָלערא געהט. מען ברויכט נאָר אַריינצוואַרפען אַ פונק אין דעם שוועבעל־פּאַס. אַ וואָרט, אַז יודיש דאָקטוירים פאַבריצירען די כאָלערא — און די פּאָגראָמען קאָנען זיך אָנהויבען.

צום סוף נאָך אַ קליינע נאַכריכט: דער סענאַט האָט ערקלערט, אַז יעדער מין פון אַ ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע איז פערבאָטען. נאָך דער דאָזיגער ערקלערונג האָט דאָס מיניסטעריום פון אינערן — ווי די „בירזשעוויאַ וויעדאָמאָסטי" מעלדעט — בעפויהלען צו פערמאַכען אַלע ציוניסטישע קלובען.

# זעקסאונדרייסיגסטער בריעף

סטאָליפּין, האָב איך מורא, האָט פאַר זיך איצט נישט קיין לייכט שטיקעל אַרבייט. וועהרענד ער איז בעמיהט, אָבצוטרייסלען פון זיך אַ קליין ביסעל די שוואַרצע באַנדעס, וועלכע זענען איהם דורך זייער צודרינגליכקייט געוואָרען אַ רעכט ביסעל אונבעקוועם, האָט ער זיך אָנגעשטויסען אויף גאָר אַ ניי מין הינדערניש: זיין מאַיעסטעט דער צאַר אַליין, ווי עס ווייזט זיך אויס, איז פערזענליך גראָד זעהר איינגענומען פאַר די דאָזיגע לייט. זיין מאַיעסטעט דער צאַר האָט ערשטענס גנעדיגליך בעפויהלען, אַלע פעראורטיילטע פונ'ם קערטשער יודען־פּאָגראָם צו בעגנעדיגען. דאַן האָט זיין מאַיעסטעט דער צאַר בעפויהלען, אַז אַלע קאָרעספּאָנדענצען, וועלכע קומען אָן אין הויף פון דר' דובראָווין, און וועלכע ביז איצט האָט געפלעגט לייענען דער קאַמער־הער פירשט אָרלאָוו, זאָלען פון איצט אָן איבערגעגעבען ווערען איהם אַליין, און קאָרעספּאָנדענצען אַזעלכע קומען־אָן דריי, פיער מאָל אַ וואָך און זיין מאַיעסטעט לייענט זיי גאַנץ אַליין. דאַן האָט זיין מאַיעסטעט בעפויהלען, מען זאָל דער קאַסע פון דעם פעראיין פון די רוסישע לייט אויסצאָהלען 250,000 רובעל אויף אַגיטאַציאָנס־צוועקען. חוץ דעם איז פאָרגעקומען נאָך אַ זאַך: דער דאָנער מיליטער־העטמאַן האָט צוגעשטעלט צום הויף דורכ'ן קריעגס־מיניסטער די ביטשריפט פון צוויי אַמטס־געמיינדען, אין וועלכער מיר לעזען פאָלגענדעס: „מיר האָבען פערנומען די רעגירונגס,מעלדונג וועגען דעם פערברעכערישען פלאַן צו מאַכען אַנ'אָנפאַל אויף די הייליגע פערזאָן פון אונזער קייזער און מיר האָבען אויפגעהויבען די הענד און גדאַנקט דעם אַלערהעכסטען, וואָס האָט מציל געווען דאָס לעבען פון זיין קייזערליכער מאַיעסטעט און זיין פאַמיליע. מיר האָבען אויך בעגריסט מיט אַ ברכה דעם קלוגען בעשלוס, פונאַנדערצולאָזען די צווייטע דומאַ. באַרעמהערציגער קייזער! מיר בעטען ביי דיר איצט נאָר איין זאַך, אַז אין דעם זאַקאָן וועגען די וואַהלען אין די דומאַ זאָל אַרויסגעזאָגט ווערען בפירוש,

אַז יודען האָבען קיין רעכט נישט אַנטיילצונעהמען אין די וואהלען, אַזוי אַז די רעגירונגס־דומא זאָל אַלעמאָל אויסדריקען נאָר דעם ווילען און דעם גייסט פונ'ם רוסישען פאָלק. נאָר דאַן, ווען יודען וועלען נישט האָבען קיין רעכט, זיך אריינצומישען אין די אינטערעסען פונ'ם רוסישען פאָלק, זענען מיר זיכער, אַז עס וועלען אויסגעקליבען ווערען אמת'ע עכט־רוסישע פאַרשטעהער. און אויף דעם דאָזיגען שריפט־שטיק האָט זיין מאַיסטעט דער צאר גנעדיגליך בעוויליגט איינגענהענדיג אויפצוצייכענען: „איך האָב עס איבערגעלייענט מיט פערגעניגען". — אונטער אַזעלכע אומשטענדען איז אָנצונעהמען, אַז דער פרעמיער־מיניסטער האָט פאַר זיך אַ שווער שטיקעל ארבייט, ווען ער וויל פון זיך אָבטרייסלען אביסעל די שווערע, לעסטיגע משא פון די עכט־רוסישע. אויך איז אָנצונעהמען, אַז אַ רעכט ביסעל פינסטערע טעג וואַרטען איצט אויף יודען אין אונזער רוסלאַנד. ווער רעדט איצט נאָך וועגען גלייכבערעכטיגונג פון יודען? ווער רעדט אפילו נאָר וועגען וועלכע עס איז פערלייכטערונגען פאַר יודענס־וועגען? ווער רעדט איבערהויפּט פון בעסער? נארישע חלומות! מיר וועלען גליקליך זיין, ווען עס וועט בלייבען ביים אַלטען! זאָל מען אונז נאָר נישט אונזער תחום המושב נאָך קלענער און ענגער מאַכען מיט עטליכע גובערניעס! זאָל מען אונז נישט אראָבנעהמען נאָך עטליכע פּראָצענט פון דער צאָהל קינדער, וועלכע מיר מעגען אָבגעבען אין די גימנאַזיעס און אוניווערזי־טעטען! זאָל מען נאָר נישט קומען מיט אַ זאַקאָן, אַז אין יעדער אַנ־שטענדיגער קהלה מוז זיין אַ פּאָגראָם וויִנעגסטענס צווייאַמאָל אין חודש!

און ווירקליך זעהען מיר, אַז דער „פעראיין" האָט אין די לעצטע טעג ווידער אָנגעהויבען צו געוואַלדעווען אויף אַלע כלים. עפּעס קומט דאָ פאַר וועגען יודען, און מיר ווייסען אַליין נישט וואָס. מעגליך איז, אַז צוליעב עפּעס אַ מאַנעווער האָט די רעגירונג געהאַט בדעה ווידער צו מאַכען די אַלטע קאָמעדיע און האָט געוואָלט רעדען וועגען וועלכע עס איז הנחות פאַר יודענס־וועגען; דאָס האָבען די רעדעל־פיהרער פון די „עכטע" גע־מוזט האָבען דערשמעקט און זיי האָבען זיך באַלד גענומען צו זייער מלאכה: צו סטראַשען מיט פּאָגראָמען. מילא סטראַשען מיט פּאָגראָמען איז קיין נייעס נישט ביי די דאָזיגע ליט, אָבער אַזאַ פּאָגראָם־ארטיקעל, ווי עס האָט

זיך איצט געדרוקט אין דעם לעצטען נומער פון „רוסקאָיע זנאַמיא", איז זאָגאַר אין דעם דאָזיגען לאַגער נאָך נישט געהערט און געזעהן געוואָרען. מען פּרעדיגט גאַנץ אָפען און אָהן שום סודות טויט און מאָרד, און מען רופט ביי זייערע נעמען די מענשען, וועלכע מען וויל אומברענגען. „די ערשטע דומאַ — זאָגט דער לייב־אָרגאַן פון די עכטע — האָט נאָך פאַנטאַ־זירט וועגען יודישער גלייכבערעכטיגונג; די צווייטע דומאַ אָבער האָט אפילו קיין העזה שוין נישט געהאַט צו דערמאָהנען אַ וואָרט וועגען דעם. זיי האָבען גאַנץ גוט געוואוסט, אַז אויב די דומאַ וועט געבען יודען גלייכ־בערעכטיגונג, וועט דאָס פאָלק (דאָס הייסט: די געדונגענע כוליגאַנעם פאַר 30 קאָפּיקעס אַ טאָג!) אויסגיסען זיין גאַנצען צאָרן אויף די קעפּ פון די קאַדעטען און וועט סוף כל סוף אויסהרגיענען אייגציגווייז די אָנ־פיהרער פון דער דאָזיגער יודישער פּאַרטיי, וואָס זייערע נעמען זענען שוין בעקאַנט דעם גאַנצען רוסישען פאָלק: מיליוקאָוו, די ברידער העסען, פּערגאַמענט, קאַלמאַנאָוויטש, נעמיראָווסקי, גורלאַנד, ווינאַווער, אורוסאָוו, קוטלער, קיזעוועטער, לאָפּוכין, שטשעפּקין, פּעטראַזשיצקי, לעדניצקי, פּרזשיוואַלסקי, מאַקלאַקאָוו, זאַבלאָצקי, פּעטרונקעוויטש, ראָדיטשעוו, דאָל־גאָרוקאָוו, סטאַכאָוויטש, סליאָזבערג, גאָלאָווין, מוראָמצעוו און נאָך פיעל אַנדערע. איצט האָבען מיר זיך דערוואוסט, אַז אין געוויסע קרייזען האָט מען ווידער אָנגעהויבען טראַכטען וועגען יודישער גלייכבערעכטיגונג. דאָס רוסישע פאָלק (די געדונגענע כוליגאַנעם וכו'!) וועט אָבער שטענדיג ווי־סען, ווי אָבצורעכענען זיך מיט יענע לייט, וועלכע ווילען פערקויפען אונ־זער פאָטערלאַנד די יודען!" — איז דאָס אייגענע איניציאַטיוו? הייסט מען זיי אַזוי שרייבען? האָט מען איצט ווידער נויטיג אָבצואַרבייטען אַזאַ שטיקעל קאָמעדיע, אַז עס זאָל הייסען, מען האָט ווידער געוואָלט עפּעס טהון פאַר יודענס־וועגען און מען האָט מורא?

און די דאָזיגע לייט, בלייבען נישט ביים רעדען און ביים שרייבען אַליין; זיי טהוען אויך. פון סימפּעראָפּאָל קומט אונז די נאַכריכט פון פאָריגען שבת, אַז אָוועגדס אין זעלביגען טאָג האָבען די דאָרטיגע עכט־רוסישע לייט זיך שטאַרק צעהוליעט און האָבען געשלאָגען יעדען יודען, וועלכען זיי האָבען דערטאַפּט אין די גאַסען. צווישען די שטאַרק צעשלאָ־

גענע געפינט זיך אויך אַ בעקאַנטער זשורנאַליסט שוכטאַוויטש. פון טאָג־טעגלעכן טאָגבוך האָט מען דאָס פיגורירט. פון טאָג־מאַשפּאָל האָבען מיר נעכטען דערהאַלטען פאָלגענדען קורצען בריעף פונם 19־טען אויגוסט: „צו בעשרייבען דעם נעכטיגען טאָג האָב איך נישט קיין כוח. נעכטען זייגער איינס נאָכמיטאָג האָט מען דאָ אָנגעהויבען צו ראַבירען און צו פערוויסטען יודישע קראָמען און צו שלאָגען יודען מיט גראָבע שטעקענס. מען האָט אויך דעמאָלירט פּריוואַט־וואוינונגען. עס איז געוואָרען אַ שרעקליכע פּאַניק, ווייל עס איז נעכטען געווען אַ מאַרק־טאָג און עס זענען דאָ אָנגעקומען ביז 15,000 פרעמדע פּויערים. נאָר אַזוי ווי די פּויערים האָבען געוואָרפען שטיינער אויך אויף אַן אָפיצער און אויף זשאַנדאַרמען, האָט דער אָפיצער קאָמאַנדירט צו שיסען און מען האָט געשאָסען אויף דעם פּובליקום; אַזוי האָט דער פּאָגראָם אויפגעהערט. פּויערים זענען געהרג׳עט געוואָרען 4, יודען 2 האַלטען ביים שטאַרבען. פאַרוואונדעטע געפינען זיך פיעל; גענוי די צאָהל וויים מען נאָך נישט. די גאַנצע נאַכט איז קיינער נישט געשלאָפען, היינט זענען אָנגעקומען קאָזאַקען. אויך דער גובערנאַטאָר קומט היינט"...

נאַטירליך אָבער איז אין גאַנצען לאַנד אַלעס שוין רוהיג. סטאָליפּין אַליין האָט עס געזאָגט. אין אַ געשפּרעך נעמליך, וועלכעס ער האָט געהאַט דאָ לעצטענס מיט דעם קאָרעספּאָנדענט פון "מאַטין", האָט ער געזאָגט: „יאָ, איצט איז אין לאַנד פאָלקאָמען רוהיג. די אָרדנונג ווערט נישט געשטערט. די פּויערים בערוהיגען זיך, די אַרבייטער אויך, די איינצעלנע אָנפאַלען און אונאָרדנונגען וואָס קומען פאָר האָבען מיט אַ רעוואָלוציע גאָרנישט צו טהון. אַלע קלאַגגען, אַז אין רוסלאַנד דויערט נאָך די רעוואָלוציע און עס קומען פאָר פּאָגראָמען אָדער טעראָר, האָבען קיין שום גרונד נישט". איך וואָלט נאָר וועלען דאָס דאָזיגע געשפּרעך אילוסטרירען אביסעל דורך עטליכע ציפערען וועגען דער „רוהע" אין די לעצטע צוויי חדשים זינט מען האָט די דומאַ צעלאָזען. אין לויף פון דער דאָזיגער קליינער צייט זענען פעראורטיילט געוואָרען צום טויט 85 פּאַרשוין, געהרג׳עט געוואָרען זענען 319, פערוואונדעט—245, גרויסע עקספּראָפּריאַציעס זענען געמאַכט געוואָרען 178, אין 63 פאַלען האָט מען געפונען באָמבעס, אונלעגאַלע טיפּאָגראַפיעס האָט מען ענטדעקט 11, צייטונגען האָט מען שטראַפירט

62 און דאָס אויף דער סומע פון 29,055 רובעל. אז דאָס זאָל שוין נישט הייסען, דאָס לאַנד איז „פּאָלקאָמען רוהיג", ווייס איך נישט מעהר, וואָס הייסט „רוהע"!

און די וואהלען? — עס איז אַלעס ווי אויסגעשטאָרבען. עס ריהרט קיינער נישט מיט קיין אבר. און נישט בלויז אין פּובליקום איז יעדער אינטערעס פאַר די וואהלען און פאַר דער צוקונפטיגער דומאַ ווי אָבגעשטאָרבען, נאָר אויך אין די רעגירונגס-קרייזען, שיינט עס, האָט מען זיך אויפגעהערט דערמיט צו בעשעפטיגען. דער גרעסטער טייל פון די מיניסטאָרען איז איצט אין אויסלאַנד, און די אַרבייט פיהרט זיך פון זיך אַליין, ווי דער שטייגער איז אין רוסלאַנד. עס איז גענוג, ווען מען האָט די דירעקטיוועז געגעבען, און מען קאָן זיכער זיין, אז דער לעצטער זשאַנדאַרם אָדער דער לעצטער טשינאָווניק וועט שוין אַליין טרעפען, וואָס צו טהון. אַ קאָרעספּאָנדענט פון אַ פּעטערבורגער צייטונג האָט דאָ לעצטענס אינטערוויואירט אַ זעהר הויכגעשטעלטען ביוראָקראַט און האָט איהם געפרעגט וועגען דער וואהל-קאַמפּאַניע און אויב די רעגירונג דאַרף זיך דערצו נאָר נישט פּאָרברייטען. „די רעגירונג — האָט יענער געענטפערט — טהוט דאָסזעלבע וואָס די געזעלשאַפט טהוט. פיעל אינטערעסירט זיך איצט דער עולם אין די וואהלען? דאַכט זיך, די וואהלען שטעהען שוין פאַר דער טהיר, און מען זעהט אפילו קיין סימן נאָך נישט פון אַ לעבענס-גייסט. די רעגירונג האָט זיך אינטערעסירט פאַר די וואהלען בשעת זי האָט געזעהן, אז די געזעלשאַפט אינטערעסירט זיך דערפאַר און זי האָט דאַן געהאַט אַנ'אַרבייט צו בעקלערען ווי און וואָס צו טהון, אום צו פערהיטען פון פערשידענע שעדליכע שטרעמונגען. איצט אָבער, אז די געזעלשאַפט שלאָפט און קיינעם, אויסער די עטליכע רעדעל-פיהרער פון יעדער פּאַרטיי, ליגען די וואהלען גאָרנישט אין זינען, טאַ וואָס-זשע האָט איצט די רעגירונג צו טהון?"

רוסלאַנד שלאָפט. ווען נאָר נישט די פּאָגראָמען און די פּאָגראָמלער און די אָנפאַלען און די באָמבעס וכו' וואָלטען אַלע ווילע דעם שלאָף געשטערט!

# זיבענאונדרייסיגסטער בריעף

רעכטס און לינקס, אזוי אין דעם איינעם ווי אויך אין דעם אנדערען לאגער האָט מען זיך גענומען איצט דערצו, צו מאַכען דעם גענעראל־חשבון פון די מעשים אין רוסלאנד. עס איז עפּעס ווי עס וואָלט געווען פלוצלינג אויף אלעמען געקומען די שטימונג פון א מין חשבון־הנפש. דריי יאָהר לאנג האָט מען געמאַכט רעוואָלוציע: אונצעהליגע טויזענדער מענשען זענען אומגעקומען, נאָך מעהר האָט מען אומגעבראַכט, אונצעהליגע טויזענדער פוילען אין די ווייטע מדבריות און אין די געפענגענישען, קולטורען האָט מען רואינירט, אינדוסטריען האָט מען חרוב געמאַכט, אנ׳עקאָנאָמישע לאגע איז בעשאַפען געוואָרען ווי מען קאָן זיך שלעכטער נישט דענקען, ארבייטסלאָזיגקייט און ברויטלאָזיגקייט און הונגער אומעטום — און אלעס דאָס איז געשעהן אין דעם קאַמף צוליעב אביסעל פרייהייט. אָבער פרייהייט און — רוסלאנד! — דאָס זענען די צוויי ענטגעגענזעצטעסטע בעגריפען! נישט אמאָל אין איין און דעמזעלביגען ווערטערבוך האָט מען די דאָזיגע צוויי ווערטער געזאָלט קאָנען געפינען! עס איז נאַטירליך, אז א רעגירונג האָט אלדינג געטהון, אלדינג וואָס זעלבסט־ערהאלטונגס־טריעב און געוויסענלאָזיגקייט אין דער וואהל פון די מיטלען און ברוטאלע איבערמאַכט אין דער אויספיהרונג פון די דאָזיגע מיטלען קאָנען טהון, אום די פרייהייט נישט צולאָזען אויפקומען. מיר שטעהען איצט אומגע־פעהר ווידער אויף דעמזעלביגען פונקט, וואו מיר זענען געשטאַנען פאַר דעם זיבעצעהנטען אָקטאָבער. און דער דאָזיגער אויסגאַנג פון דעם ערשטען אקט פון דער מלחמה האָט קיינעם נישט איבערראַשט; וועניגסטענס קיינעם נישט, וואָס האָט א געזונדען קאָפּ און אָפענע אויגען. אנדערש האָט עס נישט געקאָנט קומען. עס האָט יעדער קלאָרער מענש לכתחילה געקאָנט גאַנץ גוט וויסען, אז אלץ, וואָס איז אין דער מענשען־מעגליכקייט צו טהון, וועט די רעגירונג טהון, אום די פּאָליציי צו האלטען. די רעדע איז אָבער נישט דערפון; די רעדע איז פון גאַנץ וואָס אנדערס: איז דאָס

גאַנצע בלוט, וועלכעס האָט זיך אין רוסלאַנד געגאָסען, בחנם פערגאָסען געוואָרען? און אַלע די קערפּער, וועלכע פוילען אין דער ערד און אין סיביריען און אין די געפענגנישען, און אַלע די אומגליקליכע טויזענדער אַלמנות און יתומים, וועלכע די רעוואָלוציע האָט אונז געגעבען, און אַלע די אונענדליכע קרבנות, וועלכע זענען געבראַכט געוואָרען, צי זענען זיי בחנם געווען? און איז עס מעגליך, אַז די רעאַקציע זאָל קאָנען קומען און דאָס אַלעס אָבווישען, ווי מען ווישט אָב מיט אַ שוואָם עטליכע ציפערן פון קרייד, און אַלעס זאָל שפּורלאָז פערלאָרען זיין און זאָל קיין שום ווירקונג נישט האָבען? — מען מוז נאָר האָבען געקענט דאָס רוסלאַנד פון פאַר דריי יאָהר און מען מוז זעהען דאָס רוסלאַנד פון היינט, אום צו ווייסען, ווי זעהר דאָס איז נישט מעגליך. די רעוואָלוציע האָט איהר בעסטעס און שענסטעס געטהון: זי האָט איהרע טיעפסטע שפּורען איבערגעלאָזט אינ׳ם פאָלקס־לעבען. אַנ׳אומקעהרען זיך צו דער אַלטער אָרדנונג, דאָס הייסט צו דעם שטאַנד ווי ער איז געווען פאַר דעם 17־טען אָקטאָבער, איז אבסאָלוט אונמעגליך און אויסגעשלאָסען. די רעגירונג מעג שוין טהון וואָס זי וויל, די רעאַקציע מיט די טויזענד שוואַרצע הונדערטער מעג זיך שוין בעריהמען וויפיעל זי וויל, אַז די דריטע דומאַ וועט זיין די לעצטע און באַלד נאָך איהר וועט זיך אָנהויבען די אַלטע צייט אין אַלע איהרע אַלטע פאָרמען — דאָס פאָלק, די הונדערט און פערציג מיליאָן, וועלען שוין אָבער נישט זיין מעהר, וואָס זיי זענען אַמאָל געווען. דאָס איינע איז קלאָר. דער עץ הדעת איז אַזאַ מין פרי, וואָס אַז עמיץ האָט איינמאָל געגעסען פון איהם, קאָן איהם קיין שום מעדיצין און קיין שום רעאַקציע נישט ברענגען דערצו, ער זאָל דאָס געגעסענע צוריק אַראָבגעבען. אפשר איז דאָס גאַנצע, וואָס איז ביז איצט געווען, בלויז געווען אַ קליין שטיקעל פאָרשפּיעל צו דעם, וואָס וועט נאָך קומען. די בעפרייאונגס־בעוועגונג, זאָגען זיי, איז איינגעשלאָפען. און פאָרט, זעהט איהר, האָט מען מורא אַראָבצונעהמען דעם קריעגס־צושטאַנד און דעם בעלאַגערונגס־צושטאַנד און אַלע אַנדערע אויסנאַהמס־צושטאַנדען; אדרבא, מען האָט זיי איצט ווידער אויסדריקליך פערלענגערט אויף אַנ׳אונבעשטימטע צייט. דען באמת קלויבט די פרייהייטס־בעוועגונג איצט נאָר פרישע קרעפטען.

רעפּרעסיעס, טענה׳ט אונזער רעגירונג, זענען אומעטום געווען אין אַלע לענדער, וואו פעלקער זענען ווילד געוואָרען. עס איז מערקווירדיג, ווי אונזער רעגירונג זעהט און מאַכט נאָך פון אַלע זאַכען אין אַנדערע לענדער נאָר די רעפּרעסיעס. עס קומט מיר פאָר, ווי די מעשה מיט מיקעל־אַנדזשעלאָ. דער דאָזיגער גרעסטער פון אַלע בילדהויער האָט געהאַט אין זיך אַזא שטאַרקען יצר צום פיגורען־מאַכען, אַז ער האָט נישט געקאָנט קיין מינוט איינרוהען, ווען נישט ער זאָל קנעטען און פאָרמען עפּעס מיט זיינע הענד. איינמאָל, געהענדיג שפּאַצירען מיט אַ בעקאַנטען און זייענדיג מערטיעפט אין אַ געשפּרעך, האָט ער זיך אין דעם אימפּעט פון רעדען אַראָבגעבויגען צו דער ערד, האָט אויפגעהויבען אַ שטיק מיסט און האָט עס געקנעטען און געפאָרמט. נאַטירליך, אַ פיגור איז דערפון אַרויסגעקומען ווי נאָר איין מיקעל־אַנדזשעלאָ קאָן זי מאַכען, אָבער אַ שלעכטען גערוך האָט זי פאָרט געהאַט. עס איז מערקווירדיג ווי די אַלע קליינע, ווען זיי מאַכען נאָך מיקעל־אַנדזשעלאָ, מאַכען זיי איהם נאָך אין דעם, וואָס עס האָט אַ שלעכטען גערוך, אָבער נישט אין דער שעהנקייט פון דער פיגור. עס איז מערקווירדיג ווי אונזער רעגירונג ווייסט נאָכצומאַכען אייראָפּאַ נאָר אין די רעפּרעסיעס.

און זי אַליין, די רעגירונג, גלויבט נישט, אַז די רעפּרעסיעס פיהרען צו דעם ריכטיגען ציעל. זי מוז אַ פּנים האָבען אַ שטיקעל השגה דערפון, ווי וועיט דאָס פאָלקס־בעוואוסטזיין איז שוין אויפגעוואַכט און ווי די איירגענטליכע געפאַהר איז גאָרנישט אויסגעמידען. אין איינעם פון די לעצטע נומערן :נאָוואָיע ווּרעמיא״ קומט סטאָליפּין אַליין, דער ברודער פון דעם פּרעמיער, און זאָגט מוסר דער רעאַקציע. דער פאַל איז אַ זעהר אינטערעסאַנטער : איינער, וואָס הייסט סטאָליפּין, אַ טאַטע און אַ מיט־פאַבריקאַנט פון דער רעאַקציע און פון די רעפּרעסיעס, און דער טענה׳עט געגען דיזעלבע ! „זי (די רעאַקציע), זאָגט ער, האָט גאָרנישט פערגעסען און גאָרנישט געלערנט. זי קעהרט זיך רוהיג אום צו יענע מיטלען און צו יענער טעטיגקייט, וואָס זענען אַממעהרסטען פערהאַסט ביים פאָלק ; זי קעהרט זיך אום צו די מיטלען פון אָנשרעקען, פון יאָגען מיט׳ן עטאַפּ, פון אַרויסרייסען מיט געוואַלט דאַנק־טעלעגראַמען און צושריפטען, מיט

איין וואָרט: צו די אַלע אַלטע גוט בעקאַנטע מיטלען, און דערמיט ווילען זיי בעווייזען (ווער? זיין ברודער דער פּרעמיער מיט זיין חברה?), אַז אַלעס איז רוהיג און שטיל". און דער דאָזיגער סטאָליפּין, סטאָליפּין דער 2־טער, קומט צו דעם שלום, אַז „אַלע די דאָזיגע מיטלען ברענגען דווקא צו די גראַד ענטגעגענגעזעצטע רעזולטאַטען" און אַז „אַזא לאַגע איז אַ זעהר טרויעריגע". גוטע יאָהרען, אַז איינער, וואָס הייסט סטאָליפּין, טענה'עט אַזוי און אַזעלכע ווערטער זעגען געדרוקט אין אַ „נאָוואָיע ורעמיא"! יעדענפאַלס, וואָס עס זאָל נישט שטעקען דערונטער און וואָס פאַר אַ צוועק אַזא אַרטיקעל זאָל נישט האָבען, ווייזט עס, אַז עס איז קיין סוד נישט פאַר יענע חברה, וואָס עס טהוט זיך אָב אינ'ם פאָלק.

אינטערעסאַנט איז איבריגענס אַ קליינער פאַרפאַל אין אַ פּאָגראָם־פּראָצעס, וועלכער גיט אַ קלאָר בילד פון דעם פערהעלטניש פון דער רעגירונג צו אַ פּאָגראָם און ווי ווייט די רעגירונג און איהרע לייט זענען בעטייליגט דערין. אין לויף פון דער פאָריגער וואָך איז אין קראָלוועץ, טשערניגאָווער גובערניע, געזעסען דאָס ניעזשנער קרייז־געריכט און האָט בעהאַנדעלט דעם פּראָצעס וועגען אַ פּאָגראָם, וועלכער איז דאָרט פאָרגעקומען אין די גוטע אָקטאָבער־טעג. די הויפּט־פיגור צווישען די עדות איז געוועזען איינער, טשיסטיאַקאָוו, דער דאָרטיגער איספּראַווניק, וועלכער האָט ערקלערט, אַז דער פּאָגראָם איז געוועזען דאַדורך, וואָס עס איז אַרויס אַ קול, אַז פון פּעטערבורג איז אָנגעקומען אַניערלויבניש צו הרגענען, שלאָגען און ראַבעווען יודען אין פערלויף פון דריי טעג צייט. אויף די פראַגע פון פּאָרזיצענדען צו איינם פון די בעשולדיגטע: „אויב ער איז זיך מודה, אַז ער איז שולדיג?", האָט יענער געענטפערט: יאָ, איך בין שולדיג... — „אין וואָס ביסטו שולדיג?" האָט דער פּאָזיצענדער נאָמאַכאָל געפרעגט. — „איך בין שולדיג, האָט דער פויער געענטפערט, וואָס איך האָב נישט געגומען פון דעם פּאָליציימאַן, וועלכער האָט מיר געהייסען פּאָגראָמירען, אַנ'אונטערשריפט, אַז איך מעג הרגענען יודען, און האָב איהם געגלויבט אויפ'ן וואָרט". — אַנ'אַנדערער פון די בעשולדיגטע האָט געזאָגט מיט כעס: „פריהער האָבען זיי מכבד געווען מיט בראָנפען, האָבען אָנגעשכורט און געהייסען טהון וואָס מען וויל, און נאָכדעם זענען זיי גע־

גאַנגען אונז אַרעסטירען און נאָך געשלאָגען אָהן רחמנות". — און אויך דעם סוף פון אַזאַ פּראָצעס־קאָמעדיע קענט איהר שוין: פון 77 בעשול־דיגטע זענען עטליכע געוואָרען פעראורטיילט צו 8 און צו 4 חדשים ארעסט —און יוצא. עס איז נאָך אַזאַ פּסק גאָר קיין וואונדער נישט, ווען מיר לייענען אין אַ היינטיגער טעלעגראַמע: די הויפּט־פיהרער פונ'ם פערבאַנד פון די עכט־רוסען האָבען זיך געווענדעט צו דער רעגירונג מיט אַ בקשה, מען זאָל בעגנעדיגען אַלע פּערזאָנען וואָס זענען פעראורטיילט געוואָרען דורך די פערשידענע געריכטען אין פערשידענע ערטער פאַר בעטייליגען זיך אין די אָקטאָבער־פּאָגראָמען אין יאָהר 1905. עס איז אויך קיין וואונדער נישט, ווען זאָגאַר די פינלענדישע רעגירונג האָט געקראָגען דרך־ארץ און האָט „פּאַרלויפיג" בעפרייט טאָפּאָליעוו'ן, וועלכער איז בעשול־דיגט אַלס מערדער פון הערצענשטיין.

# אַכטאונדרייסיגסטער בריעף

ווען די פּעטערבורגער טעלעגראַפען־אַגענטור, די דאָזיגע אָפיציעלע צדיקת, האָט אונז מודיע געווען אין איינעם פון די לעצטע טעג, אַז „אין אָדעס איז עפּעס אונרוהיג; עס זענען פערוואונדעט געוואָרען עטליכע מענשען און דאָס רוב פון זיי זענען יודען", האָט דאָס געגעבען אַ שטאָך אין הארצען, דען יעדער פון אונז האָט באַלד פערשטאַנען, אַז דאָרט האָט געמוזט וואָס שרעקליכעס זיין פּאָרגעקומען. וועגען אַ צעהן, צוואַנציג הרו־גים און אַ פופציג פערוואונדעטע וועט דאָך די דאָזיגע רעגירונגס־אַגענטור נישט ער־שט בעמיהען זיך צו טעלעגראַפירען; דאָס איז שוין צו אַלטעגליך. זי טהוט עס נאָר ביי אַנ'אויסנאַהמס־פּאַל, ווי אַ ביאַליסטאָק אָדער שעד־לעץ. און ווירקליך: די שפּעטערע פּריוואַטע נאַכריכטען, וואָס מיר האָ־בען דערהאַלטען פון דאָרט ביז איצט און וועלכע הערען גאָרנישט אויף אָנצוקומען ביז היינט, קאָנען איינעם דאָס בלוט פערגיפטען. אַ פּאָגראָם אין גרויסען סטיל. צעהנדליגער גע'הרגעטע און הונדערטער פערוואונדע־טע. אַ ווידערהאָלונג פון דער דאָרטיגער שחיטה אין די גוטע אָקטאָבער־טעג. מען האָט נישט געשוינט קיין 4־יעהריגע קינדער און קיין 75־יעה־ריגע זקנים. פון די טראַמוויי'ען און די דראָשקעס האָט מען מענשען אַראָב־געשלעפּט און זיי געקוילעט און אין הייזער איז מען אַריינגעדרונגען און מען האָט דעם מאָרד און טויטשלאַג אויסגעפיהרט. די וואָגענס פון דער גיכער הילף קאָנען די אַרבייט נישט בעצווינגען און אין די קראַנקענהייזער פעהלען־אויס ערטער פאַר די פערוואונדעטע. האַנדעל און אינדוסטריע זע־נען געשטערט, די בערזע פונקציאָנירט נישט, איינע פון די בליהענדסטע און שענסטע שטעדט רוסלאַנד איז ווי רואינירט. און לייענען מיר די ליס־טעס פון די פעראומגליקטע, געפינען מיר נעמען ווי ישראל סאַבסיי, שלום מוקאָבעל, ליפּא גערשטיין, וואָלף פעלעמענבוים, אליהו חקרן, שלמה וויינ־שטיין. משה לעוויטי, נחום שוכמאַן, הערש זיגעלמאַן, פּרץ גאָלדשטיין, הערש ברעזקין, ירחמיאל פילבערמאַן, דוד ניסענזאָהן, אליהו דוואָרניק,

שמעון גוז, משה פוקס, סנדלר, פערלמאַן, גריידענבערג — לויטער יודען, לויטער יודען. און בעטראַכט מען די איינצעלהייטען פון די מעשים, פערקלעמט איינעם דאָס האַרץ: די 4-יעהריגע מאַניא און דער 4-יעהריגער מישא, קינדער וועלכע שפּיעלען זיך אויף דער גאַס, ווערען געשאָסען, און הערש זיגעלמאַן, א 75-יעהריגער יוד, ווערט פערוואונדעט, — ווי אַנ׳-איראָניע קלינגט עס, ווען די פּאָסט, וועלכע ברענגט אונז דיזעלביגע נאַכ-ריכטען, ברענגט אויך די ידיעה, אַז דער אָבמאַך צווישען רוסלאַנד און ענגלאַנד איז ענדליך אונטערגעשריבען געוואָרן; מיניסטער איזוואָלסקי און גראַף פּאהלען האָבען בעקומען פון קעניג עדוארד זייערע אָרדענס. פריהער האָט עס געהייסען, אַז אַזוי לאַנג ווי רוסלאַנד וועט נישט גאַראַנ-טירען, אַז זי וועט אַביסעל מענשליכער ווערען, וועט מען זיך מיט איהר אין קיין שום פערהאַנדלונגען נישט אַריינלאָזען. איצט, ווי עס ווייזט זיך אויס, האָט רוסלאַנד איהר מענשליכעס ענדליך בעוויזען און דער אָבמאַך איז געשעהן. עס פעהלט בלויז נאָך, אַז פאַר דער דרשה אין אָדעס זאָל קומען דאָס איבעריגע אויסלאַנד און זאָל דערלאַנגען די לענגסט ערוואַר-טעטע אָנלייהע.

די טויטע ווערען בעגראָבען און די פערוואונדעטע היילען זיך אָדער שטאַרבען. אַלעס געהט, ווי עס געהערט צו זיין. די פאָרשטעהער פון דער יודישער געמיינדע אין אָדעס שיקען א טעלעגראַמע צו סטאָליפּינען און געהען מיט א דעפּוטאַציע צו דעם גענעראַל-גובערנאַטאָר. דער גענע-ראַל-גובערנאַטאָר, הערר גלאַגאָלאָוו, ענטפערט די אַלטע תשובה: יודען זענען אַליין שולדיג; די פּאָליציי און דאָס מיליטער זענען מאַכטלאָז און האָבען נישט געקאָנט העלפען; ווייטער וועט שוין אַזעלכעס נישט פּאָר-קומען. אַלעס אַלזאָ ווי עס געהערט צו זיין; אַלעס לויט דעם מוסטער, ווי עס האָט זיך געפיהרט ביי אַזעלכע פאַלען ביז איצט און ווי עס וועט זיך פיהרען אין רוסלאַנד מי יודע ווי לאַנג נאָך. דאָס רעגירונגס-בלאַט קומט און זאָגט, אַז דערווייל האָט מען נאָך קיין גענויע נאַכריכטען נישט פון אָדעס און ווען עס זענען פּאַרהאַן שולדיגע, וועלען זיי געוויס בע-שטראָפט ווערען. אַלעס לויט דעם אַלטען מוסטער. און יודען ליגען בע-האַלטען אין די קעלערס און אויף די בוידעמס אָדער זיי אַנטלויפען מאַ-

סענווייז פון דעם אומגליקס־אָרט, וואוהין די אויגען טראָגען זיי. אַלעם ווי געוועזן און דערוויל ווערען מיט רוסלאַנד פריינדשאַפטען געשלאָסען און איהרע. מיניסטאָרען ווערען בעשענקט און בעעהרט.

„יודען זענען אַליין שולדיג". ווער? אפשר דאָס 4־יעהריגע קינד, וועלכעס האָט זיך געשפּיעלט אויף דער גאַס? אפשר דער אַלטער 75־יעהריגער יוד, וועלכער איז געגאַנגען דאַוונען? אפשר די פרויען אויף די דראָשקעס פאָהרענדיג? די קראַנקע אין די שפּיטעלער? די יונגלעך אין די חדרים? די מיידלעך, וועלכע האָבען זיך בעהאַלטען אין די לע־כער? אוי, ווי עס קעהרט די גרינע גאַל דעם דאָזיגען אָבגעשמאַקטען נאַרישען ליגען צום טויזענד און איינסטען מאָל צו הערען! וואָלטען וועניגסטענס יענע רעדעל־פיהרער האָבען דעם ציני‏שען מוט און די פרעכהייט אויף זייערע מעשים מודה צו זיין!

„די פּאָליציי און דאָס מיליטער זענען מאַכטלאָז" די רעגירונג איז אַלזאָ מודה, אז ס'איז אַנ'אַנאַרכיע אין לאַנד? אז פּאָליציי און מיליטער קאָנען גאָרנישט טהון, אז קריעגס און בעלאַגערונגס-צושטאַנד העלפען נישט? פאַרוואָס אָבער איז זי מבטיח אַלע מאָנטאַג און דאָנערשטאָג, אַז דורך איהרע רעפּרעסיעס האָט זי שוין גאָט זיין דאַנק אַלעם דערגרייכט און אַלעס איז שוין שטיל און אין אָרדנונג? פאַרוואָס האָט זי באמת'דיג יאָ געקאָנט דורך די אייגענע פּאָליציי און דאָס אייגענע מיליטער צעהנ־טויזענדער פרייע און פרייהייטס־דורשטיגע מענשען בעצווינגען און יעדעס פרייע לופטעל און יעדע פרייע בעוועגונג דערשטיקען? קאָן זי בלויז נישט מיט עטליכע צעהנדליג כוליגאַנעס און מיט פופצעהן, זעכצעהן־יעהריגע מערדערס זיך אַנ'עצה געבען? אָבער וואָס זי קאָן אויף איין זייט, וויל זי נישט קאָנען אויך אויף דער אַנדערער זייט?

„ווייטער וועט שוין אַזעלכעס נישט פאָרקומען" — מיט וועלכען כוח פערזיכערט זי אונז דאָס? און האָט זי נישט באותו רגע ערשט געזאָגט, אַז איהר פּאָליציי און איהר מיליטער קאָנען נעבעך גאָרנישט טהון? און איז איהר זכרון אַזוי קורץ אָדער רעדט זי איהרע ווערטער אַזוי וויט אַרוים אָהן מיטאַרבייטונג פון געהירן, אַז זי ווייסט אַ מינוט שפּעטער נישט מעהר, וואָס זי האָט אָט אָט זיך אַרויסגערעדט? מעהר וועט שוין אַזעלכעס נישט

געשעהן! וויפיעל הונדערטער מאָל האָט זי שוין אונז דאָס געזאָגט? ביי וועלכען פּאָגראָם און ביי וועלכען עפּענטליכען סקאַנדאַל האָט שוין נישט אייראָפּאַ געהערט די דאָזיגע ווערטער? און מיינט זי נאָך אַלץ, אַז זי נאַרט אַ וועלט אָב מיט דער דאָזיגער קאָמעדיע? אָדער קען זי ווירקליך אַזוי גוט אַ וועלט, אַז זי ווייסט, דאָס סוף־כל־סוף וועט מען איהר אַלע־מאָל ווידער און אַלעמאָל פונדאָסניי גלויבען, ווי טאַקי מיר זעהען אין דער אמת׳ען? אָפּט ווילט זיך לאַכען פאַר גרויס טרויעריגקייט: דאָ איז מען אונז מבטיח, אַז מעהר וועט אַזעלכעס נישט דערלאָזען ווערען, און אין „קיעווליאַנען״ איז אָבגעדרוקט מיט גרויסע אותיות אַ התראה צו די יודען פון דער קיעווער אָבטיילונג פונ׳ם עכט־רוסישען פעראיין און פון די אַנ־דערע פּאַטריאָטישע אָרגאַניזאַציעס: „מען איז מתרה אַלע יודען, אַז דאָס אויפפלאַמען פונ׳ם שווער איינגעהאַלטענעם פאָלקס־צאָרן אויף יודען קאָן דערגרייכען צו אַזאַ מדרגה, וועלכע וועט פיהרען צו אַ האַרטער און בלוטי־גער נקמה, וואָס קאָן האָבען אַ טרויעריגען סוף״. פאַרוואָס זעהט די רעגירונג נישט, אַז דאָרט אין קיעוו, זאָל „אַזעלכעס״ נישט מעהר געשעהן, ווי עס איז געשעהן אין אָדעס? אָדער וואַרט זי ביז דער פּאָגראָם אין קיעוו וועט זיין געוועזען, אום צו קאָנען דאַן זאָגען, אַז מעהר וועט אַזעלכעס נישט געשעהן? צוויי יאָהר לאַנג אָהן שום הפסקה האָבען מיר געהאַט פּאָגראָ־מען אין אָדעס און די רעגירונג האָט געשוויגען — יעצט פּלוצלינג וועט זי נישט מעהר דערלאָזען!

יאָהרען לאַנג האָט מען גענעהרט אַ שלאַנג, מען האָט זי אַרומגעטראָ־גען אין בוזעם און מען האָט זיך געשפּיעלט מיט איהר, דער פעראיין פון די עכט־רוסישע איז געווען ביי דער רעגירונג דער שוואַרץ־אַפּעל פונ׳ם אויג — און איצט זענען דאָס די פּרוכטען. אפשר איז די רעגירונג שוין ווירק־ליך מאַכטלאָז. און אָנשטאָט דעם גיפט צו פערהאַלטען, האָט מען איהם מיט אייגענע הענד מעהר און מעהר פערשפּרייט. אָט האָט מען נאָך אין דער לעצטער מינוט מודיע געווען, אַז אין די מאָסקווער הויכשולען ווערען יודען אָנגענומען נאָר דריי פּראָצענט. אָט האָט דער מיניסטער פון פאָלקס־בילדונג נאָר־וואָס צעשיקט אַ צירקוליאַר צו די רעקטאָרען פון די אוניווער־זיטעטען וועגען איינפיהרען פונדאָסניי די פּראָצענט־ בעגרענצונגען פאַר

יודישע סטודענטען און אז אין שולען, וואו די פראָצענט-נאָרמע פון יו־
דען איז שוין פול פון פאָריגען יאָהר, זאָלען יודען היי-יאָהר איבער הויפט
נישט צוגעלאָזען ווערען. אָט האָט מען כמעט אַלע יודישע צײ־
טונגען אין רוסלאַנד (הזמן, פאָלקס־צייטונג, דאָס וואָרט, פאָלקס־שטימע,
נאַציאָנאַל־צייטונג) פערמאַכט. אָט האָט דער סענאַט ארויסגעגעבען אַן
ערקלערונג, אַז דאָס געזעץ וועגען געוויסענס־פרייהייט, לויט וועלכען גע־
טויפטע יודען מעגען זיך אומקעהרען צו זייער יודישען גלויבען, איז צו
פערשטעהן אַזוי, אַז ביים אומקעהרען זיך צו דער יודישער אמונה, פער־
ליערט דער בעטרעפענדער אַלע זיינע רעכט, וועלכע ער האָט געהאַט אַלס
קריסט און ער טאָר דאַן אפילו חוץ לתחום נישט מעהר וואוינען. אָט האָט
מען אין אָדעס גופא בעוויזען דאָס אָננעהמען זיך פאַר יודענס-וועגען, דאַ־
דורך וואָס מען האָט עטליכע און אַכציג יודישע יונגעלייט ארעסטירט, ווייל
זיי האָבען זיך געשטעלט געגען דעם פאָגראָם: דאָס הייסט, זיי האָבען
זיך געפּרובט פערטיידינען מיט מסירות־נפש די עהרע פון זייערע שוועסטער
און דאָס לעבען פון זייער טאַטע-מאַמע. און דאָ וואונדערט מען זיך, ווען
די שוואַרצע באַנדעס שניידען די פרוכט פון דעם וואָס די רעגירונג האָט
געזייהט? און דאָ וואונדערט מען זיך, אַז באַלד נאָך אָדעס האָבען די
שוואַרצע דעם מוט ארויסצוטרעטען אין קיעוו מיט זייער התראה? און
דאָ וואונדערט מען זיך, אַז דער טויט און מאָרד, וועלכען מיר האָבען גע־
זעהען נעכטען פאַר אונזערע אויגען, קומען היינט איבער אונז?

# נײנאונדרײסיגסטער בריעף

דער אמת הויבט־אָן אַרויסצוקומען: אין אָדעס האָבען נישט די בוליגאַנעס געמאַכט אַ פּאָגראָם אויף יודען, נאָר אומגעקעהרט, די נידערטרעכטיגע יודען האָבען זיך פּלוצלינג אויפגעכאַפּט געגען די אונשולדיגע „עכטע“ און האָבען זיי געשלאָגען און גע׳הרגעט און פּאָגראָמירט — אַזוי ווענינגסטענס שטעהט אין די בעריכטען וועגען אָדעס, וועלכע איך האָב געליינט מיט מיינע אייגענע אויגען אין דעם לייב־אָרגאַן פון די עכטע רוסען. איך האָב אין דער ערשטער מינוט נישט געגלויבט מיינע אויגען. ווען אַלזאָ עס זאָל קומען צום ביישפּיעל אַ מאָל אַ מבול און זאָל פערפלייצען און אוועקוואַשען פון דער וועלט אַלע די טויזענדער בעריכטען און נאַכריכטען און בעשרייבונגען וועגען די לעצטע פּאָרפאַלען אין אָדעס און עס זאָל איבערבלייבען, ווי נח אין דער תיבה, נאָר דאָס איין־איינציגע ציטונגסבלאַט פון די עכטע רוסען, וועט דאַן שטעהן און בלייבען אין דער היסטאָריע, אַז אין אָדעס האָבען יודען די וואָך פאַר ראש השנה אין דעם און דעם יאָהר געמאַכט אַ שרעקליכען פּאָגראָם אויף אונשולדיגע רוסישע מענשען. אין דעם נומער 198 פון „רוסקאָיע זנאַמיאַ“, אַלזאָ אונגעפעהר אין דערזעלבער צייט, ווען עס זענען געפלויגען אין די וועלט אַרוים האַרץ־רייסענדע נאַכריכטען וועגען אַ נייעם יודען־פּאָגראָם אין אָדעס, לייען איך דאָרט ווערטליך פאָלגענדע טעלעגראַמע: „אָדעס. אַ בעוואָפענטער אָנפאַל פון יודען־בונדיסטען אויף די מיטגלידער פונ׳ם פעראיין פון די עכטע רוסען. די יודען־בונדיסטען זענען צום סוף גאָר אינגאַנצען געוואָרען ווילדע חיות און האָבען געמאַכט אַ מאַסען־אָנפאַל אויף די מיטגלידער פונ׳ם פעראיין פון די עכט רוסען. אַ טויזענד־קעפּיגע באַנדע יודען זענען נעכטען מיט ווילדע קללות ביים עק אוספּענסקאַ און פּרעאָבראַזשענסקאַ־גאַס בעפאַלען דעם פעראיינס־מיטגליד לעאָניד ניימאַן און האָבען איהם מיט אַ רעוואָלווער־קויל פערוואונדעט. דעמזעלבען טאָג האָט אַ באַנדע יודען ביים עק קאַנאַטנאַ און באַזאַרנאַ געמאַכט אָנפאַלען אויף פריעדליך־פער־

בי־געהנדע פעראיינס־מיטגלידער, און די דאָזיגע האָבען נאָר דעם צופאַל צו פערדאַנקען, וואָס זיי זענען ענטקומען דעם יודישען זעלבסט־געריכט. איבערהויפּט האָבען נעכטען די יודען אַרויסגעוויזען עפּס אַ בעזונדערע דרייסטיגקייט, און האָבען נישט געלאָזען פערבייגעהן אין גאָס קיין שום פעראיינס־מיטגליד. עס איז שווין צייט, מען זאָל די יודען אַביסעל האַל־טען אין צוים. דער צאָרן פון די רוסען וואַקסט און צום אומגליק איז שוין נישט מעהר ווייט".

איהר וועט זאָגען, אַז דאָס איז שוין צו נאַריש, און מען מוז זיך דערפון אויסלאַכען. ניין, טרויעריג איז עס און זעהר ערנסט מוז מען עס נעהמען! מען מוז נאָר רוסלאַנד קענען. טויזענדער לייענען נישט קיין אַנדערע צייטונג און קענען אַלע געשעהענישען אין רוסלאַנד נאָר פון דער דאָזיגער איינציגער קוועלע. איבערהויפּט אין די ביוראָקראַטען־קרייזען, און גאַנץ בעזונדערס אין די הויכע און אין די אַלערהעכסטע ספערען. גע־וויסע ביוראָקראַטען האָבען זייער אינטערעס דערביי, אַז אין די אויבערשטע ספערען און אין דעם אַלערהעכסטען אָרט זאָל מען געוויסע געשעהענישען קענען נאָר אין אַ געוויסען ליכט און נישט אַנדערש, און וועהרענד אַלע אַנדערע צייטונגען לאָזט מען נישט דאָרט אַהינקומען, ארבייט מען אַזוי געשיקט, אַז דווקאַ דאָס דאָזיגע בלאַט זאָל יאָ געלעזען ווערען און אַלעס, וואָס קומט פאָר אין רוסלאַנד, זאָל מען דאָרט קענען לערנען נאָר פון דער דאָזיגער איינציגער קוועלע. באופן זה ווערט מען דאָרט געוואָהר, אַז עפּעס אַ באַנדע יודען — וואהרשיינליך ווייל עס איז זיי צו גוט און ווייל זיי זענען בטבע רעוואָלוציאָניסטיש — פאַלען־אָן אויף רוהיגע פריעדליכע בירגער, וועלכע לעבען געוועהנליך ווי די טויבען אין דעם דאָזיגען רוהיגען אָדעם און האָבען נישט קיין אַנדערע דאגה און קיין אַנדערען לעבענס־צוועק ווי נאָר זיך מוסר־נפש צו זיין פאַר'ן פאָטערלאַנד און פאַר'ן צאַר. וואָס איז פאַר אַ וואונדער, אַז מען טעלעגראַפירט דאַן צום פּאָרזיצענדען פונ'ם רוסישען פעראיין און מען בענשט איהם און מען טרייסט איהם און מען איז איהם מבטיח, אַז די עכט־רוסישע זענען באמת'דיג די איינציגע שטיצע פון לאַנד און קייזער? איז דען אַ וואונדער, אַז נייע גזרות רעות געגען יודען ווערען אַרויסגעלאָזען טאָג־טעגליך און יודען ווערען גערודפ'ט

און געפיינוגט? — איך בין איבערציינגט, אַז אויב מען ווייסט אין פּעטער-האָף פון עפּעס אַנ׳אומגליק, וואָס איז געשעהן לעצטענס אין אָדעס, ווייסט מען נאָר, אַז יודען האָבען דאָרט געמאַכט אַ פּאָגראָם געגען אָרענטלעכע פיינע, עכטע רוסען!

עס איז אויך קיין וואונדער נישט, אַז דאָס ביסעל עכטע רוסען, וואָס ווערען געהאַלטען פון אַ טייל ביוראָקראַטען צוליעב זייערע אייגענע אינ-טערעסען, האָבען אויפגעהויבען לעצטענס דעם קאָפּ אין אַנ׳אופן ווי עס איז ביז יעצט נאָך נישט געווען. קרושעוואַן אין זיין „בעסאַראַביעץ״ שרייבט: ״דער פעראיין, נאָכדעם ווי ער האָט איינגעזעהן, אַז די יודען זענען די הויפּט-שולדיגע אין די אונרוהען פון רוסלאַנד האָט בעשלאָסען פאָלגענ-דעס: אין דעם טאָג, אין וועלכען עס וועט ענטדעקט ווערען אַ נייער אָנפאַל אויף דעם רוסישען קייזער, אָדער עס וועט געמאַכט ווערן אַ נייער אַטענטאַט אויף פּ. א. סטאָליפּין וועט אין רוסלאַנד קיין איינציגער יוד נישט בלייבען לעבען״. די אָדעסער כוליגאַן-צייטונג „זאַ צאַריאַ אי ראָדי-נו״ שרייבט אַנ׳אויפרוף צו די יודען, „אַז אויב זיי ווילען אָבהיטען זייער פערמעגען און זייער לעבען און ווילען אויסמיידען אַ שרעקליכע שחיטה, זאָלען זיי עפענטליך בעטען פערצייהונג ביים גאַנצען רוסישען פאָלק, דאָס הייסט, זיי זאָלען זיך אַלע פערזאַמלען מיט אַלע רבנים און אַלע קהל׳שע פאָרשטעהער אין די שולען, און דאָרט זאָלען זיי אָבגעבען אַ שבועה, אַז זיי זענען זיך מתחייב אַרויסצוגעבען אַלע שולדיגע אין די אונרוהען און און אויסצוליפערען אַלע אָנפיהרער פון דער רעוואָלוציע און אַלע אינטע-ליגענטע מענשען, וועלכע בעשעפטיגען זיך מיט פרייהייטס-אידעען, און הויפּטזעכליך זאָלען זיי מקבל זיין אויף זיך, נישט מעהר צו טראַכטען וועגען די נאַרישע פאַנטאַזיעס פון אַ יודישער גלייכבערעכטיגונג און אַ יו-דישער וועלטהערשאַפט, נאָר אומגעקעהרט, זיי זאָלען גרינדען אַנ׳עכט-יודישען פעראיין, וואָס זאָל שטעהן פאַר דער זעלבסטהערשונג פונ׳ם קייזער״. גראַף קאָנאָווניצין, דער אָדעסער פאָרזיצענדער פון די דאָרטיגע „עכטע״, שרייבט אַנ׳אויפרוף צו זיינע לייט, אין וועלכען ער וויל זיי כלומרשט צוריקהאַלטען פון רויב און מאָרד, און ער זאָגט: „האַלט איין איינער דעם צווייטען, האַלט זיך איין אויף אַ געוויסע צייט, דערשטיקט אויף אַ ווײַלע אייער גע-

רעכטען צאָרן, און ווען עס וועט נויטיג זיין, דאָס הייסט ווען די בונטאָווט־שיקעס וועלען אריבער די גרעניצען און וועלען ארויס אויף די גאַס, דע־מאָלט וועלען מיר, רוסישע לייט, זיין געצוואונגען ארויסצוטרעטען מיט געוועהר אין די הענד געגען דעם אינערליכער שונא פון רוסלאַנד". מיט אנדערע ווערטער: דערווייל, קינדער, מאַכט קליינינטשקע פּאָגראָמען און מיט דער צייט וועלען מיר מאַכען אַ גרויסע שחיטה.

און דאָס אַלעס געשעהט באַלד דערויף, ווי די רעגירונגס. און די פערוואַלטונגס־פּאָרשטעהער האָבען פערזיכערט פאַר דער גאַנצער וועלט, אַז פון איצט אָן וועלען זיי נישט מעהר דערלאָזען צו קיין יודען־פּאָגראָמען! נאָך מעהר: נישט נאָר די כוליגאַנען־צייטונגען ערלויבען זיך די אויבענ־דערמאָהנטע שפּראַך, נאָר זאָגאַר דאָס רעגירונגס־בלאַט אַליין רעדט מיט דעמזעלביגען טאָן. אין דער אָפיציעלער מיטטיילונג וועגען די אָדעסער געשעהענישען, זאָגט דאָס רעגירונגס־בלאַט, ווי דער שטייגער איז, אַז יודען זענען שולדיג; זיי האָבען זיך אָבגעגעבען מיט רעוואָלוציע, און דערפאַר איז דער פאָלקס־צאָרן ארויס אויף זיי. נאַטירליך רעכענט אוים דאָס אָפיציעלע בלאַט אַ גאַנצען צעטעל מיט נעמען פון רוסען, וועלכע זענען פערוואונדעט געוואָרען און פון יודען ווייסט עס נאָר עטליכע. און זעלבסטפערשטענדליך איז דאָס בלאַט מוסיף, אַז עטליכע יודען האָט מען געמוזט ארעסטירען און איבערגעבען צום קריעגס־געריכט. אַזוי זעהט אוים דער אָפיציעלער בעריכט פון דעם פּאָגראָם! אַזוי איז מען זיך נוהג, באַלד דערויף ווי מען האָט מבטיח געווען, אַז מען וועט דאָסמאָל געגוי נאָכפאָרשען און די שולדיגע בעשטראָפען! אַזוי רעדט די רעגירונג אַליין!

—איך מוז נאָר נאָך מוסיף זיין, אַז די צייטונג „ריעטש" איז געוואָרען בעשטראָפט מיט 500 רובעל געלד־שטראָף, ווייל זי האָט געבראַכט אַנ'אַר־טיקעל וועגען די געשעהענישען אין אָדעס.

אין אָדעס איז בין־כך־וכך שוין אָנגעקומען דער נייער שטאָדט־הויפּט־מאַן, וועלכער האָט אַזויפיעל גערעדט פון זיין גערעכטיגקייטס־ליעבע און האָט אַזויפיעל מבטיח געווען און אויף וועלכען מען האָט אַזוי שטאַרק גע־וואַרט. ווי עס ווייזט זיך ארוים, איז דאָס — אַ רוסישער טשינאָווניק. עס האָבען זיך פיעלע אין איהם טועה געווען.

## פערציגסטער בריעף

ווען אין רוסלאַנד טרעפט זיך אַמאָל אז עס פאַלט אראָב א דאך פון א דומא, אזוי אז מיטאמאָל קאָנען לעבעדיגערהייט בעגראָבען ווערען די גאַנצע פיער־פינפהונדערט פאָלקס־אויסדערוועהלטע, וועלכע מיר האָבען געשיקט אום אונז צו ראַטעווען, אָדער ווען עס מאַכט זיך אמאָל, אז א יאַכט־שיף, אויף וועלכען עס פאָהרט שפּאַצירען אין די פינלענדישע ספּע־רען דער קייזער מיט זיין גאַנצער פאמיליע, ווערט ארויפגעפיהרט מיט עכט־רוסישער גישיקטליכקייט און קונסט דווקא אויף דעם געפעהרליכטען פעלזען אין וואסער, אזוי אז דער טויט שטעהט פּלוצלינג אַלעמען פאַר די אויגען, דאַן ערשט ווערט געוועהנליך א שטיקעל גערודער און געפּילדער, מען קוקט זיך ארום וואו מען איז אין דער וועלט און מען הייבט אָן מפשפש צו זיין אביסעל אין די שעהנע מעשים דאָס הייסט נישט חלילה אינם לאַנד גופא קוקט מען זיך ארום און נישט חלילה די רעדעל־פיהרער אליין פון דער רוסישער שטאַטס־מאַשין הייבען אָן זיך אָבצוגעבען א דין־וחשבון פון דעם טרויעריגען צושטאַנד אין לאַנד און פון דער גרעניצ־לאָזער פערפוילטקייט אין יעדען ווינקעלע און אין יעדען פאך נאָר דאָס אויסלאַנד איז עס, וועלכעס עפענט ביי אזא געלעגענהייט פּלוצלונג די אויגען און רייבט זיי אביסעל אויס און שאָקעלט דעם קאָפּ און הויבט אָן צו פרעגען קשיות. רוסלאַנד אליין, דער גרויסער אונבעהאָלפּע־נער בער, ריהרט זיך אפילו ביי אזא מעשה אויך נישט; נישט בלויז א דאך און א קייזערליך יאַכט־שיף, נאָר אפילו א הימעל ווען ער זאָל איינ־פאַלען און א וועלט ווען זי זאָל אונטערגעהן, וועט עס איהם נישט ארויס־רייסען פון זיין אפּאַטיע. די רעגירונגס־רעדעל־פיהרער כאַפּען זיך באַלד ביי אזא שטיקעל סיבה צו דער מלאכה פון פערגלעטען, און למען־השם: מען זאָל נאָר נישט רעדען דערפון. די רעגירונגס־צייטונג ברענגט ביי אזא פאַל עפּעס א משונה׳דיגען בעריכט, פון וועלכען דו ווייסט נישט וועגען וואָס מ׳רעדט און וועגען וואו מען רעדט; די „נאָוואָיע ווערעמיא״, ווען זי

האָט גראָד נישט ביי א מחלוקה מיט די מיניסטאָרען, באַסעוועט צו און מאַכט אַלדינג כשר, און די סדרה קאָן ווידער אָנהויבען פון פאָרענט. עס איז עפּעס די מעשה פונ׳ם האָהן, וועלכער פיהרט זיך נישט שעהן וועה־רענד דעם כפרות־שלאָגען; מען ווישט אוועק און מען דרעהט ווייטער. ווען שוין איך זאָג, אַז מען רעדט דערפון, מיין איך, מען רעדט דערפון אין אויסלאַנד. נאַטירליך הערט מען נאָך עטליכע טעג אויך באַלד אין אויס־לאַנד אויף דערפון צו רעדען, און אַלעס בלייבט ווי געווען. מען וויל אַלץ נישט פערשטעהן, אַז דאָס איז נישט א מעשה מיט א דאָך אָדער מיט א יאַכט־שיף אליין: דאָס איז דאָס גאַנצע רוסישע לעבען, דאָס גאַנצע רוסישע וועזען, דאָס גאַנצע רוסישע געטוהעכץ פון אל״ף ביז תי״ו. אַלעס אין ביי אונז מעשה דאָך, אַלעס מעשה שיף. א דאָך און א יאַכט־שיף זענען אייגענטליך נאָר צופעליגע מוסטער־פּראָבען, וועלכע דאָס אויסלאַנד האָט דורך אונפּאָרזיכטיגקייט בעקומען צו זעהען; אין דער אמת׳ן אָבער איז דאָס גאַנצע לאַנד אזא מין דאָך, וואָס פאַלט איין איבער די קעפּ, דאָס גאַנצע לעבען ביי אונז אזא מין שיף, וואָס ווערט פערשלאָפענערהייט ארויפ־געפיהרט אויפ׳ן בוידעם. די טרויעריגע פערפוילטקייט ביז אויפ׳ן גרונד ווייזט זיך ארוים ביי אזא מעשה, טהאַטזעכליך אָבער איז עס בלויז א טיילעכעל פון דער אַלגעמיינער פערפוילטקייט, א מוסטער־שטיקעל, וואָס אונזער קאָמי־וואָיאַזשער דערלאַנגט אויך פון דער סחורה, וועלכע מיר האָבען אויף לאַגער. וואָס עס איז געשעהן אין די פינישע ספּערען איז נישט קיין קאַטאַסטראָפע; עס הענגט צוזאַמען אי מיט די מעשים אין אָדעס, אי מיט הורקאָ־לידוואַל, אי מיט סטעסעל, אי מיט צוסימאַ, אי מיט דעם דאָך פון דער דומאַ, בקיצור עס הענגט צוזאַמען מיט דעם גאַנצען פוילען, עיפּושדיגען, אַלטען, מלא־גניבה׳דיגען רעזשים. וואָס נוצט עס, ווען אמאָל ביי א סיבה, וועלכע איז צופעליג בעקאַנט געוואָרען אין אויסלאַנד, ווערט דערפון א גערעד א צוויי־דריי טעג? א טאָג שפּעטער איז שוין ווידער אַלעס שטיל און רוהיג, דאָס גערעד הערט אויף, די וועלט שמאַיעט ווייטער און האָט איהרע עסקים און — אין רוסלאַנד פוילט אַלעס ווייטער.

וואָס נוצט עס, ווען צום ביישפּיעל די לעצטע געשעהענישען אין אָדעס

האָבען אָנגעמאַכט אַ שטיקעל רעש און מען האָט גערעדט דערפון אַ צוויי־דריי טעג? איצט גאָט זיי דאַנק שווייגט מען שוין ווידער — און אין אָדעס ווערט דער פּאָגראָם ווייטער געמאַכט. נאָוויצקי, דער נייער שטאָדט־הויפּטמאַן, דער משיח אויף וועלכען מען האָט געוואַרט, איז דאָרט שוין אָנגעקומען און — אויף די אָדעסער גאַסען שלאָגט מען די יודען ווייטער. נייע הרוגים פון די לעצטע צוויי טעג זענען דאָ 5, פערוואונדעטע 25, אַ קינד אויפ׳ן אָרעם פון זיין מוטער איז דערשאָסען, בקיצור די אַרבייט געהט ווייטער. אין מחנות צו 50 מאַן בעווייזען זיך די „פּעראייגס־מיטגלידער" באַלד דאָ, באַלד דאָרטען און אַרבייטען מיט רעוואָלווערען און נאַגאַי־קעס. נאַטירליך, מישט זיך אַמאָל אויך די פּאָליציי אַריין, אום כלומ׳שט נישט צו דערלאָזען קיין עוולות, זי פאַלט אָבער אַ מינוט שפּעטער באַלד אַרוים פון דער ראָלע, מען פערגעסט די קאָמעדיע צו שפּיעלען און די הריגות געהען ווייטער. איבריגענס, טהוט די פּאָליציי מיט׳ן מיליטער אויך גאַנץ דירעקט דאָס זייעריגע, אום געגען יודען צו העצען און די פּאָגראָם־מאַכערס צוצוגבען מוט צו זייער אַרבייט: יום־כפּור צו כל־נדרי איז די פּאָליציי מיט׳ן מיליטער פּלוצלינג אַריין אין די אָדעסער סינאַגאָגע און האָט דאָרט געמאַכט רעוויזיעס ביי קליין און גרויס, ביי יונג און אַלט, און די רעוויזיעס האָבען געדויערט גאַנצע זעקס שטונדען. ביז איצט איז די סינאַגאָגע און יעדער מקום־קדוש געווען דער איינציגער אָרט, וואוהין דער פוס פון דער זשאַנדאַרמעריע האָט נישט געהאַט קיין צוטריט. זינט דער קאָנסטיטוציע האָט זיך די רעגירונג, ווי עס ווייזט זיך אויס, ליבעראַ־ליזירט אויך אין דעם דאָזיגען פּונקט. נאַטירליך געשעהט עס, וויל „די יודען זענען אַליין שולדיג", זיי זענען רעוואָלוציאָנערען, און דערום האָט מען דאָס רעכט ביי זיי צו ייבען באָמבעס און געוועהר אויך אין די קיט־לען און צווישען די מחזורים און אפילו בשעת אַ פּאָגראָם. אגב טהוט דאָך די רעגירונג לפנים משורת הדין אפילו ביי אַזעלכע מורדים און פושעים ווי יודען זענען און זי „בעשיצט" זיי. „אַ דאַנק די בייציייטענס אָנגענו־מענע מיטלען — זאָגט זי אין אַ צירקוליאַר — איז קיין פּאָגראָם נישט דער־לאָזען געוואָרען". דאָס בלויז אין די אָדערען קאָן איינעם פערגיפטעט ווערען און עס כאַפּט אַרום אַ מין אונענדליכע פערצווייפלונג, ווען מען

הערט די דאָזיגע צביעות! „די פּאָליציי — זאָגט ווייטער דער צירקוליאַר — דאַרף זיין דער איינציגער בעל־הבית אין גאַס". רבונו־של־עולם, שיץ דיין פאָלק ישראל פון דער דאָזיגער איינציגער בעל־הבית'ישקייט!

בין־כך־וכך הערען די פּראָצעס־קאָמעדיעס וועגען פּאָגראָמען גאָרנישט אויף. צו וואָס די רעגירונג שפּיעלט גראָד איצט די דאָזיגע קאָמעדיעס, איז נישט רעכט צו פערשטעהן. מען מאַכט פּראָצעסען, צוויי, דריי ווערען פערמשפּט, און דער קייזער בעגנעדיגט זיי דאַן. דאָס איז דער נייעסטער גאַנג פון דער רוסישער גערעכטיגקייט. דען דער וועלט מוז דאָך בעוויזען ווערען, אז „מיר" זענען מענשען פון משפּט און פון גערעכטיגקייט. אין קאַלאַראַש, בעסאַראַביען, איז אין נאָוועמבער 1905 געמאַכט געוואָרען א פּאָגראָם. 33 יודען זענען דענסמאָל אומגעבראַכט געוואָרען, 9 זענען אומגעקומען ביי די שרפית פון הייזער, וועלכע זענען דאָרט אונטערגעצונ־דען געוואָרען; אַלע יודישע הייזער ביז אויפ'ן לעצטען זענען דעמאָלירט געוואָרען. דער חורבן איז געווען אַזאַ גרויסער, אז אפילו דענסמאָל אין דעם גרויסען פּאָגראָם־סעזאָן האָט זיך דער קאַלאַראַשער פּאָגראָם ארויס־געזעהן. נון איז מען שוין אַזוי ווייט, אז מען מאַכט איצט דעם פּראָ־צעס. 40 מערדער, רויבער און אונטערצינדער זענען געכאַפּט געוואָרען, 277 עדות זענען פאַרהאַן, 93 גראַבעוועטע יודען טרעטען ארויס אַלס קלעגער, און פאָרט זעהט מען עפּעס מערקווירדיגעס: דער אַקט פון דער אָנקלאַגע איז געשריבען עפּעס ווי אַנ'ארטיקעל אין דער „רוסקאַיע זנאַ־מיא", א פּאַמפלעט נאָך אַלע דינים געגען די יודען. עס זעהט אויס, ווי ווען די יודען וואָלטען זיין די אָנגעקלאָגטע. כאַראַקטעריסטיש איז, אז דער דאָזיגער דאָקומענט איז פערפענטליכט געוואָרען דווקא אין קרושע־וואַנס צייטונג „דרוג". וואָס דער פועל־יוצא פון אַזאַ פּראָצעס קאָן זיין, קאָן מען לייכט פערשטעהן, און ווען צוויי־דריי פון די דאָזיגע „לייט" ווע־לען כלומר'שט יאָ פעראורטיילט ווערען, וועלען זיי צוויי וואָכען שפּעטער פון זיינער מאַיעסטעט דעם צאַר בעגנעדיגט ווערען. איבריגענס, איז א פועל־יוצא פון אַזעלכע פּראָצעסען פאָרט פאַרהאַן: די בלעטלעך פונ'ם „פאָלקס־פעראיין" דרוקען אָפענע אויפרופען צו מאַכען נייע פּאָגראָמען. „די יודען — שרייבט גראַף קאָנאָווניצין אין זיין צייטונג — ווילען פער־

כאַפּען דאָס גאָלד פון דער גאַנצער וועלט. דאָס קאָן זיך זיי איינגעבען, אָבער דאָס איז נישט אַזוי שרעקליך, ווייל אַ קליינע באַנדע פון גאַסען־יונגלעך קאָנען דאָס צוריק אָבנעהמען ביי זיי". אין אַנ'אַנדער אַרטיקעל זאָגט אַ שרייבער: „ס'איז נישט ווייט דער טאָג, ווען די גוטהערציגע מאָלדאַווענעס וועלען זיך בעגעהן מיט יודען, ווי די אַמאָליגע רוימער, וואָס האָבען אויסגעשאָכטען אין איין טאָג 400,000 פון די דאָזיגע מיאוסע בעשעפענישען". און אין אַ ווייטערען נומער לעזען מיר דעם אויפרוף: „עס לעבע דאָס פאָלקס־געריכט!" — נאַטירליך איז אַ צוויי־דריי טאָג שפּעטער איז אין קיעוו פאָרגעקומען אַ קליינער פּאָגראָם, און עטליכע יודען זענען שווער פערוואונדעט געוואָרען. נישקשה — בעגנעדיגט וועלען די פּאָגראָמשטשיקעס שוין ווערען!

# איינאונפערציגסטער בריעף

איהר קענט דאָס אַלטע ליעדעל, וואָס דאָס פאָלק זינגט ביי אונז? — „תשעה־באב די חתונה איז קיינער נישט געקומען". עפּעס האָבען מיר אַ דומאַ, עפּעס זענען עס וואַהלען, עפּעס איז עס אַ מין טרויעריגע, תשעה־באב'דיגע חתונה — און קיינער קומט נישט. פון נאָהנט און ווייט זענען שוין פאַרהאַן נאַכריכטען וועגען דעם גאַנג פון דער וואַהל־קאַמפּאַניע אין גאַנצען לאַנד, און דאָס בילד, וואָס מיר קריגען דורך די דאָזיגע נאַכריכטען, איז אַ זעהר טרויעריגס: דאָס פאָלק, ווי עס ווייזט זיך אויס איז כמעט אינגאַנצען אינדיפערענט די צאָהל פון די, וועלכע זאָגען זיך אָב גענצליך אָבצוגעבען זייער שטימע, איז אַ שרעקליך גרויסע; אין פּעטער־בורגער גובערניע אַליין איז די דאָזיגע צאָהל געשטיגען ביז 96 פּראָצענט. פון 100 אַלזאָ, וועלכע האָבען דאָס רעכט צו וועהלען, זענען געקומען צו די וואַהלען נאָר 4! און נון הויבט מען אָן צו זוכען דעם טעם פאַר דעם דאָזיגען אינדיפערענטיזם; נאַטירליך זוכט נישט די רעגירונג, נאָר די ליבעראַל פּרעסע. דאָס פאָלק — זאָגט דער „טאָווארישטש" — האָט זיך ענדליך אַרומגעקוקט און האָט געזעהן, אַז מען נאַרט עס; עס האָט גע־זעהן, אַז מען האָט קאָמעדיע געשפּיעלט מיט איהם אין די ערשטע צוויי דומאָס, און איצט גלויבט עס נישט מעהר און וויל נישט מעהר געבען זיין האַנד צו אַ נאַרישער קאָמעדיע, צו אַ דריטער דומאַ, וועלכע וועט איהם סיי־ווי־סיי גאָרנישט געבען אָדער וועלכע וועט אין בעסטען פאַל נאָך עט־ליכע מאָל 24 שעה פונאַנדערגעיאָגט ווערען. דאָס פאָלק—ערקלערט דער „ריעטש"—איז דורך די נייע וואַהל־געזעצען מיסטרויאיש געוואָרען און איז בשום אופן נישט אָוועקצוברענגען פון דער אַנזיכט, אַז די דריטע דומאַ מוז דורכאויס ווערען אַ רעאַקציאָנערע, און דעריבער וויל עס בעסער גאָרנישט האָבען קיין עסקים מיט איהר. אַמנאָהנסטען צום אמת זענען אָבער די מאָסקווער „רוסקיא וויעדאָמאָסטי". זיי שרייבען: די רעגי־רונג אַליין וויל נישט, אַז דאָס פאָלק זאָל קומען און וועהלען. זי האָט

אַלעם מעגליכע געטהון, אום דאָס פאָלק פון די וואהלען אָבצוהאַלטען; זי האָט מיט אָבזיכט אזא פערדרעהט און פערוויקעלט וואהל־סיסטעם גע־שאַפען, אין וועלכען אַ פּראָסטער רוסישער מענש מיט זיין פּראָסטען מוח און זיין נידעריגער אינטעליגענץ זאָל נישט וויסען וואו אריין וואו ארויס, אַזוי אַז דער קאָפּ זאָל זיך איהם דרעהען און ער זאָל זיך ענדליך אָבזאָגען פון דער גאַנצער מאַכעריי. דערצו קומט נאָך, אַז דער פּרעסע אין דער פּראָ־ווינץ האָט מען אָנגעטהון אַ מויל־קאָרב און מען לאָזט זי נישט רעדען קיין וואָרט, אַזוי אַז זי קאָן קיין שום בעלעהרונג און קיין שום עצה דעם איינ־פאַכען פאָלק נישט געבען. אַזוי אויך זענען שטרענג פערבאָטען געוואָרען אַלע פאָר־פערזאַמלונגען און יעדער מין פון וואהל־אַגיטאַציע איז דאדורך אינגאַנצען אונמעגליך געמאַכט געוואָרען. און ווירקליך, קוקט מען זיך אַביסעל צו, זעהט מען קלאָר ווי אַזוי די רעגירונג ארבייט אָב דאָס דאָזיגע שטיקעל, זי מאַכט, למשל, די טערמינען פון די וואהלען אַזוי, אַז זיי בליי־בען אַ סוד פאַר'ן גרעסטען טייל פון דער בעפעלקערונג. על־פּי־רוב איז זי מודיע פון די טערמינען צו די וואהלען נאָר אין דער אָפיציעלער גובערניאַ־לער צייטונג, וועלכע קיין מענטש לייענט נישט, אַזוי אַז מיר האָבען אַ גאַנ־צע מאַסע פון ביישפּיעלען, וואו די בעפעלקערונג האָט זיך דערוואוסט שוין פון די רעזולטאַטען פון די וואהלען ערשט דורך די פּעטערבורגער בלעטער, נאָכדעם ווי די וואהלען זענען שוין לענגסט געווען געשעהען. אַזוי ארבייט אַ קלוגע רעגירונג, אַ רעגירונג, וועלכע קאָן זיך בשום אופן נישט בעגעהן אָן אַ קאָנסטיטוציע!

און פאָרט העלפען איהר די דאָזיגע אַלע קונצען און אויבער־המצאות ווי אַ טויטען באַנקעס. זיי העלפען איהר ווי עס האָט געהאָלפען דער קריעגס־צושטאַנד און דער בעלאַגערונגס־צושטאַנד און די פערשאַרפטע צענזור און דער חילול־שבועה ביי דעם איבערמאַכען פון די קאָנסטיטוציע־גרונדגעזעצען. די דומאַ איז און בלייבט אַנ'אָפּאָזיציאָנעלע. דער גרעס־טער טייל פון די, וועלכע וועלען אריין אין די דריטע דומאַ, אַזוי ווייט ווי דאָס לאָזט זיך שוין איבערבליקען, געהער צו די לינקע פּאַרטייען: קאָ־דעטען און סאָציאַל־רעוואָלוציאָנערען. די רעגירונג רופט זיי דערווייל נאָך „אונפּאַרטייאישע", אָבער די דאָזיגע חכמה קענען מיר שוין. עס איז אַ

פּנים נישט זעהר ליכט, דאָס ראָד פון דער געשיכטע צוריקצודרעהען; נאָך שווערער נאַטירליך איז, אַז מען זאָל אַ רעגירונג קאָנען איבערצייגען פון דעם דאָזיגען אייביגען וועלט־אמת. אַלעמאָל געפינט זיך עפּעס אַ נייער יאָלד, וועלכער כאַפּט זיך צו דער דאָזיגער מלאכה פון צוריקדרעהען און רעדט זיך איין, אַז ער וועט דאָס קאָנען; דאָסמאָל שטעהט ביי דער מאַ־שין דער הערר סטאָליפּין. די אונצופרידענהייט אין פאָלק וואַקסט פון טאָג צו טאָג; די פּויערים ברענען כסדר דערפער און מאַכען חרוב גאַנצע געגענדען, דאָס מיליטער און בעזונדערס דער פלאָט בונטעוועט זיך, די אָנפאַלען מעהרען זיך אין יעדען אָרט, דאָס לאַנד וויל און וועט האָבען זיינע רעפאָרמען — און סטאָליפּין שטעהט דערווייל ביים ראָד און דרעהט צוריק. אָרימער סטאָליפּין!

איבעריגענס, מאַכט סטאָליפּין זיין אַלט קונצשטיקעל און וואַרפט דעם עולם פון צייט צו צייט אַ לעקעכעל. דאָסמאָל איז אַ לעקעכעל, געפילט מיט דעם פּלאַן צוצולאָזען יודען וואוינען פּר"יי אין גאַנץ רוסלאַנד. דער־וויל נאַטירליך איז עס בלויז אַ פּלאַן, אַ צירקוליאַר. צו וואָס ער בעדאַרף דעם דאָזיגען פּלאַן און צו וועלכען צוועק ער מוז דאָס האָבען גראָד איצט צו דער מלאכה, ווייסט מען זעלבסטפערשטענדליך נישט. גענוג אָבער איז אַז דער פעראיין פון די עכטע רוסען ער האָט קודם־כל געמאַכט אַ קאָ־פּיע פון דעם דאָזיגען צירקוליאַר און האָט איהם פונאַנדערגעשיקט צו אַלע זיינע פיליאַלען. דאַן האָט דער צענטראַל־קאָמיטעט אָנגעהויבען צו פייערען מיט בראַנד־אַרטיקלען און האָט אָנגעהויבען צו בעווייזען אַלע זיינע מיט־גלידער, וואָס פאַר אַ שרעקליכע סכנה עס וואַרט דאָ אויפ'ן גאַנצען רוסישען פאָלק. צום סוף איז דער בעשלוס געפאַסט געוואָרען, אָנצוהויבען אַ נייע סדרה מיט טעלעגראַמען צום צאַר; אַלע פיליאַלען און אַלע פּריוואַטע־מיטגלידער האָבען די פליכט, טאָג־טעגליך און גאַנצע וואָכען לאַנג אָבצו־שיקען טעלעגראַמען צום צאַר און איהם צו בעטען, אַז ער זאָל למען־השם מבטל זיין דעם צירקוליאַר פונ'ם אינערן־מיניסטער וועגען דעם פרייען וואוינרעכט פון יודען אין גאַנץ רוסלאַנד און זאָל בעפעהלען, מען זאָל דעם יודישען „תחום־המושב" פעסטער מאַכען לויט דעם אַלטען געזעץ, אַזוי אַז אַלע יודען, וועלכע האָבען זיך, ווי עס איז אַריבערגעכאַפּט איבער

דעם תהום, זאָלען געצוואונגען ווערען ווידער צוריק אין די בודע. — איז אפשר דער גאַנצער פּלאַן פון סטאָליפּין בעשאַפען געוואָרען נאָר אום דעם דאָזיגען פּראָטעסט ארויסצורופען? אַן'אומגליקליכער מענטש, דער דאָזיגער סטאָליפּין, ער וויל זיין ליבעראַל, ווייל דאָס איז שוין אַזוי זיין טבע, נאַר מען לאָזט נישט!

גלייכער טויזענדמאָל פון דער דאָזיגער לעבערליכער שפּיעלעריי מיט דעם אַלערהייליגסטען פערמעגען פון דער מענשהייט, מיט דער פרייער לופט פאַר אַ קלאַס מענשען, ווי עס טרייבט אַ סטאָליפּין, איז שוין די אָפענע שנאה אָהן אַ שום מענטעלע, ווי מיר געפינען זי אין דעם אַנדערען לאַגער. פון פּעטערבורג קומט מיר אָן די נאַכריכט, אַז אין קייזערליכען הויף ווערט געשאַפען אַ נייע שטעל: די שטעל פון אַ געהילף פון פּאַלאַץ־קאָמענדאַנט פאַר ציוויל־זאַכען. פאַר דעם דאָזיגען וויכטיגען פּאָסטען ווערט אויסגעקליבען ראַטשקאָווסקי. איהר געדענקט אפשר, ווער ראַטשקאָווסקי איז? אונזער איינער, זעהט איהר, וועט דעם נאָמען נישט אַזוי לייכט פערגעסען געוועזן איז ער אַמאָל טשינאָווניק אין פּאָליציי־דעפּאַרטאַמענט און אויב איהר ווייסט, האָט מען אַמאָל אין אַ דומאַ־זיצונג אויפגעדעקט סודות וועגען אַ געהיימער פּאָגראָם־אָרגאַניזאַציע אין פּאָליציי־דעפּאַרטאַמענט, וועלכע איז געפיהרט געוואָרען פון דעם דאָזיגען ראַטשקאָווסקי, דען ער האָט געהאַט דאָרט אין אַ געהיים־חדר איינגעריכטעט אַ געהיימע דרוקעריי, אין וועלכער עס זענען געדרוקט געוואָרען פּראָקלאַמאַציעס און אויפרופען צום פאָלק אום צו מאַכען פּאָגראָמען. נאָך דעם סקאַנדאַל אין דער דומאַ, וועלכען עס האָבען געמאַכט וועגען דעם מאַקאַראָוו און לאָפּוכין, האָט ראַטשקאָווסקי געמוזט פערשוואונדען ווערען. איצט, ווי עס ווייזט זיך, איז זיין צייט ווידער געקומען. ער וועט איצט פערנעהמען איינע פון די וויכטיגסטע שטעלען, דען ער קריגט די פולמאַכט צו קאָנען פערלאַנגען פאַר זיך צו יעדער צייט אַלע אַקטען פון דעם פּאָליציי־דעפּאַרטאַמענט. אויף אַזאַ אופן ווערט בעשאַפען אַ נייער מין פּאָליציי־דעפּאַרטאַמענט אין דעם הויף אַליין אין דער נאָהנסטער שכנות פון זיין מאַיעסטעט דעם צאַר. דאָס איז, ווענינגסטענס, אָפען און עהרליך. דאָ שפּיעלט מען נישט מיט ליבעראַליזם, דאָ זאָגט מען אָפען ארויס וואָס מען וויל. מען

זויל אַ פּאָליצײ־דעפּאַרטאַמענט און מען וויל פּאָגראָמען. עס איז אַלזאָ גאָר קיין וואונדער נישט, וואָס עס ווידערהאָלט זיך אין דער לעצטער צייט כמעט טאָג־טעגליך די אינטערעסאַנטע ערשיינונג, דאָס יעדער פּעראָורטייל־טער פּאָגראָם־מאַכער ווערט אַלערהעכסט בעגנעדיגט די ווידערהאָלונג פון דער דאָזיגער ערשיינונג איז געוואָרען זינט עטליכע וואָכען אַזוי רעגעל־מעסיג און אַלטעגליך, אַז עס האָט אַ פּנים, ווי מען וואָלט דאָס ווען ווייזען מיט אַ כיוון. עס קאָן גאָרנישט שאָדען, מען זאָל דאָס אומעטום ווייסען און מען זאָל נישט זיין אַמאָל אין טעות.

# צווייאונפערציגסטער בריעף

אין רוסישען איז פארהאן א ווארט „וורעמעננא״, דאס איז טייטש: אויף דערווייל, פארלויפיג, צייטווייליג — און הערט מען אמאל, אז די רוסישע רעגירונג האט עפעס געטהון אדער האט עפעס מתקן געוועזן א תקנה אויף דערווייל, „וורעמעננא„ הייסט עס קאן איינעם שוין קאלט און ווארעם ווערען אין רוקען. מען ווייסט שוין ביי אונז, וואס דאס בעדייט. עס איז עפעס ביי אונזער רעגירונג ווי ביי גאט להבדיל; טויזענד יאהר זענען א טאג און א דערווייל קאן אמאל דויערען א הונדערט יאהר. דאס איז שוין אזוי דער דרך פון דער „ברייטער נאטור״. אלעס גרויס, אלעס ברייט, אלעס אונענדליך. א שפיי ווערט באלד א גאנצער ים, צו א פאפיראס נעהמט מען נישט קיין צינדהעלצעל, נאר באלד א גאנצען וואלד, ביי א סאמאוואר טרינקט מען באלד א פופציג גלאז טהיי, און ברויכט מען אמאל אין הויף פאר א קאפיקע א חלב'ן ליכטעל, אום עפעס דערמיט צו בעשמירען, וועט באלד דער הויף־מיניסטער צושטעלען א רעכענונג פונ'ם הויף־ליפעראנט אויף א הונדערט־טויזענד רובעל פאר עטליכע פוד ליכט. דאס איז דאס ברייטע, דאס געוואלדיגע, דאס אונענדליכע. איז א וואונדער, ווען ביי אזא נאטור פון א פאלק ציהט זיך אמאל אויך דאס „וורעמעננא״ פון א רעגירונג אפט אביסעל רעכט אין דער לענג? אט האבען מיר, למשל, די „טשערטא״ — דעם תחום המושב פאר יודענס־וועגען. איהר זאלט נאר קיין טעות נישט האבען; דאס איז נישט א פעסט און פערטיג געזעץ, וואס דער געזעצגעבער האט עס אמאל ארויסגעלאזען. ניין, דאס איז, זעהט איהר, נאר א וורעמענני געזעץ, א תקנה אויף דערווייל, בשעת יעקאטערינע די 2־טע האט זיך בעשעפטיגט מיט דער פראגע וועגען יודען, און נאך איהר דער קייזער אלעקסאנדער דער 1־טער, איז די דעמאליגע רעגירונג געפאלען אויף דעם שכל, איידער ווי וואס ווען, דאס הייסט איידער מען וועט צונויפשטעלען א פעסט און ענדגילטיג געזעץ פאר יודענס־וועגען, זאל מען „אויף דערווייל״ עפעס מתקן זיין, און אזוי איז

געבוירען געוואָרען דאָס דערוויילינע געזעץ פונ'ם „תחום־המושב", אז יודען מעגען וואוינען נאָר אין א בעשטימטער צאָהל פון שטעדט אין רוס־לאַנד, און דאָס דאָזיגע דערווייליגע געזעץ דויערט שוין אנ'ערך פון הונ־דערט יאָהר. דאָס איז, זעהט איהר, עכט רוסיש. אָט אזוי זענען מיר אויך געלייטזעליגט געוואָרען מיט די „ווּרעמענניא פּראַווילא" (די דערוויי־ליגע תקנות) פון איגנאַטיעוו. נאָך אַלעקסאַנדער דעם 2־טענס טויט האָט זיך די רעגירונג אַרומגעזעהן, אז מען מוז מאַכען עטלעכע רעפּרעסיעס, און אזוי האָט איגנאַטיעוו, דער דעמאָליגער רעדעל־פיהרער פון דער רעגי־רונג, אַרויסגעלאָזען זיינע דערווייליגע תקנות, וועלכע ער האָט בעשטימט, אז יודען טאָרען דערווייל נישט וואוינען אין דערפער און טאָרען דערווייל נישט אַנגענומען ווערען אין די גימנאַזיעס און אין די אוניווערזיטעטען מער ווי צו פינף און צו צעהן פּראָצענט, און טאָרען דערווייל נישט האַנדלען מיט דעם און מיט יענעם און אזוי ווייטער און אזוי ווייטער. און ווייסט איהר, ווי לאַנג עס דויערט דערווייל שוין דער דאָזיגער „דערווייל"? עס דויערט שוין דערווייל זעקס און צוואַנציג יאָהר לאַנג, און קאָן און וועט נאָך אוודאי אזוי אָבדויערען א הונדערט יאָהר! דאָס איז, זעהט איהר, רוסלאַנד. אייגענטליך איז עס א דערווייל, אָבער צו דעם עסק גופא שאָדט עס גאָר־נישט, נישקשה אזא מעשה קאָן שוין דויערען א הונדערט און אויך א צווייהונדערט יאָהר. אזוי, למשל, האָבען מיר איצט, צוליעב דער רעוואָ־לוציע, געקראָגען עטליכע אויסנאַהמסגעזעצען! בעלאַגערונגס צושטאַנד, פערשאַרפטער אויפזיכטס־צושטאַנד, קריעגס־צושטאַנד און נאָך פיעל אַנ־דערע „צושטאַנדען". נאַטירליך איז דאָס אַלעס נאָר אויף דערווייל, „וורע־מעננא", דען עס איז דאָך נור צוליעב דעם רעוואָלוציאָנערען צושטאַנד אין לאַנד. אָבער זיכער בין איך, אז די דאָזיגע אויסנאַהמס־געזעצען, די דאָזיגע צושטאַנדען אויף דערווייל, וועלען דויערען און דויערען עד שיבוא אליהו און וועלען וואַהרשיינליך קיינמאָל נישט אויפהערען; דאָס הייסט, אזוי לאַנג ווי די רעגירונג וועט דויערען און עס וועט קיין אַנדער קראַפט נישט קומען אויף איהר שטעל. ווען עס זאָל זיך ווענדען אזוי אָן דער רע־גירונג אַליין, וועט בוודאי ובוודאי אזא בעלאַגערונגס־צושטאַנד און אזא קריעגס־צושטאַנד נאָך דויערען א הונדערט יאָהר. די בעאַמטע וועלען

נעהמען דאָפּעלטע שכירות ביז משיח וועט קומען און וועלען שיסען און שלאָגען און הרג'ענען און מאַכען הויז־זוכונגען און גאַסען־רעוויזיעס און עס וועט קיינעם נישט קומען אין זין אריין, אַז מען דאַרף דאָס אמאָל אָבשאַפען. אדרבא, אין אַ שטאָט, וואו עס קומט קיין שום זאַך נישט פאָר, וועט די פּאָליציי אליין מאַכען עפּעס אַנ'אָנפאַל אָדער אַנ'עקספּראָפּיאַציע, צו האָבען אַנ'אויסרייד, אַז עס איז אונרוהיג און מען דאַרף דעם בעלאַגערונגס־צושטאַנד פערלענגערען, ווי איך האָב אייך מיטגעטיילט אַ מאָל אין מיין לעצטען בריעף. אַזוי, למשל, האָט מען אויך איינגעפיהרט „אויף דערוויילע" צו בעשטראָפען רעדאַקטאָרען; און דאָס איז אַזוי אריינגעקומען אין גאַנג, אַז עס איז שוין כמעט נישטאָ קיין איינציגער רעדאַקטאָר פון אַנ'אַנשטענדיגער צייטונג, וועלכען די רעגירונג זאָל נישט האָבען צוגענומען זיינע עטליכע רובעל און זאָל איהם נישט האָבען געמאַכט ביינאַכט אַ וויזיט, אום איהם צו אַרעסטירען. מען האָט אין ווארשאַ אליין אַזוי אַרעסטירט אין לויף פון די לעצטע 5 טעג אַ 3 רעדאַקטאָרען. און דאָס וועט שוין אַזוי בלייבען און בלייבען אויף דורות אַרוים; עס איז דאָך דערפאַר אַ תקנה אויף דערווייל. צענזור, למשל, איז אָבגעשאַפט; דערפאַר אָבער האָבען מיר אַ תקנה אויף דערווייל, אַז מען קאָנפיסקירט יעדער נומער צייטונג נאָכ'ן דרוקען און מען לאָזט קיין וואָרט נישט אַרויסרעדען. איך האָב מורא, אַז ס'זאָל קומען עפּעס אַ שינוי צוליעב מעשים פון דעם צד השני. די רעגירונג אליין, ווען עס זאָל זיך ווענדען אָן איהר, וועט אוודאי ובוודאי דאָס נישט ענדערען. דאָס, זעהט איהר, איז שוין אַזוי מעשה רוסיש. אַלעס איז „אויף דערווייל". אַז מען הערט אין רוסלאַנד, דאָס די רעגירונג האָט עפּעס מתקן געווען אויף דערווייל, ווערט איינעם קאַלט און וואַרעם.

עס קומט מיר היינט אָן די נאַכריכט פון פּעטערבורג, אַז אין רעגירונגס־קרייזען רעדט מען איצט פיעל וועגען דעם פּראָגראַם, מיט וועלכען די רעגירונג האָט בדעה צו קומען אין די דריטע דומאַ אריין. וועגען דער אַגראַר־פראַגע וועט מען דער דומאַ מודיע זיין, אַז די רעגירונג וועט בשום אופן שבעולם נישט דערלאָזען, מען זאָל עקספּראָפּריאירען דעם פּריוואַטגוטסבעזיצער; וועגען די נאַציאָנאַלע פראַגען זאָל מען וויסען, אַז די

אויטאָנאָמיע פון פוילען בעטראַכט די רעגירונג פאַר א רעוואָלוציאָנערע אידעע, וועלכע מוז מיט אַלע קרעפטען אונטערדריקט ווערען; בנוגע אָבער דער יודענפראַגע, איז די רעגירונג אין דער טעאָריע פאַר גרייכבערעכטיגונג, נאָר זי מוז וועגען פערשידענע טעמים, זעהר פאָרזיכטיג צוגעהן צום ווערק און טאָר זיך נישט איבעראיילען. זי קאָן נאָר ביסלעכווייז געבען גלייכע רעכט פאַר יודענס־וועגען; איינגאַנצען אָבער מוז זי אויף דערווייל נאָך בעהאַלטען די אַלטע געזעצען. איהר הערט: אויף דערווייל! עס קאָן איינעם נישט גוט ווערען, ווען מען הערט דאָס דאָזיגע וואָרט. אַלזאָ נאָך הונדערט אָדער צוויייהונדערט אָדער דרייהונדערט יאָהר, אפשר אין אויסלאַנד, פאַר וועלכע אזא וואָרט איז בערעכענט און צוליעב וועלכען דאָס גאַנצע איז איבערהויפּט פאַבריצירט, קאָן מען האָבען א טעות און מען קאָן גלויבען, אָבער מיר דאָ קענען צו גוט דעם פירוש פון דעם דאָזיגען וואָרט. די רוסישע רעגירונג האָט אפילו אין חלום נישט בדעה צו געבען יודען רעכט אפילו אזוי גרויס ווי א שפּילקע־קעפּעל!

# דרייאונפערציגסטער בריעף

ענדליך קריגט רוסלאַנד די „ארבייטספעהיגע" דומאַ, וועלכע די רע־גירונג האָט זיך אַזוי שטאַרק געוואונשען — אַ דומאַ פון שווארצע מאות. די עטליכע צעהנדליג פרייערע עלעמענטען, וועלכע קאָנען דאָרט אהין נאָך אריינקומען ביז עס וועלען זיין די ענד־רעזולטאַטען פון די וואַהלען, זענען נישט מעלה און נישט מוריד און וועלען נישט ענדערען מעהר אין דער טהאַטזאַך; די דריטע דומאַ איז און בלייבט אַ שווארצע, אַ פערזאַמלונגס און בעראַטונגס־פונקט פאַר די מיטגלידער פונ׳ם פעראיין פון די עכט־רוסישע. און דאָס דאָזיגע רוסלאַנד איז אונז נישט אונערוואַרטעט געקו־מען; זינט וואָכען האָבען מיר עס געזעהען קומען! אמת, מיט עטליכע וואָכען צוריק, באַלד צו אָנפאַנג פון די פאָר־וואַהלען, איז עס נאָך געווען אַביסעל אַנדערש. מען האָט דאַן געאורטיילט לויט דער אַלגעמיינער שטי־מונג אין לאַנד, און יעדער בעסערער מענש איז געווען איבערצייגט, אַז די דומאַ, וועט זיין אַ לינקע; דאָס לאַנד אַליין איז דאָך אַזוי לינק געשטימט. אַ פּנים עס איז דאַמאָלס קיינעם נישט געקומען אין זין אריין, מיט וועלכע שרעקליכע מיטלען די רעגירונג וועט אַרבייטען, אום צו קומען צו איהר ציעל. אינ׳ם פאַריגען יאָהר האָט זי געאַרבייט מיט „סענאַטס־ערקלערונ־גען"; זי האָט געלאָזט ערב ובוקר וצהרים דעם סענאַט מאַכען רק נייע פּירושים צו די וואַהל־געזעצען, אַזוי אַז די וואַהל־פרייהייט איז געוואָרען ענגער און ענגער פון מינוט צו מינוט. און אַזוי האָבען מיר הייי־יאָהר גערעכענט: נו פטור, וואָס קאָן דאָ זיין פאַר אַ בייז? זי וועט לאָזען דעם סענאַט נאָך עטליכע טויזענד בעשרענקונגען מאַכען — און סוף־כּל־סוף וועט די דומאַ די זיין אַ פרייע. אַז זי וועט אָבער דאָס פאָלק גאָר־נישט דערלאָזען צו די וואַהלען, אַז זי וועט פערביעטען אַלע פער־זאַמלונגען און אַגיטאַציעס, אַז זי וועט בעשטראָפען אַלע צייטונגען, וועלכע וועלען אויפשטעלען קאַנדידאַטען־ליסטעס, אַז זי וועט די פאָר־וואַהלען אין דעם גרעסטען טייל שטעדט פון רוסלאַנד האַלטען בסוד, אַזוי אַז דער עולם

וועט דערפון געוואָהר ווערען על־פּי־רוב ערשט לאחר המעשה נאָר דורכ'ן אָפיציעלען רעגירונגס־ביולעטין — דאָס איז קיינעם נישט געקומען אין זין אריין. באופן זה האָט עס די ליעבע רעגירונג אייגענטליך געקאָנט מאַכען נאָך איינפאַכער און נאָך לייכטער: זי האָט געקאָנט שיקען איינ־לאַדונגען צו די מיטגלידער פון דעם עכט־רוסישען פעראיין, ווי מען שיקט איינלאַדונגען צו אַ חתונה, אַז די ליעבע געסט זאָלען קומען, אָדער זי האָט עס געקאָנט מאַכען, ווי זי מאַכט עס מיט אָרדענס־פּערטיילונגען: מודיע זיין אין דעם רעגירונגס־בלאַט, אַז פּלוני בן פּלוני פון דעם עכט־רוסישען פעראיין איז מכובד מיט אַ זיץ אין דער דומאַ — און ווייטער פּטור. עס קאָן נאָר זיין, אַז מיט דער דאָזיגער ראַציאָנעלער פאָרם וואָלט נישט זיין צופרידען דער פינאַנץ־מיניסטער קאָקאָצעוו און אויך נישט דער אויסערן־מיניסטער איזוואָלסקי. פאַר אייראָפּאַ'ס וועגען דאַרף מען האָ־בען דורכאויס „וואַהלען".

און פאָרט, דאַכט זיך, איז עס איצט, אַזוי ווי עס האָט זיך געמאַכט, בעסער ווי פריהער! איצט וועניגסטענס איז מען פּטור פון דער נאַרישער קאָמעדיע! און ווען דער פעראיין פון די עכט־רוסישע — דומאַ בלע"ז — וועט געהן נאָך ווייטער און וועט די גאַנצע אַזוי געריפענע קאָנסטיטו־ציע אוועקשאַפען פון רוסלאַנד, וועט עס זיין נאָך בעסער! זאָל זיך די רעגירונג נאָר נישט שרעקען. זי מיינט אַלץ, אַז „קאָנסטיטוציע" מוז מען האָבען צוליעב אויסלאַנד; קאָנסטיטוציע איז אַ מין סוהרישע גאַ־ראַנטיע, אויף וועלכער דאָס אויסלאַנד גיט אַמאָל געלד. מיר דאַכט זיך, עס איז אַ טעות דאָס אויסלאַנד איז אַ סך ענטוויקעלטער און אַ סך ווייטער. נישקשה, אויסלענדישע באַנקירען וועלען געבען געלד אויף אַנ'אַנדערע גאַראַנטיעס אויף די גאַראַנטיע „נאַגאַיקע. זאָל זיך די רעגירונג נאָר נישט שרעקען. איהר קאָנסטיטוציע גלויבט איצט סיי־ווי־סיי אפילו קיין קינד נישט מעהר! איצט ענדליך, דאַכט זיך, איז מען פּטור פון דער נאַרישער קאָמעדיע.

און אחרי כל אלה, נאָך די גאַנצע נצחונות פון דער רעגירונג און נאָכדעם ווי צוויי דריטעל דומאַ וועלען זיין לויטער עכט־רוסישע, איז מען אין רעגירונגס־קרייזען זעהר צערודערט און מען קוקט מיט שרעק אויף

דער קומענדיגער־דומאַ. די צייטונג „רוס" מעלדעט אין נאָמען פון איינעם פון די העכסטע שטאַאטס־בעאַמטע, אַז די רעגירונג איז מיט דעם רעזולטאַט פון די וואַהלען זעהר נישט צופרידען — און מען קאָן איהר גלויבען, אַז דאָס איז נישט געמאַכט. עפּעס האָט מען מורא, אַז מען האָט געבעטען צום טיש אַ חברה מיט כוליגאַנעס, און די דאָזיגע ווען אַרויפלעגען די פּיס אויפ'ן טיש. פּאָרט פּראָסטע שיכור'ע פּאָניעס, וועלכע ווייסען קיין חכמות נישט און קאָנען נישט שפּיעלען קיין שום ראָלעס, און מי יודע וואָס פאַר אַ שטיקעל זיי וועלען דאָ אָבאַרבייטען געגען דעם ווילען און דעם נויטיגען צוועק פון דער רעגירונג, און גאַנץ אייראָפּאַ וועט הערען און זעהען. פּאָליטיק פערשטעהען אַזעלכע קאַצאַפּעס נישט; זיי זענען נאָר „אַרבייטס־פעהיג". און אוי, אוי ווי אַרבייטספעהיג! מיר ווייסען דאָך, ווי זיי האָבען געאַרבייט אין אָדעס, אין קיעוו, אין שעדלעץ, אין ביאַליסטאָק און אַזוי ווייטער. און אפשר גראָד די דאָזיגע אַרבייט קאָן די רעגירונג פונקט נישט פּאַסען און קאָן זי ברענגען אין אַ פערלעגענהייט. סטאָליפּין אַליין לאָזט מודיע זיין אין זיין „ראָסיאַ", אַז ער האָט מורא, דאָס די נייע דומאַ, ווייל זי איז אַזוי רעאַקציאָנער, זאָל נישט שטערען זיינע ליבעראַלע רעפאָרמען... אַנ'אומגליקליכער מענש, נעבעך, דער דאָזיגער סטאָליפּין!

ווי די רעגירונג רעכענט צו אַרבייטען מיט דער דאָזיגער דומאַ, איז קלאָר פון דעם פּלאַן אין 4 פּונקטען, וועלכען מען גיט איבער אין סטאָליפּינס נאָמען: 1) מען וועט בשום אופן נישט נאָכגעבען אין דער פראַגע וועגען אָבשאַפען טויט־שטראָף. טויט־שטראָף מוז בלייבען; 2) מען וועט נישט נאָכגעבען אין דער פראַגע וועגען אַמנעסטיע. קיין שום אַמנעסטיע, אפילו נישט קיין טיילווייזע, וועט נישט געגעבען ווערען; 3) אין דער אַגראַר־פראַגע וועט מען נישט איינשטימען, אַז מען זאָל מיט געוואַלט אָבנעהמען די ערד פון די גרויסע גרונד־בעזיצער; 4) די רעפאָרמען, וועלכע מען וועט דורכפיהרען, וועלען זיין דורכגעדרונגען מיט'ן גייסט פונ'ם מאַניפעסט פון 17־טען אָקטאָבער. — הערר סטאָליפּין האָט בנאמנות וויץ. די ערשטע דריי פּונקטען און נעבען זיי — דער פיערטער; דאָס און דאָס וועט מען נישט טהון, און פּאָרט וועט מען רעפאָרמירען אינ'ם גייסט פון

דעם מאַניפעסט וכו'. צו וואָס זאָלען די דאָזיגע פראַזעס? וועמען ברענ־גען זיי נוצען? ווער גלויבט זיי? נישט אַמאָל אַ מיליאַרד פראַנק קאָן זי קריגען געבאָרגט אויף זיי! אומגעקעהרט, אַ פעסט און בעשטימט וואָרט, ווי למשל: „אונזער איז די קראַפט, דען אונזער איז די נאַגאַיקע", וועט מעהר ווערט האָבען אין די אויגען פון אַ רעכטען באַנקיר, ווי טויזענד פוסטע פראַזען וועגען רעפאָרמען און דערגלייכען!

דערווייל אָבער האָט דאָס לאַנד אַליין דעם צוזאַמענשטעל פון דער נייער דומאַ נישט גאַנץ גלייכגילטיג אויפגענומען. עס הויבט זיך ווידער אָן צו רודערען. פון נאָהנטען און פון ווייטען קומען די נאַכריכטען וועגען טעראָר, אויפשטאַנדען, אַטענטאַטען, גאַסען־קאַמפען, מרידות אין פלאָט, מרידות אין מיליטער. און אַלעס ווידער אויף איינמאָל. ווער ווייסט, וואָס די נעכסטע וואָכען וועלען ברענגען.

אינטערעסאַנט איז נאָר נאָך דאָס פּראָבלעם פון דער יודען־פראַגע אין געוויסע קרייזען געגענאיבער דער דאָזיגער דומאַ. אין אַ יודישער וואהל־פערזאַמלונג אין פּעטערבורג האָבען די אַרויסגעשטעלטע קאַנדידאַ־טען גערעדט וועגען דער יודען־פראַגע. אַלס ערשטער רעדנער איז אַרויסגע־טרעטען דער קאַנדידאַט קילובאַקין. „אונזער ערשטע אויפגאַבע איז — האָט ער געזאָגט — צו מאַכען אַניאָנפראַגע ביי דער רעגירונג וועגען די טויט־שרעקען, אין וועלכע יודען לעבען אפילו איצט נאָך. מיר מוזען קעמפען געגען דעם אַנטיסעמיטיזם". „די יודישע פראַגע האָט געזאָגט דער געוועזענער בילדונגס־מיניסטער טאָלסטאָי — איז נישט די זאַך פון אַ פּאַרטיי. ביי אונז אין רוסלאַנד איז אונמעגליך צוצוטרעטען צו וואָס פאַר אַ פראַגע ס'איז, אויב מען זאָל נישט פריהער פערענטפערען די יו־דען־פראַגע. אַלע פּאָליטישע פּאַרטייען זענען אַביסעל אָנגעשטעקט מיט אַנטיסעמיטיזם. די יודען־פראַגע מוז די ערשטע אַרויסגעשטעלט ווערען אין דער דריטער דומאַ". „די קאַדעטען זענען אַלעמאָל מבטיח און טהוען גאָרנישט" — האָט דערויף געענטפערט דער אַרבייטס־פּאַרטיי־מאַן לוטו־גין — „די ביוראָקראַטיע איז פון אויבען ביז אַראָב אָנגעזאַפּט מיט אַנטי־סעמיטיזם, און דעריבער קאָנען אַזעלכע פּאַרטייען, וועלכע ווילען מאַכען שלום מיט דער רעגירונג, נישט פערטיידיגען די יודען־פראַגע. די גאַנצע

רוסישע אינטעליגענץ איז שולדיג געגענאיבער דעם יודישען פאָלק דער־פאַר, וואָס זי האָט נישט געטהון פאַר זיינעטוועגען וואָס א האָר איז גרויס". נאַטירליך האָט באַלד דערויף דער קאַדעטען־פיהרער מיליוקאָוו גענומען די קאַדעטען אין שוץ און בעוויזען, אַז זיי קאָנען נישט מעהר טהון פאַר יו־דענס־וועגען ווי זיי טהוען. דערויף ענטפערט דער סאָציאַל־דעמאָקראַט סאָקאָלאָוו און בעווייזט, אַז פון דער 3־טער דומא איז נישטאָ וואָס צו האָפען פאַר די אומגליקליכע יודען; ער וויל נאָר וויסען, אויב די קאַ־דעטען, וויסענדיג ווי ווייט די רעגירונג וועט נישט אָבטרעטען פון איהרע בעשלוסען, זענען גרייט צו קעמפען פאַר יודענס־וועגען. דער בעקאַנטער אדוואָקאַט זארודני זאָגט זיין מיינונג, אַז יודען דאַרפען שטימען נאָר פאַר די פרייעסטע קאַנדידאַטען, דען נאָר ווען דאָס גאַנצע רוסישע פאָלק וועט ווערען בעפרייט, וועלען אויך די יודען בעפרייט ווערען. דער גייסטליכער פעטראָוו זאָגט: די יודען־פראַגע איז אַן'אַלגעמייע־מענשליכע, און נוצען יודען קאָנען נאָר די, וועלכע האָבען איבערגעליטען דעם יודישען שמערץ. דאָס שלום־וואָרט האָט געהאַט ראַדיטשעוו: „אייערע שעהנע ווערטער זע־נען אפילו נישט שלעכט, אָבער מיט שעהנע ווערטער אַליין איז אונמעגליך צו פערענטפערען די יודען־פראַגע".

# פיראונפערציגסטער בריעף

עס איז ערב דומא בין־השמשות, נאָך אין עטליכע טעג אַרום וועט זיך שוין דאָרט אָנהויבען די „ארבייט" און ביים עולם אַרום אין גאַנצען לאַנד הערשט אַ גלייכגילטיגקייט ווי צום איינשלאָפען. עס אהרט קיינעם נישט, עס אינטערעסירט קיינעם נישט, און קיינער פרעגט נישט, ווי און וואָס. עס איז ווי מען וואָלט זיך דערוואוסט, אַז עס עפענט זיך עפּעס אַ נייער מין זשאַנדאַרמען־דעפּאַרטאַמענט אָדער אַ נייער צוזאַמענשטעל פון אַ געהיים־פּאָליציי אָדער גלאַט אַזוי אַ קלוב פון די עכט־רוסישע בע־שטעטיגט פון דער רעגירונג אָדער גאָר עפּעס אַ מין קלויסטער מיט גראָבע פּאַפּעס און מיט גראָבע 5־פונטיגע ליכט. וועמען אהרען אַזעלכע זאַכען, אַז מען זאָל זיך דערמיט בעזונדערס אינטערעסירען? מען האַלט אַ מינוט לאַנג אויף דאָס מויל, מען גאַפט און מען געהט ווייטער. דער בעגריף דו־מאַ, ווי עס ווייזט זיך אויס, האָט שוין לאַנג פערלוירען זיין בעדייטונג, און אין דער פאַנטאַזיע פונ'ם פּאָלק פערשמעלצט ער זיך עפּעס מיטען בעגריף נאַגאַיקע, פעסטונג, שמיץ, זשענדאַרמעריע, סיביריען, נייע גזי־רות רעות און אַזוי ווייטער. מען לייענט, אַז „אום אָנגעשטעלט צו ווערען אַלס בעדיענטער אָדער אַלס בעאַמטער פון דער דומאַ, ווערט קיינער נישט אָנגענומען, ביז ער ברענגט נישט אַנ'עמפּפעהלונג פון דובראָווין דעם פּרעזידענט פונ'ם עכט־רוסישען פעראיין" — און ווער עס לייענט, שמייכעלט צו זיך אַליין, קוקט זיך אַרום, צי אַ זשאַנדאַרם האָט עס נישט געזעהן, און געהט ווייטער. מען לייענט דעם צירקולאַר, אַז „די קאָנסטיטוציע אָבער, וועלכע איז געגעבען געוואָרען דעם 17־טען אָקטאָבער דורך אַ קייזערליך וואָרט, וועט געהאַלטען ווערען" — און דער עולם צעלאַכט זיך און פערגעסט אפילו זיך אַרומצוקוקען, צי אַ פּאָליציימאַן האָט עס געזעהן. עס איז געוואָרען אַ ריינע קאָמעדיע. צייטונגען טאָרען נישט רעדען אַ וואָרט און מען רייסט פון זיי די 500־ער און די 1000־ער שטראָף טאָג־טעגליך און זיי שרייבען שוין נישט מעהר ווי נאָר אַנאָנסען און באָבע־מעשות —

„אָבער די „קאָנסטיטוציע" מיט דער פּרעסע־פרייהייט וועלען מיר הייליג האַלטען"! מען זעצט־איין און מען שלאָגט מיט גומענע נאַגאַיקעס און מען שיסט און מען הענגט — „אָבער די קאָסטיטוציע מיט דער פרייהייט פון דער קערפּערליכער אונבעריהרליכקייט וועלען מיר הייליג האַלטען"! מען פייניגט יודען און מען לאָזט זיי נישט אין שטעדט אריין און אין שולען אריין און מען לאָזט זיי נישט אָטעמען און לעבען — „אָבער די קאָנסטיטוציע מיט דער רעליגיאָנס־פרייהייט און דער געוויסענס־פרייהייט וועלען מיר הייליג האַלטען"! מען מוז אָנהויבען נישט ווילענדיג לאַכען. ענדליך זענען מיר צוריק אָנגעקומען ביז צו דעם פּונקט, וואו מיר האָבען געהאַלטען פאַר דער מפּלה פון צוסימא. מיר האָבען צוריק די אַלטע ביור־ראָקראַטע מיט אַלע איהרע פיינע שטיקלעך און קלימפּערלעך. די רעגירונג טהוט זיך דאָס איהריגע, און די רעוואָלוציע טהוט זי דאָס איהריגע — אויך אַזוי ווי פריהער; די רעגירונג אַרבייט עפּענטליך, און די רעוואָלוציע אַרבייט צום גרעסטען טייל בעהאַלטענערהייט — אַלעס ווי פריהער. פונ'ם 17־טען אָקטאָבער איז גאָרנישט געבליבען, חוץ עפּעס אַ נייע, נאַרישע אָבשרעקענדע זשאַנדאַרמעריע מיט'ן נאָמען „דומאַ". אַלס דעקאָראַציע זענען דאָרט פאַרהאַן אויך עטליכע לינקע און עטליכע קאַדעטען און אפילו צוויי יודען, איינער אַ געטויפטער און איינער אַ נאָך נישט געטויפטער. און דער עולם לאַכט אָדער שמייכעלט אָדער גענעצט — און געהט ווייטער. מערקווירדיג, אַז אין אויסלאַנד רעדט מען נאָך עפּעס פון דער „דומאַ"!

אינטערעסאַנט איז אין אַזעלכע צייטען די רוסקאַיע זנאַמיאַ", דאָס בלאַט פון די עכט רוסישע. עס איז „דער חזיר וועלכער זיעגט", געננוי לויט דעם בעקאַנטען משל פון קרילאָוו. דובראָווין מאַכט גרויס פּאַראַד און פּורישקעוויטש צעלאָזט זיך אין דער ברייט; די וועלט איז צו ווייניג, אַז דאָס פּרעזידיום פון דער דומאַ וועט מוזען זיין פון לויטער עכטע רוסען. דאָס זאָגט די „רוסקאַיע זנאַמיאַ" — איז זעלבסטפערשטעדליך. אַז די דומאַ וועט ווידער צוריק איינפיהרען דעם אַלטען אַבסאָלוטיזם און די אַליין־הערשאַפט אין זייער גאַנצער אַלטער פּראַכט, דאָס — זאָגט דאָס בלאַט — איז אַ זאַך, וואָס אַ קינד מוז פערשטעהן. אַז אַלע רעכט, וועלכע
[illegible]

לעצטע צוויי יאָהר, וועט די נייע דומא ווידער מוזען צוריקנעהמען, דאָס — זאָגט דער עכט־רוסישער לייב־אָרגאַן — איז דאָס נאַטירליכסטע פון דער וועלט. דאָס ריין־רוסישע פאָלק מוז צוריקקומען צו זיין אַלטער טראַדי־ציע, און דאַדורך וועלען אויפהערען אַלע צרות פון רוסלאַנד! — נאַטירליך, אַז סטאָליפּין הערט אַזעלכע ווערטער, ווערט איהם אַביסעל נישט היימליך. מיט אַזעלכע לייט מיט יוכט־לעדערנע שטיוועל און פערשיכור'טע מאָרדעס צום טיש צו געהן, איז נישט קיין אָנגענעהמע זאַך. מיט אַזעלכע קאָן מען העכסטענס פּאָגראָמען מאַכען, עסקים האָבען, אום אַרויסצוקריגען די נויטיגע וואהל־רעזולטאַטען; אַזעלכע זענען נישט ערגער, ווי געהיים־פּאָלי־ציסטען און מוסרים, וועלכע מען מוז אַמאָל האָבען און וועלכע מען טרייבט דאָך פון זיך, ווען מען ברויכט זיי נישט. אָבער מיט אַזעלכע געהן אויף די מזרח־וואַנט און זיי לאָזען פּאָליטיש ווירטשאַפטען, דאָס זעהט איר איז אַביסעל געפעהרליך און אַ רעכט ביסעל נישט שעהן. ווער ווייסט אין וואָס פאַר אַ פערלעגענהייט אַזעלכע לייט קאָנען אַמאָל ברענגען אַ פיי־נעם ליבעראַלען מיניסטער פאַר די אויגען פון גאַנץ אייראָפּאַ. און דערום איז עס קיין וואונדער נישט, אַז סטאָליפּין זוכט עצות. ווי מען זאָגט, ארבייט ער מיט אַלע כוחות, אַז עס זאָל צושטאַנד קומען אַ בלאָק צווישען די קאַדעטען און די אָקטאָבריסטען, אום עס זאָל ווערען באופן זה אַ צענ־טרום אין דער דומא, מיט וועלכען מען זאָל מען זיך צו אַמפּערען און צו קריעגען. נאַטירליך אין דער זאַך גופא וועט דאָס גאַרנישט ענדערען און די רעגירונג וועט אַלעמאָל טהון דאָס איהריגע. אָבער וועניגסטענס אַ פּנים וועט עס דאָך האָבען און אין אייראָפּאַ וועט עס הייסען, אַז מען „ארבייט" אין דער דומא.

דערוויילע, נישט קוקענדיג אויף די אַלע גליקען, ארבייטען די רעוואָ־לוציאָנערע קרעפטען וויטער און וויטער, און די אונרוהען, עפענטליך און בעהאַלטענערהייט, נעהמען אַלץ מעהר און מעהר ארום דאָס לאַנד. וועגען די לעצטע אונרוהען אין רוסישען פלאָט לייענען מיר אַ מערקווירדי־גען אַרטיקעל אין דער לעצטען נומער „ריעטש", געשריבען פון גענעראַל סובאָטין, ער רעדט ארום די אַלע מרידות אינ'ם מיליטער און אין דעם פאָלק, וועלכע זענען פאָרגעקומען אין די לעצטע צוויי יאָהר אין סעוואַס־

טאָפּאָל, קראָנשטאַדט, וולאַדימיר, סוועאַבאָרג, קיעוו, מאָסקווא, ליבוי, איר־קוטסק, טאַשקענט, קורסק, א. א. וו. און ער זוכט די אורזאַך פון זיי. סו־באָטין האָט אַלס גענעראַל געדיענט גאַנצע 40 יאָהר און איז צום סוף אַלס „צו פרייזיניגער" געצוואונגען געוואָרען צו דעמיסיע. די שרעקליך נידער־יגע מאָראַליטעט פון די קאָמאַנדירען צוזאַמען מיט זייערע גנבות און זייער אונעהרליכקייט אין געלד־זאַכען און זייערע נאָר פּערזענליכע אינטערעסען אומעטום האָבען סוף־כל־סוף — זאָגט ער — געמוזט עפענען די אויגען אויף ביי דעם פּראָסטען סאָלדאַט. דאַן זענען געקומען דיביידע מלחמות, די מלחמה אין מאַנדזשוריע און די מלחמה פון דער רעוואָלוציע, און האָבען דעם מיליטער ווייטער די אויגען געעפענט. דאַן האָט זיך דער פאָלק אומגעקוקט, ווי צוועקלאָז זיין גאַנצע עקזיסטענץ איז אין רוסלאַנד ביי אַזאַ פיהרונג, און דאָס האָט זייער פערביטערונג און זייער מרה־שחורה נאָך מעהר גערייצט. דאַן זענען געקומען די נאַכריכטען פון דערהיים, צו יעדען פון זיין שטאָדט און זיין דאָרף, ווי אין דערהיים הונגערט מען און מען ליידט און מען ווערט געפייניגט. און פּראָקלאַמאַציעס און רעוואָלו־ציאָנערע בראָשורען, וועלכע זיי האָבען געפלעגט צו דערהאַלטען. און דאַן צום סוף איז געקומען דאָס איינזעהען, אַז קיין שום האָפנונג איז נישטאָ אויף קיין צוקונפט, און דאָס האָט זיי געמאַכט פאַר רעוואָלוציאָנערען. סו־באָטין מיינט, אַז דאָס איז דערווייל נאָר די התחלה און אַז די מגפה מוז זיך פערברייטערען ווייטער און ווייטער.

און די לאַגע פון די יודען ? — אַלעס ווי אין דער גוטער אַלטער צייט!
— דער סענאַט האָט נאָר וואָס אַרויסגעלאָזט אַן ערקלערונג, אַז : 1) אַ יוד טאָר נישט זיין אַ מיטגליד פון אַ „געריכט פאַר יתומים" און 2) אַז דאָס געזעץ וועגען דער שטאָרף פון 300 רובעל פאַר יודען, וועלכע האָבען זיך נישט געשטעלט צום מיליטער־דיענסט און וועלכע האָט געפלעגט איינ־צומאָהנען פון די קרובים, זאָל אויך ווייטער פּינקטליך געהאַלטען ווערען. בקיצור, מיר האָבען קאָנסטיטוציע !

# פינפאונפערציגסטער בריעף

ווידער א דומא־ערעפנונג. אָבער דאָסמאָל איז אַלעס שוין גאַנץ רוסיש: אין דער לופט אַרום שמעקט עס מיט פאָניע, מיט נאַגאַיקע, מיט פעסטונג, מיט טויט־שרעק און מיט טויט. בקיצור עס איז ענדליך אַנ'אמת רוסישער פּאַרלאַמענט. אויף דער גאַס האָט אַ מענש מורא די נאָז אַרויסצושטעקען, עס איז ווי די כאָלערא וואָלט זיך האָבען בעוויזען; מען ציטערט און מען שרעקט זיך. פון די עטליכע דורכגעהער אויף דער גאַס האָט מורא איינער מיט דעם אַנדערען צו רעדען; דער שטאָדט־הויפּטמאַן האָט דאָך אַרויסגעלאָזען אַ בעפעהל, אַז „די בעפעלקערונג זאָל זיין רוהיג און קיין דעמאָנסטראַציעס זאָלען נישט זיין". אַנדערהאַלבען וויאָרסט ווייט פון טאַורישען פּאַלאַץ הויבען זיך אָן די מחנות פון פּאָליציסטען און זשאַנדאַרמען און פּאַטרולען. קיין שום דראָשקע, קיין שום פוסגעהער ווערט נישט דורכגעלאָזען אָהן אַ בילעט. עס איז ווי מען וואָלט דאַרפען צוקומען צו אַ פעסטונג. יעדער מענש איז אין חשד, און אפילו יעדער דעפּוטאַט. די קאָזאַקען שטעהען גרייט מיט די נאַגאַיקעס. אָט דאָס ענדליך איז אַ פּאַרלאַמענט על־פּי נוסח רוסלאַנד! אַ רוסישע ברוסט הויבט אָן טיעף צו אָטעמען און ווערט בּרייט פון נחת. אַזוי, זעהט איהר, האָב איך מיר פאָרגעשטעלט אַלעמאָל דעם פּאַרלאַמענט אין פּערסיען, אַזוי וועט עס זיין אויך אין דער טערקיי און אַזוי אויך ביי די האָטענטאָטען. וואָס דען, אַ פּאַרלאַמענט ווי עס איז דאָרט אין לאָנדאָן אָדער אין דעם איבעריגען פערפוילטען מערב?

און אויך אינעווייניג, אין דער דומא אַליין, איז עס דאָסמאָל גאַנץ רוסישליך: אַ הייליג ליכטעל ברענט אונטער אַ נייער הייליגער איקאָנע, וואָס עפּעס אַ דעפּוטאַט האָט געשענקט דער דומא. גייסטליכע שטעהען און קרייצען זיך אָהן אַ סוף, און מיט זיי קרייצען זיך מעהר ווי דריי פיערטעל פון די דומא דעפּוטאַטען. „גאָט בעהיט דעם צאַר" ווערט געזונגען איינמאָל און צוויימאָל און דריימאָל, און עס ווערט גאָרנישט געענוג.

איינער אַ דעפּוטאַט שרייט זיך אַרויס „עס לעבע דער צאַר", און עטליכע הונדערט מענשען שרייען־מיט „עס לעבע דער צאַר", און דאַן שרייט מען דריימאָל „הורא, הורא, הורא!" דער גאַטעס־דיענסט הויבט זיך אָן און דויערט העכער אַ שעה; זעכציג גייסטליכע זענען מתפּלל. דער מיטראָ־פּאָליט האַלט אַ דרשה און זאָגט מוסר, וועלכער צעגעהט זיך אין אַלע אברים: די מיטגלידער פון די ערשטע צוויי דומאַ'ס — זאָגט ער — זע־נען געווען צום גרעסטען טייל אַזעלכע, וועלכע האָבען נישט מתפּלל גע־ווען, איצט אָבער זענען עס גאָט זיי דאַנק אַזעלכע, וועלכע זענען צום גרעסטען טייל יאָ מתפּלל. די דעפּוטאַטען נעהמען זיך די דאָזיגע ווערטער צום האַרצען און האַלטען איצט נאָר אין איין בעקרייצען זיך. מען זעהט די מיניסטאָרען אין דער לאָזשע און מען הויבט אָן צו מאַכען פּאַר סטאָלי־פּינען אַ שטיקעל פּאַראַד. בקיצור, ווי איהר זעהט, עס איז ענדליך אַנ' אמת רוסישער פּאַרלאַמענט! און פערשטעהט איהר איצט וועניגסטענס אביסעל, וואָס פון אַזאַ פּאַרלאַמענט קאָן אַרויסקומען? ווייסט איהר איצט אפשר שוין, וואָס מען קאָן פון אַזאַ אינסטיטוט ערוואַרטען?

און די דומאַ האָט אָנגעהויבען באַלד צו „אַרבייטען". ראשית האָט זיך פערשפּרייט דער קלאַנג, אַז אייגענטליך איז גאָרנישט נויטיג, דאָס די דומאַ־דעפּוטאַטען זאָלען זיך צונויפקומען אין דער דומאַ יעדען טאָג; עס איז גענוג, אַז זיי וועלען זיך צונויפקומען דאָרט צוויי מאָל אין דער וואָך. דאָס אַלזאָ איז געווען דער ערשטער שריט, און איך בין מבטיח, אַז אויך דער צווייטער שריט וועט נישט לאַנג לאָזען וואַרטען אויף זיך. מען וועט זיך אם־ירצה־השם באַלד אַרומקוקען, אַז אייגענטליך אַ וואָך, און דאַן — ווען מען וועט זיך צונויפקומען דאָרט איינמאָל אין צוויי וואָכען, און דאַן — איינמאָל אין אַ חודש, איינמאָל אין אַ יאָהר און אַזוי ווייטער. צום סוף נאַטירליך וועט מען זיך צונויפקומען אין דער דומאַ נאָר דאַן, ווען עס וועט זיין אַ בעזונדערס וויכטיגע געלעגענהייט און מען וועט דאַר־פון אָבהאַלטען אַ בעזונדערס פייערליכען און גרויסען גאָטעס־דיענסט. צעהן מיטראָפּאָליטען און זעקסהונדערט גייסטליכע מיט גרויסע וואַקסענע ליכט וועלען די תפילה טהון. עטליכע הונדערט עכטע רוסען און טשינאָוו־ניקעס און ביוראָקראַטען און גוטס־בעזיצער וועלען זיין דאָס דאַנקבאַרע

פּובליקום. דער הימן וועט געזונגען ווערען הונדערט מאָל כּסדר און דאַנק־
אַדרעסען וועלען אָבגעשיקט ווערען און עטליכע נייע איקאָנעס וועלען ווערען
איינגעווייהט אָט דאָס, פערשטעהע איך, וועט זיין אַ רוסיש פאָלקס־פערטראָג־
טונג! אָט אזוי, זעהט איהר, בעדאַרף אויסזעהען אַ פּאַרלאַמענט על־פּי
מנהג רייסען!

אויך אַ פּאָרזיצענדער איז באַלד געוועהלט געוואָרען. ער איז גע־
וועהלט געוואָרען מיט כמעט אַלע שטימען געגען עטליכע, און די וואַהל
האָט דאָסמאָל געדויערט קוים אַ האַלבע שעה. עס איז אַלזאָ געוועזען אַלעס
אָבגעמאַכט לכתחילה. זעלבסטפערשטענדליך איז געוועהלט געוואָרען אַן
אָקטאָבריסט הערר כאָמיאַקאָוו; די אָקטאָבריסטען זענען דאָסמאָל די
בעלי־בתים. וואָס די אָקטאָבריסטען זענען, האָב איך שוין אַמאָל דער־
צעהלט: ווען מען זאָל מיר געבען אויסצוקלויבען צווישען די שוואַרצע
כוליגאַנעס, וועלכע רופען זיך די עכטע רוסען, און צווישען די אָקטאָבריס־
טען, וועל איך נישט קיין מינוט צעגערען און וועל וועהלען אַן עכט־רוסי־
שען. אַן עכט־רוסישער איז וועניגסטענס אַן אָפענער שונא און איז דער־
ביי על־פּי רוב אַ פּראָסטער כאַם, אַ פערשיכּורטער קאַצאַפּ, אַ כוליגאַן אָהן
חכמות, וועלכער וואַרפט זיך באַלד אין די אויגען אריין און די גאַנצע
וועלט אַרום איז אַ מבין אויף איהם. דער אָקטאָבריסט דאַגעגען איז דער
איינגענער פיינסטערער פערביסענער רעאַקציאָנער, וועלכער וועט נישט לאָ־
זען אויפקומען קיין שום הויך פון אַ שטיקעל פרייהייט, נאָר איז ער דער־
ביי שוין אַ שטיקעל מענש מיט אַ שטיקעל פּאָליטישער פּאָליטור און קאָן
שוין שפּיעלען אַ שטיקעל קאָמעדיע — און דעריבער איז ער געפעהרליכער
פאַר יענעם. ווי די מעשה אָבער איז, אַזאַ אָקטאָבריסט איז איצט געוועהלט
געוואָרען אַלס פּאָרזיצענדער פון דער דריטער דומאַ. דער דאָזיגען געוועהלט
געוואָרען אַלס פּאָרזיצענדער פון דער דריטער דומאַ. דער דאָזיגער פּאָרזי־
צענדער, הערר כאָמיאַקאָוו, האָט געהאַלטען זיין אָנטריטס־רעדע — און
עס איז געוואָרען חושך ואפלה אַרום לאַנד און אפילו דער גרעסטער אָפּ־
טימיסט האָט פערלוירען דאָס לעצטע שטיקעל האָפנונג. הערר כאָמיאַקאָוו
האָט גערעדט פון דעם „אונגעטיילטען רוסלאַנד", דאָס הייסט אַלזאָ געגען
יעדער האָפנונג אויף אויטאָנאָמיע, און האָט גערעדט פון דעם איינציגען

עכטען רוסישען שטאַם, דאָס הייסט אַלזאָ געגען אַלע פרעמדע פעלקער־שאַפטען אין רוסלאַנד, ווי למשל יודען און דערגלייכען, און האָט גערעדט פון דער בעראַטענדער ארבייט אין דער דומאַ, דאָס הייסט אַלזאָ, אַז די דומאַ וועט נישט האָבען קיין שום געזעצגעבערישע קראַפט און נאָר בעראַ־טען וועט זי קאָנען און כלומ'שט מסכים זיין צו דעם וואָס די מיניסטאָ־רען און די רעגירונג וועלען זאָגען. דאַגעגען האָט הערר כאָמיאַקאָוו אין זיין רעדע אויסגעמידען דאָס וואָרט „קאָנסטיטוציע”, וואָס ביז איצט האָ־בען די צוויי פריהערדיגע פּאָרזיצענדע פון די ביידע דומאַ'ס אין זייערע אָנטריטס־רעדען דערמאָהנט, און ער האָט אפילו נישט דערמאָהנט דעם 17־טן אָקטאָבער, אַנ'אָקטאָבריסט, וואָס זיין פּאַרטיי הייסט נאָך דעם דאַ־זיגען אָקטאָבער, און ער היט זיך דאָס וואָרט צו דערמאָהנען. נאַטירליך זענען אַלע שווארצע פון דער דומאַ געוועזן גליקליך, און האָבען דערין גע־זעהען אַ סימן, אַז אפילו די אָקטאָבריסטען ווילען זיך שוין אומקעהרען צו דער אַבסאָלוטער זעלבסטהערשונג. זעלבסטפערשטענדליך איז אָבגעגאַנ־גען בזה הרגע די נאַכריכט קיין צאַרסקאָיע סעלאָ וועגען דער וואהל פון דעם דומאַ־פּרעזידענט מיט דער בקשה, אַז דער דומאַ־פּרעזידענט זאָל זיך מעגען פאָרשטעלען פאַר זיין מאַיעסטעט, און נאָך באותו מעמד איז אָנגע־קומען די איינלאַדונג אויף צומאָרגענס. צומאָרגענס אינדערפריה האָט דער פּאָרזיצענדער געהאַט דאָס גליק זיך פאָרצושטעלען פאַר זיין מאַיעסטעט דעם קייזער און די קייזערין. אין צאַרסקאָיע סעלאָ איז הערר כאָמיאַקאָוו ארויסגעזאָגט געוואָרען די האָפנונג, אַז די איצטיגע דומאַ וועט האָבען אַ קיום און אַז די ערשטע סעסיע וועט זיך פערציהען ביז מאַי. אַלע גלויבען איצט, אַז די איצטיגע דומאַ וועט האָבען אַ קיום. אויך איך גלויב. זוען נישט אַזאַ דומאַ ווי די איצטיגע זאָל האָבען אַ קיום, וויים איך שוין נישט, וועלכע יאָ. אויך די פעסטונג פעטראָ־פּאַוולאָווסק האָט אַ קיום. אַזאַ קאָן בעשטעהן אין רוסלאַנד נישט בלויז פינף, נאָר אפילו פופציג יאָהר!

דערווייל אָבער האָט זיך דער אמת'ער כאַראַקטער פון דער נייער דו־מאַ ארויסגעוויזען שוין אינגאַנצען אין פערלויף פון אַ האַלבער שעה. אָנ־פאַנגס האָט מען נאָך גערעכענט, אַז עס וועט זיך בילדען אַ בלאָק צווישען די אָקטאָבריסטען און די קאַדעטען, און עס וועט באַשאַפען ווערען באופן

זה אַ צענטרום, וועלכעס זאָל קאָנען, ווי עס איז, עפּעס טהון. באַלד אָבער נאָך כאָמיאַקאָוו׳ס וואהל האָבע די אָקטאָבריסטען אָבגעלעגט די מאַסקע און האָבען זיך אַרויסגעזאָגט פאַר בילדען אַ בלאָק צווישען זיך און אַלע רעכטע און אַלע שווארצע. נאָך כאָמיאַקאָוו׳ס רעדע איז די שפּאַלטונג צווישען די אָקטאָבריסטען און די קאַדעטען געוואָרען שוין גאָר שארף. דער קאַדעט מאַקלאַקאָוו, וועלכער האָט געזאָלט זיין וויצע־פּרעזידענט, האָט ערקלערט, אַז ער האָט איינגעוויליגט צו ווערען וויצע־פּרעזידענט נאָר בתנאי, ווען כאָמיאַקאָוו אין זיין רעדע וועט דערמאָהנען דאָס וואָרט קאָנס־טיטוציע און אַז כאָמיאַקאָוו וואָס האָט איהם אַ האַלבע שעה פאַר זיין רעדע געגעבען זיין עהרענוואָרט, אַז ער וועט דאָס וואָרט דערמאָהנען. איצט אָבער האָט זיך אַרויסגעשטעלט, אַז כאָמיאַקאָוו, דער עהרענווערטהער נייער דומאַ־פּרעזידענט, האָט געבראָכען זיין עהרענוואָרט און דעריבער ציהט זיך מאַקלאַקאָוו צוריק פון זיין קאַנדידאַטור אַלס וויצע־פּרעזידענט פון דער דריטער דומאַ.

ווי אָבער די מעשה איז, איז די דריטע דומאַ שוין צוגעטרעטען צו דער „ארבייט״: די קאָרעספּאָנדענטען פון די אינלענדישע צייטונגען האָט מען שוין דעם צוטריט כמעט אינגאַנצען פערוועהרט; דער פינאַנץ־מיניס־טער איז מכין זיין פּאָרטראַג וועגען די פינאַנצען און וועט „ארבייטען״; דער אַגראַר-מיניסטער איז מכין זיין פּאָרטראַג וועגען דער אַגראַר־פראַגע און וועט אם־ירצה־השם דעסגלייכען מכין זייערע פּאָרטראַגען און וועלען דעסגלייכען „ארבייטען״. עס איז נישטאָ קיין זאַך, וואָס געהט איבער „אַנ׳אַרבייטספעהיגער״ דומאַ.

עס קלינגט ווי אַ פּאַראָדיע, ווען מען הערט, אַז די יודען פון דעם שטעדטעל דובראָוונאַ אין מאָהילעווער גובערניע האָבען דערלאַנגט אַ פּעַ־טיציע צו דער דאָזיגער דומאַ וועגען פערגרעסערען זייערע רעכט!

רבונו של עולם! וואָס זאָל ווערען איצט פון די זעקס מיליאָן אומ־גליקליכע יודען אין רוסלאַנד?

# זעקסאונפערציגסטער בריעף

די דומא „ארבייט‟, זי האלט אין איין „ארבייטען‟: נאך דער ארבייט פון תפילה טהון און הימנען זינגען און הורא שרייען און שבחים זאגען האט זי זיך גענומען צו דער ארבייט פון וועהלען צוויי וויצע-פרע-זידענטען פאר דער דומא, און נאטירליך האט זי געוועהלט צוויי עכט-שווארצע-מאה'דיגע, און דאן האט זי זיך גענומען צו דער ארבייט פון דורכזועהען די ליסטעם פון די דומא-דעפוטאטען, און נאטירליך זענען אלע בעשטעטיגט געווארען, און דאן האט זי זיך גענומען צו דער ארבייט פון מפלפל זיין זיך וועגען א דאנק-אדרעס צו זיין מאיעסטעט דעם צאר, און דאן האט זי זיך גענומען צו דער ארבייט פון מאכען עטליכע סקאנדאלען און דאן צו דער ארבייט פון א סעודת-מצוה און טרינקען א טראפען משקה און פרעהליך זיין און אזוי ווייטער און אזוי ווייטער. אגב טראגט דער פי-נאנץ-מיניסטער אין די דומא אריין זיין בודזשעט-פראיעקט אויפ'ן יאהר 1908, נאר אזוי ווי די דומא איז זעהר בעשעפטיגט מיט „ארבייט‟, רע-כענט זי — לויט ווי דער פארזיצענדער כאמיאקאוו האט זיך געאויסערט צו א קארעספאנדענט פון דער „ראסיא‟ — דעם בודזשעט צו בעשטעטי-גען אינגאנצען אהן דעבאטען. בקיצור די דומא ארבייט, און דאס זענען לויטער ארבייטען, דורך וועלכע רוסלאנד וועט ענדליך מוזען רוהיג און גליקליך ווערען און דורך וועלכע דער הונגער וועט נישט זיין מעהר קיין הונגער און די נויט נישט מעהר קיין נויט און די אונצופרידענהייט פון צעהנדליגער מיליאנען נישט מעהר קיין אונצופרידענהייט. וואס אלעס אזא ארבייטספעהיגע דומא קאן נישט מאכען איבער נאכט! נאטירליך, איז איצט די רעגירונג זעהר צופרידען מיט דער דאזיגער ארבייטס-פעהיגער דומא. זי איז מיט איהר אזוי ווייט צופרידען, אז די מיניסטארען קומען אזש גארנישט אין די דומא אריין און די מיניסטארען-לאזשע איז אלעמאל לעדיג; נישקשה, זיי קאנען זיך אויף דער דומא פערלאזען. אמת, די פרייהייט אין דער דומא איז אביסעל בעשרענקט: דער מיניסטער פון

איינעדן האָט, למשל, אַרויסגעגעבן אַ בעפעהל צו אַלע גובערנאַטאָרען, אָנצונעהמען מיטלען, אַז די בעפעלקערונג זאָל נישט שיקען קיין אינסטרוקציעס אָדער גלאַט אַזוי טעלעגראַמען צו דומאַ־דעפּוטאַטען, וועלכע געהערען צו נישט־לעגאַליזירטע פּאַרטייען (דאָס הייסט אַזוי: צו אַזעלכע, וועלכע זענען נישט עכט־רוסיש). דעסגלייכער איז די פרייהייט אין דער דומאַ זעלבסט נישט זעהר ברייט. למשל, צוליעב דער מאָדנער לאַגע פון די צייטונגס־קאָרעספּאָנדענטען אין דער דומאַ, וועלכע מען האָט פערשטופּט דאָרט ערגעץ אין אַ ווינקעל, אום זיי זאָלען זיין שטרענג אָבגעטרענט פון די דעפּוטאַטען, קומען אָפט אַרויס ווילדע קוריאָזע זאַכען. אַזוי האָט אין דער דריטער דומאַ־זיצונג אַ קאָרעספּאָנדענט געדאַרפט שיקען עפּעס אַ נויטיגען צעטעל צו אַ דעפּוטאַט, נאָר אַזוי ווי ער האָט נישט געקאָנט צוקומען צו איהם, האָט ער געשיקט פון דער דומאַ אין די דומאַ אַריין אַ טעלעגראַמע מיט אַ בעצאָהלטען ענטפער; די טעלעגראַמע איז געבראַכט געוואָרען צום טעלעגראַפען קאַנטאָר, פון טעלעגראַפען־קאַנטאָר צום צווייטען טעלעגראַפען־קאַנטאָר און פון דאָרט ערשט צוריק אין דעם זאַל פון דער דומאַ צו דעם בעטרעפענדען דעפּוטאַט. דאָס אַלזאָ איז די פרייהייט אין דער דומאַ! עס איז קיין וואונדער נישט, ווען אפילו אַנ'אָקטאָבריסט, איינער אַ דעפּוטאַט, רופט אָן די דאָזיגע דומאַ „אַ טהעע־הויז פאַר די שוואַרצע מאות". אָבער דאָס אַלעס שאַדט נישט: די דומאַ אַרבייט פאָרט, דען זי איז אַנ'אַרבייטס־פעהיגע! אמת, נאָך דער אַרבייט פון אַ גאַנצער וואָך פיהלט זי די דאָזיגע אַרבייטס־דומאַ שוין אַביסעל מיעד און אויסגעאַרבייט, אַזוי אַז מען האָט שוין אָנגעהויבען טראַכטען וועגען פייערען מאַכען. מען האָט געוואָלט די פייערען מאַכען שוין ענדע פון דעם היינטיגער חודש; נאָר די מעהרהייט איז געווען דאַגעגען, טענה'ענדיג, אַז דאָס וועט אַרויסרופען אַ געלעכטער, און אַזוי איז געוואָרען בעשלאָסען צו בעשטימען די פייערען ערשט אויפ'ן 22־טן דעצעמבער. זעהט איהר, די פריהערדיגע צוויי דומאַ'ס זענען געווען נישט אַרבייטס־פעהיג, און די איצטיגע איז אַרבייטס־פעהיג. אַזוי אָבער מוז זיין אַ דומאַ, ווען די רעגירונג זאָל זיין צופרידען מיט איהר!

און צופרידען מוז זיין די רעגירונג נישט בלויז מיט דער דומאַ, נאָר

גאַנץ בעזונדערס מיט דעם פּאָרזיצענדען פון דער דומאַ, מיט העררן כאָ־מיאַקאָוו. דאָס איז אַ מענש גאַנץ לויט איהר האַרץ. הערר כאָמיאַקאָוו האָט אין אַ געשפּרעך, מיט אַ צייטונגס־קאָרעספּאָנדענט, למשל, אַזוי גע־זאָגט: „איך וואָלט זיין אונענדליך דערפרעהט, ווען איך וואָלט אויפשטעהן אין אַ געוויסען פריהמאָרגען און וואָלט מיך דערוואוסט, אַז אין רוסלאַנד איז אינגאַנצען נישטאָ קיין יודען! אָבער דאָס איז נישט מעגליך און דעריבער קומט מיר אויס, אַז די בעגרענצונגען פון די יודען שאָדען מעהר די רוסען ווי די יודען. דער „תחום המושב" דעמאָראַליזירט די רוסישע טשינטשינאָווניקעס, דען דאָס גיט זיי די געלעגענהייט צו נעהמען כאַבאַר (שוחד) ביי די אָרימסטע יודען. די גינצבורג'ס און די פּאָליאַקאָוו'ס וואוינען אַזוי אויך פראַנק און פריי אין גאַנץ רוסלאַנד, און די בעגרענ־צונגען פאַלען נאָר אויף דער אָרימער יודישער ארבייטס־קלאַס, וועלכע טהוט קיינעם קיין בייז נישט. אין סמאָלענסק וואוינען 200 יודישע „רענטיסטען", פון וועלכע עס בעשעפטיגט זיך קיין איינציגער נישט מיט רענטיסטיק; דאָס זענן רייכע יודען, וועלכע נארען אָב די רעגירונג אויף אַזאַ אופן. עס איז קיין שום צווייפעל נישט, אַז עס עקזיסטירט אַ יודישע אינטערנאַציאָנאַלע פינאַנסיסטען־באַנדע, וועלכע האָט אריינגעקריגען אין איהרע הענד די גאַנצע האַנדעלס־וועלט און בעהערשט אונז אַלע. און דע־ריבער מוזען מיר זעהען צו געבען געוויסע רעכט און פערלייכטערונגען דער קלאַס פון יודיש האַנדווערקער און אַרבייטער"... דאָס אַלזאָ איז די לע־זונג פון דער יודען־פראַגע, וועלכע מיר האָבען צו ערוואַרטען פון אונזער רעגירונג און פון איהרע אינסטיטוטען. אין בעסטען פאַל: עטליכע נייע דערפּער און שטעדט — און דאָס איז אַלעס!

דערווייל אָבער ווערען געמאַכט אַ גאַנצע מאַסע פּראָיעקטען, וועלכע זאָלען ווערען אריינגעטראָגען אין די דומאַ. פּיכנאַ, דער בעקאַנטער יודען־פרעסער און יועץ פון סטאָליפּין, האָט אויסגעאַרבייט אַ פּראָיעקט, לויט וועלכען יודען זאָלען ערקלערט ווערען אַלס פרעמדע. לויט ווי פּיכנאַ פערזיכערט, איז דאָס די איינציגע רעטונג פאַר רוסלאַנד־וועגען און לויט ווי ער זאָגט, איז גאָר קיין שום ספק נישט, אַז דער פּראָיעקט וועט אָנגענו־מען ווערען און וועט דורכגעהן. דאַנעגען קומט די „רוסקאָיע זנאַמיאַ",

וועלכע איז אין דער לעצטער צייט געוואָרען דער גאַנצער בעל־יועץ פון דער רעגירונג און וועלכע מאַכט טאָג און נאַכט פּראָיעקטען צו רעטען רוסלאַנד, און זי ראַטעוועט רוסלאַנד אויף אַזאַ אופן: די רעגירונג מוז אָננעהמען דאָס געזעץ, צו בעזייטיגען אַלע יודען פון מיליטער־דיענסט, געהמענדיג דערפאַר פון איטליכען פערשוין אַנ׳אָבצאָלונג פון 3000 רובעל; חוץ דעם מוז זי לאָזען ווערען אַ געזעץ, אַז יודען טאָרען קיין אדוואָקאַטען נישט זיין; אַזוי אויך מוז אָנגענומען ווערען אַ געזעץ, אַז יודישע קינדער טאָרען נישט אָנגענומען ווערען אין די שולען. דעמאָלס, זאָגט די „רוס־קאָיע זנאַמיאַ", וועט רוסלאַנד זיין גערעטעט. רבונו של עולם, מיט וואָס פאַר אַ קלייניגקייט דאָס גרויסע אומגליקליכע רוסלאַנד קאָן שוין זיין גערע־טעט! יודען וועלען ערקלערט ווערען אַלס פרעמדע — און 80 מיליאָן פויערים וועלען דאַדורך האָבען זיך זאַט צו עסען. יודען וועלען נישט אָנגענומען ווערען צום מיליטער־דיענסט און וועלען צאָהלען 3000 רובעל פון אַ פערשוין — און עטליכע מיליאָן טשינאָווניקעס וועלען דאַדורך מעהר נישט אויסנאַגען און אויסזויגען דאָס עלענדע פערמאַטערטע פאָלק. יודישע קינדער וועלען נישט אָנגענומען ווערען אין די שולען — און דער אונענדליכער דראַנג צו פרייהייט פון אַ פערשטיקט פאָלק וועט דאַדורך געשטילט ווערען און באָמבעס וועלען אויפהערען און טעראָר וועט אויפ־הערען און אָנפאַלען אויף הויכגעשטעלטע רעגירונגס־פערשוינען וועלען אויפהערען ווי איז דאָס אַ רעגירונג ביז היינט נישט געפאַלען אויף אַזאַ פשוט־׳ע עצה!

נאַטירליך, טהוט די רעגירונג דערווייל דאָס איהריגע: אין מאָסקוואַ איז דער בעפעהל געגעבען געוואָרען געגוי צו אונטערזוכען, וועלכע יודען עס האָבען דאָרט וואוינרעכט און וועלכע עס האָבען נישט, און די, וועלכע עס האָבען נישט קיין וואוינרעכט לויט די אַלערגענויעסטע פּרטים פון גע־זעץ (אַלזאָ מעהר ווי די העלפט!) זאָלען אַזוי גיך ווי מעגליך פון דאָרט ארויסגעשיקט ווערען. מיר האָבען אַלזאָ צו ערוואַרטען אין איינער פון די נעכסטע וואָכען אַ נייעם גירוש מאָסקוואַ. אַזוי אויך האָט דער סענאַט אַרויסגעלאָזט אַנ׳ערקלערונג, אַז יודישע בעלי־מלאכות, וועלכע בעשעפטי־

גען זיך מיט מאַכען מינעראַל־וואַסער, זייפען און אַנדערע אַזעלכע בעמישטע פראָדוקטען און האָבען ביז איצט אויפ'ן גרונד פון די דאָזיגע מלאכות געהאַט דאָס רעכט צו וואוינען אינ'ם אינערן רוסלאַנד, זאָלען פון איצט אָן נישט מעהר בעטראַכט ווערען אַלס בעלי־מלאכות און פערלירען דאדורך זייער וואוינרעכט.

# זיבענאונפערציגסטער בריעף

איך האָב פיינד די פרייהייט און האָב ליעב אונזער מיניסטער־פרעזידענט סטאָליפּין. איהר זאָלט מיך נאָר ריכטיג פערשטעהן: איך האָב פיינד יענע „פרייהייט" פון די גאַזעטען־שרייבער און יענע קעלבערנע התפעלות, וועלכע זיי קריגען אָפּט לויט בעשטעלונג און לויט אַ בעקאַנטען נוסח פון יעדער ליבעראַלער מליצה און יענעם פּוסטען גערודער, וועלכען די דאָזיגע מויל־העלדען מאַכען־אָן צוליעב עפּעס אַ פראַזע. אָט, למשל, האָבען מיר געהאַט אַ וואָך, אין וועלכער מען האָט זיך גאַנצע טעג אַרומגעאַמפּערט אין דער אומגליקליכער דומאַ וועגען דעם נוסח פון דער אונטערטעניגקטיים־אַדרעס, וועלכע מען דאַרף דערלאַנגען דעם קייזער. נאַטירליך האָט מען געוואָלט, אַז אין דער אַדרעס זאָל זיין בפירוש געזאָגט, דאָס דער קייזער איז דער אַבסאָלוטער זעלבסטהערשער. ענדליך איז אויפגעשטאַנען גוטשקאָוו, דער אָקטאָבריסט, דער דאָזיגער, וועלכער האָט אויסזיכטען צו ווערען בשעת הדחק אפילו אַ מיניסטער, און אין אַ מליצה'דיגער לאַנגער רעדע האָט ער פייעריג אָנגעוויזען אויף דעם 30־טען אָקטאָבער און האָט אויסגעפיהרט, אַז נאָך דעם אַקט פון יענעם טאָג איז עס אוּנמעגליך, זיך צוריק אומצוקעהרען צו דער אַבסאָלוטער זעלבסטהערשאַפט. קוים אויסגערעדט די דאָזיגע ווערטער, איז געוואָרען איז ששון ושמחה אין אַלע ליבעראַלע גאַסען. אַ קלייניגקייט, דער עלטער־זיידע איז מיר אויפגעשטאַנען פון קבר! מיר האָבען געזיעגט, מיר האָבען איינגענומען אַ פעסטונג, מיר האָבען ענדליך דערגרייכט, צו וואָס מיר האָבען געשטרעבט! אַזוי אונגעפעהר האָט עס אויסגעזעהן... אין אַלע ליבעראַלע בלעטער איז געווען צו לייענען, אַז דאָס איז און דאָס וועט בלייבען אַ „היסטאָרישער" טאָג. גוטשקאָוו האָט מקדש השם געווען און אונזערע אייניקלעך וועלען נאָך מוזען רעדען פון דעם 26־טען נאָוועמבער. — אוי נאַרישקייט, דיין נאָמען איז רוסישער ליבעראַליזם! איך מוז נישט ווילענדיג געדענקען אָן

יענער פּראָסטער מעשה מיט דעם מלמד, וועלכער ציטערט פאַר זיין ווייב און בעהאַלט זיך אונטער'ן בעט און פון דאָרטען אַרויס שטאָלצירט ער מיט דעם געשרעבענעם פסוק „והוא ימשול בה". אַ היסטאָרישער טאָג! אַ פּנים עס איז נישט גענוג איין נאַגאַיקע, אַז זי זאָל קומען מאָרגען און מאָרכען אַ סוף מיט אַזאַ היסטאָריע און מיט אַזעלכע פּוסקים, אַז אפילו דערמאָהנען זאָל מען זיי נישט טאָרען. דאַגעגען, זעהט איהר, האָב איך ליעב אונזער פּרעמיער־מיניסטער סטאָליפּין. ווענינגסטענס אַ מענש אָהן מליצות און אָהן חכמות זאָגען! נאָך קנאַפּע אָדערהאַלבען יאָהר, וואָס ער איז געגאַנגען לאַנגזאַם און פאָרזיכטיג שריט ביי שריט און האָט אַלץ מעהר און מעהר ענג צוזאַמענגעצויגען דאָס שטריקעל אַרום אונזער האַלז, איז ער איצט אַרויס מיט אַ קלאָרער שפּראַך. אין זיין דעקלאַראַציע, וואָס ער האָט פאָרגעלייענט נעכטען דער דומאַ, אום מיטצוטיילען וועלכעס פּראָגראַם די רעגירונג האָט איצט, האָט ער אָהן שום קונצען מודיע געווען, אַז איצט האָט די רעגירונג בדעה זיך צו נעהמען צו רעפּרעסיעס, אום אומצוקעהרען די רוה אין לאַנד, און די דומאַ וועט מוזען מסכים זיין דערצו, דען שליסליך איז דער קייזער דער זעלבסטהערשער פון רוסלאַנד. דאָס איז דער קורצער זין פון דער לאַנגער רעדע. ווען אַלע מיינע פאָרגענגער האָבען געדראָשען אייערע לייבער מיט ריטער, וועל איך אייך דרעשען מיט בלייערנע נאַגאַיקעס! אַזוי אונגעפעהר זאָגט סטאָליפּין. צו וואָס נוצען אַלע נאַרישע וויכוחים אין דער דומאַ וועגען ווערטער? צו וואָס די מחלוקה, צי מען זאָל אַריינשטעלען אין אַ געוויסער אַדרעס אַ געוויס וואָרט צי ניין? עס קומט סטאָליפּין און זאָגט קלאָר און דייטליך וואָס ער וויל און וואָס עס וועט זיין — און דאָס האָב איך ליעב. ווענינגסטענס זאָלען מיר וויסען און זאָל אַ וועלט וויסען, וואו מיר האַלטען! און זאָל מען אונז נישט פערדרעהען אַ קאָפּ מיט אַ דומאַ און מיט אַ פאָלקס־פערטרעטונג און מיט אַ קאָנסטיטוציע אָדער כדומה ווי אַזאַ קאָמעדיע הייסט! און זאָל אַ סוף זיין צו דער דאָזיגער אילוזיע, וועלכע האָט די ענערגיע געהאַמעוועט און האָט געהינדערט די רעגעלמעסיגע אַרבייט!

דער וויץ איז אָבער פון דער גאַנצער זאַך, אַז אויך די דאָזיגער דומאַ, דער דאָזיגער ריינער בית־מדרש פון עכטע כשר'ע רוסען, איז נאָך צו

גרויס און צו פיעל אין די אויגען פון די עקסטע רעכטע, און אָט איז אָבגעגאַנגען אַ טעלעגראַמע צום קייזער מיט מעהר פון הונדערט אונטערשריפטען פון דומאַ־דעפּוטאַטען, — צווישען די אונטערשריפטען געפינען זיך נעמען ווי גראַף באָברינסקי און פּורישקעוויטש — אַז די דומאַ איז אַ „רעוואָלוציאָנערע" און דער קייזער זאָל זי למען־השם צעטרייבען. איך האָב דרך־ארץ פאַר מענשען, וועלכע בעזיצען אַזויפיעל וויץ. אָדער איז דאָס אַלעס לויט אַ געוויסען פּלאַן, וועלכער איז געוואָרען פאָרגעשריבען, אום צו דערגרייכען אַ געוויס ציעל? — וויץ פעהלט, איבערגענס, נישט אין דער דאָזיגער דומאַ אויך ביי אַנדערע געלעגענהייטען. אָט איז דער דעפּוטאַט ראָדיטשעוו, דאָס שיינדעל פון די קאַדעטען, געוואָרען אויסגעשלאָסען פון די דומאַ־זיצונגען אויף 15 טעג לויט דעם אַנטראַג פון דעם פאָרזיצענדען אַליין, ווייל ער האָט געברויכט אַנ'אונפּאַסיג, פריי וואָרט. אין דער צווייטער דומאַ האָט דער פאָרזיצענדער גאָלאָווין אויסגעשלאָסען דעם סקאַנדאַל־מאַכער פּורישקעוויטש, און אין דער דריטער שליסט כאָמיאַקאָוו אויס אַ מענשען ווי ראָדיטשעוו. דאָס איז וויץ. שלאָגסט דו מיינע יודען, שלאָג איך דיינע יודען!

און וויץ געפינט זיך אויך דערין, וואָס אין דער דאָזיגער דומאַ, אין וועלכער אַ כאָמיאַקאָוו איז פאָרזיצענדער און אַ פּורישקעוויטש איז רעדעלפיהרער און אַ באָברינסקי איז בעל־הבית, האָט זיך פּלוצלינג געלאָזט הערען אויך די שטימע פו אונזער איינציגען יודישען פערטרעטער, וועלכען מיר האָבען דאָרט. אמת, די שטימע האָט זיך געלאָזט הערען נאָר אַ סעקונדע לאַנג און נישט מעהר, אָבער יוצא געוועזן האָבען מיר און דער כבוד ישראל און דער כבוד התורה איז געראַטעוועט. דאַנקען גאָט דערפאַר! בשעת די וויכוחים וועגען דער אַדרעס צום קייזער איז אויפגעשטאַנען דער פּוילישער דעפּוטאַט דמאָווסקי און האָט פערלאַנגט, אַז מען זאָל דורכוים אַריינשטעלען אין דער אַדרעס די עטליכע ווערטער וועגען די פרעמדע נאַציעס, וועלכע וואוינען אין רוסלאַנד און וועלכע ערוואַרטען פון קייזער זייערע גלייכע רעכט מיט אַלע אַנדערע, וואָס וואוינען אינ'ם לאַנד. דענסמאָל איז אויפגעשטאַנען אויך דער יודישער דעפּוטאַט ניסעלעוויטש און האָט געוואָנט זיך צו זאָגען פאָלגענדעס: „אינ'ם נאָמען פון די אומ-

גליקליכע זעקס מיליאָן יודען..." ווייטער אָבער איז ער שוין נישט גע־
קומען. עס איז געוואָרען א געפייפעריי און א געשושקעריי און א געשריי
„זשיד!", אז דער אָרימער דעפּוטאט האט שוין נישט געקאָנט פערענדיגען
דעם אינהאַלטסרייכען זאַץ — — „שלים איך מיך אָן צו דעם אנטראג
פון דעם דעפּוטאט דמאָווסקי" און ער האט געמוזט נעבעך צוריק אראָב־
קריכען פון דער טריבונע. א פּנים דעם יודישען דעפּוטאט איז נאָך נישט
קלאָר געווען, וואָס דער פּירוש איז פון דומא נומער 3, און אז דאָרט איז
קיין אָרט נישט פאר קיין יוד, זיך אריינצומישען. עס האט עפּעס אויסגע־
זעהן ביי דעם עולם, ווי דער יוד מאַכט זיך א שפּאַס מיט זיי.

דערווייל געהט אַלעס ווי עס בעדאַרף צו געהן: פון אַדעס איז היינט
אָנגעקומען א טעלעגראַמע, אז די כוליגאַנעס האָבען זיך שוין ווידער גענו־
מען צו דער ארבייט און האָבען די יודען אויף די גאַסען אביסעל אָנגע־
לערנט; עס זענען דאָ הרוגים און א גאַנצע מאַסע פערוואונדעטע. פון
אַנדערע שטעדט קומען נאַכריכטען וועגען ארעסטען; הונדערטער און
אָבער הונדערטער ווערען ארעסטירט טאָגטעגליך און ס'איז קיין אָרט
נישט מעהר דאָ אין די געפענגענישען. פון פּעטערבורג און פון מאָסקווא
און פון פיעל אַנדערע ערטער איז מען מודיע, אז די צייטונגען ווערען
קאָנפיסקירט טאָג־טעגליך און די רעדאַקטאָרען און די ארויסגעבער ווערען
בעשטראָפט אין דער רעגעל ביז צו 3000 רובעל געלד־שטראָף. דער „רוס"
שרייבט וועגען דער נעכטיגער דעקלאַראַציע פון סטאָליפּינען גאַנץ איינ־
פאַך, אז א פּירוש צו דער דאָזיגער דעקלאַראַציע קאָן א צייטונג, וועלכע
דרוקט זיך אין רוסלאַנד, אין היינטיגער צייט נישט געבען. בקיצור: אזוי
זעהט עס אויס אין רוסלאַנד, אין דעם לאַנד פון דער קאָנסטיטוציע, אין
דער צייט פון דער דריטער דומאַ!

און פון אַלע זייטען קומען די נאַכריכטען טאָג־טעגליך, אז זיין מאַ־
יעסטעט דער צאַר בעוויליגט צו בעגנעדיגען אַלע, וואָס זענען געווען אָנ־
געקלאָגט און זענען געוואָרען פערעורטהיילט אין די פערשידענע פּראָצעסען
וועגען בעטהייליגען זיך אין פּאָגראָמען. יעדען טאָג הערט מען פון אזא
מעשה, און נאַאיווע מענשען וואונדערען זיך. איך פערשטעה נישט פאַר־
וואָס. מיר דאַכט זיך, עס איז אזוי קאָנסעקווענט געהאַנדעלט ווי נאָר מעג־

ליך. זענען דען יענע מענשען באמת שולדיג? האָבען זיי דען געטהון עפּעס על דעת עצמם? זענען זיי נישט געווען ווערקצייג אין די הענד פון אַנדערע? און פאַרוואָס זאָל דען אַזאַ אָרימער פויער, וועלכער האָט גע־נומען עטליכע קאָפּיקעס בעצאָהלט און האָט געטהון וואָס אַנ׳אַדמיניס־טראַציע האָט געהייסען, ליידען פאַר דעם, וואָס ער איז געווען געהאָרכזאַם זיין אַדמיניסטראַציע? און איז עס דען נישט נאַטירליך, וואָס אַנ׳אַדמי־ניסטראַציע שטעלט זיך איצט איין פאַר איהר ווערקצייג און רוהט נישט ביז זי האָט אויסגעווירקט, אַז אַזאַ אָרימער מענש זאָל נישט ליידען בחנם? שטעלט אייך פאָר: אַנ׳עהרענווערטהער טשינאָווניק ווערט אָנגעקלאָגט און ווערט פערורטיילט דערפאַר, וואָס ער האָט געטהון זיין פליכט אין געהאָנגען אָדער געשאָסען עטליכע מענשען!

# אַכטאונפערציגסטער בריעף

זאָגט וואָס איהר ווילט: דאָס לאַנד וואו מען קאָן זיך פּאָרט אמאָל אויסלאַכען, איז רוסלאַנד. רוסלאַנד איז אַזוי רייך אין קאָמישע אינטער־מעצאָס ,אַז ווען דאָס וואָלט זיין אַ שטיק אין טעאַטער, וואָלט עס אַוודאי גאָרנישט אַראָב פון דעם רעפּערטואַר און דער דירעקטאָר וואָלט דערמיט אָנשיטען טונען גאָלד: עס איז נאָר דאָס אומגליק, וואָס די טינט, מיט וועלכער דאָס שטיק שרייבט זיך, איז אונזער אייגען בלוט, און געשפּיעלט ווערט עס אויף אונזערע אייגענע פּלייצעס. אָבער פון די הומאָריסטישע איבערראַשונגען קומט מען פּאָרט נישט אַרויס. עס מאַכט זיך, למשל, אַ קאָנסטיטוציע; אַלעס שטרעבט צו פריייהייט, אַלעס פיהלט די אונ־מענשליכע בעגרענעצונגען און האָפט אַז אָט אָט וועט מען ענדליך געבען רעכט, מען רעדט אומעטום פון די פערלייכטערונגען, וואָס איצט מוזען זיי געגעבען ווערען פאַר זעקס מיליאָן יודען, מען איז זיך מפלפל וועגען דער פאָרם פון די דאָזיגע פערלייכטערונגען און צי מען וועט זיי געבען מיטאמאָל אָדער ביסלעכווייז — און פּלוצלינג קומט דער סענאַט און מאַכט אונז אַנ'איבערראַשונג און גיט אַרויס פינף נייע גזירות רעות געגען די דאָזיגע אומגליקליכע. — עס מאַכט זיך אַ פּראָצעס; הונדערטער יודען זענען געשלאָגען און געהרגעט, יודישע פרויען און מיידלעך זענען געשענ־דעט, קינדער זענען אויף דעם אונמעשליכסטען אופן אומגעבראַכט, יודיש האָב און פערמעגען איז גערויבט און רואינירט געוואָרען, אינ'ם אָנקלאַגע־אַקט אַליין איז מען זיך מודה, אַז די פּאָליציי „האָט אין אַ געוויסער הינ־זיכט מיטגעהאָלפען צום פּאָגראָם" — און פּלוצלינג קומט אַנ'איבערראַ־שונג: שולדיג זענען די יודען, און אַלע מערדער און רויבער ווערען ענטוועדער פריינעשפּראָכען אָדער בעגנעדיגט. — עס מאַכט זיך, מיר קריגען אַ פּאַרלאַמענט; מיר האָבען נישט מיט קיינעם צום טיש צו געהן, דען מיר זענען אָהן בילדונג איבערהויפּט און אָהן יעדער פּאָליטישער פּאָרשולע בעזונדערס, מיר פרעהען זיך, אַז מיר דערטאַפּען עטליכע אייראָפּעאישע

מענשען אין דעם דאָזיגען אזיען, מענשען מיט וויסען און גייסט און מוט און איבערצייגונג און דערצו בעגאבט מיט רעדנער-קראפט, אז גאנץ איי־ראָפּא מוז זיך וואונדערען. מיר שטעהען און ווארטען וואס די רעגירונג וועט דאָ מאכען מיט אזעלכע מענשען און ווי וועט זי זיי בעלויהנען און בעהרען — און פּלוצלינג קומט די נאכריכט, אז 38 אזעלכע דומא־דע־פּוטאטען ווערען פערשיקט קיין סיביר אויף צוואנגס־ארבייט. — דאגעגען מאכט זיך ,אז מיר האָבען עפּעס א נידעריגען און נישט זעהר ריינעם מענ־שען, אנ׳איינפאכער כוליגאן פון דער גאס אראָב, איינער פון דעם נידעריג־סטען סאָרט, וואָס אוודאי נאָר צוליעב עפּעס א שפּאס פון נישט זעהר ניכטערנע וועהלער איז ער אריינגעפאלען אלס דעפּוטאט אין דומא אריין, אין דער דומא אליין איז דער דאָזיגער פערשוין א סקאנדאליסט, וואָס מאכט פיעל צו שאפען אפילו זיינע אייגענע לייט אין זיין אייגענער פּארטיי, מען וואכט מיט אונגעדולד, וואָס וועט דאָ די רעגירונג טהון מיט דער דאָזיגער צאצקע און ווי וועט זי זיך און אונז בעפרייען פון איהם — און פּלוצלינג נאָ דיר א נאכריכט: פּורישקעוויטש זאָל ווערען מיניסטער פון אינערן! גאנץ אייראָפּא שטעהט און לאכט. דאכט זיך, אפילו דער גרעס־טער ליץ וואָלט נישט קומען אויף אזא וויציגען איינפאל...

עס קומט נישט דערויף אָן, צי אזא נאכריכט וועט זיך בעשטעטיגען אָדער נישט; די נאכריכט אן און פאר זיך איז כאראקטעריסטיש פאר די צושטאנדען אין רוסלאנד. איבריגענס, זעה איך נישט איין, פארוואָס דאָס זאָל נישט זיין אויך אנ׳אמת; וואָס מעהר לעכערליך א זאך איז, אלץ מעהר איז זי מעגליך אין רוסלאנד. איבריגענס, לייענען מיר אין איינער פון די לעצטע טעלעגראמען, וועלכע זענען אונז אָנגעקומען פון פּעטער־בורג, פאָלגנדעס: „פּורישקעוויטש׳ס קאנדידאטור אלס מיניסטער שטעהט איצט זעהר פעסט. ער ווערט שטארק געשטיצט דורך די הויף־ספערען, וועלכע זענען איבערצייגט, אז פּורישקעוויטש איז דער איינציגער מענש, וואָס איז פעהיג צו דערשטיקען די רעוואָלוציע און צו בעשיצען די זעלבסט־הערשונג. זיין קאנדידאטור ווערט אויך געשטיצט דורך די רעכטע גרופּע פון דעם רעגירונגס-ראט״. א צווייטע טעלעגראמע דערצעהלט אונז: „די נאכריכטען וועגען פונאנדערטרייבען די דריטע דומא פערשטארקען זיך.

*

ווי מען זאָגט, זאָל סטאָליפּין אַליין זיך האָבען געאויסערט, אַז איצט איז ער געקומען צו דער איבערצייגונג, דאָס רוסלאַנד איז נאָך נישט פעהיג צו קיין פאָלקס־פערטרעטונג. אין פאַל ווען די דומאַ וועט צעטריבען ווע־רען, וועט סטאָליפּין בלייבען פרעמיער־מיניסטער און נאָר זיין קאַבינעט וועט כמעט אינגאַנצען אראָב. אויסער פּורישקעוויטש, וואָס מען זאָגט, אַז ער זאָל ווערען מיניסטער פון אינערן, רעדט מען אויך וועגען גראַף וו. באָברינסקי און דובראָווין אַלס מיניסטאָרען". און באַלד דערויף מעלדעט אונז אַ דריטע טעלעגראַמע: „פּורישקעוויטש איז נעכטען געווען ביי סטאָליפּינען און האָט ביי איהם פערבראַכט אַ לענגערע צייט". זאָל זיך חלילה והס פון אַלע די דאָזיגע זאַכען אויסלאָזען אַ בוידעם, וועט דאָס זיין אַ אייביגער שאָדען. די וועלט וועט שאָדען האָבען איינעם פון די וויציגסטע ספּעקטאַקלען. איך וואָלט מיט דעם גאַנצען הארצען געוואונשען, אַז פּורישקעוויטש זאָל קומען צו אַ מיניסטער־פּאָרטפעל; אפשר וואָלט שוין דאָס געווען די ווערעמדיגע פּלוים; אפשר וואָלט דער דאָזיגער אבסורד ברענגען די מכה צום פּלאַצען.

נישט ווייניגער לעכערליך איז אויך די מעשה מיט די סענאַטס־ער־קלערונגען בנוגע יודען, וועלכע מיר האָבען געהאַט די היינטיגע וואָך. דווקא איצט, גראָד אין דער צייט, ווען אַלעס האָט געהאַפּט און געוואַרט און די גאַנצע אינלענדישע און אויסלענדישע פּרעסע האָט זיך בעשעפטיגט מיט דער פראַגע, אויף וועלכען אופן מען וועט פערלייכטערען די אומגליקליכע לאַ־גע פון די אומגליקליכע זעקס מיליאָן יודען, האָט דער יוסטיץ־מיניסטער שטשעגלאָוויטאָוו געפונען די רעכטיגע צייט, פאָרצולעגען דעם סענאַט, זיך צו נעהמען צו די אַלע פראַגען וועגען יודען, וועלכע זענען געוואָרען פאָר־געלעגט נאָך צו פּלעוועס צייטען און וועלכע זענען נישט אַרומגעקלערט געוואָרען ביז היינט, צוליעב דעם, וואָס „אין דער צייט פון דער פריי־הייטס־בעוועגונג האָט מען געהייסען אָבשטעלען אַלע ספּעציעלע פעראָרד־נונגען וועגען יודען". עס איז נישט וויכטיג, וואָס דער פּסק־דין איז גע־ווען, עס איז נישט וויכטיג, אַז דער סענאַט האָט אַרויסגעפונען און אַרויס־געגעבען פינף נייע חומרות אין בעטרעף פון יודישען וואוינרעכט, אַזוי אַז 1) יודען וואָס מעגען וואוינען חוץ לתחום, מעגען האַנדלען מיט די סחורות,

וועלכע זיי אַרבייטען, נאָר דאָרט וואו זיי וואוינען און נישט וואו אַנדערש, אַז 2) אַ יוד, וועלכער איז אַנ׳„ערבליכער עהרענבירגער", האָט דאַדורך נאָך נישט דאָס רעכט צו וואוינען חוץ לתחום, אַז 3) יודישע פעלדשערס, וועלכע האָבען דאָס רעכט צו וואוינען חוץ לתחום, הייסען נאָר אַזעלכע, וועלכע האָבען געהאַלטען אַנ׳עקזאַמען ביי דער מעדיצינישער פערוואַל־טונג אין דער געבורניע, אַז 4) יודישע סוחרים פון ערשטער גילדע, וועלכע וואוינען שוין פון לאַנג חוץ לתחום אין טיעף רוסלאַנד, טאָרען נישט אַהינ־ברענגען פאַר זיך יודישע האַנדעלס-אַנגעשטעלטע פון דעם תחום, און אַז 5) יודען, וועלכע האָבען געשעפטען אין דערפער, טאָרען זיך דאָרט נישט אויפהאַלטען צוזאַמען מיט זייערע פאַמיליעס; דאָס אַלעס איז נישט וויכטיג און נישט דאָס איז דער עיקר; עס וואָלט אונז נישט פעט מאַכען די זופּ, ווען דאָס אַלעס וואָלט אונז זיין ערלויבט, און אַ שטריקעל מעהר אויפ׳ן האַלז מאַכט נישט דאָס אומגליק פולקאָמען; וויכטיג איז שוין ווידער דאָס אַלעס נאָר אַלס אַ כאַראַקטעריסטישער צייכען. די וועלט קאָן זיך איבערצייגען, וואָס מיר האָבען צו האָפען און נישט צו פערגעסען, אַז דאָס איז געשעהן אין דער מינוט, ווען די גאַנצע וועלט האָט געוואַרט אויף ישעות!

אָדער וועט מען מיר אפשר קאָנען איינרעדען, אַז דער אורטייל וועגען די 49 אָנגעקלאָגטע דעפּוטאַטען פון דער צווייטער דומאַ, וועלכער איז היינט געוואָרען אַרויסגעגעבען, איז נישט קיין הומאָריסטישע איבעררא־שונג? עלף זענען געוואָרען בעפרייט, און 38 זענען געוואָרען פער׳משפּט. צווישען די פער׳משפּטע אויף פינף יאָהר צוואַנגס־אַרבייט אין סיביר גע־פינען מיר מענשען ווי צערעטעלי, אַניקין, דזשאַפּאַרידזע, אַניסימאָוו און סובאָטין. אַ סך אַזעלכע בעגאַבטע און ריינע מענשען בעזיצט רוסלאַנד נישט. צוליעב אַנ׳אויסרייד, אום צו קאָנען די צווייטע דומאַ אויפלעזען, האָט מען אַ זאָג געגעבען, אַז די דאָזיגע מענשען האָבען געהאַט די אַב־זיכט אַ שטאַאַטס-איבערקעהרעניש אין רוסלאַנד צו מאַכען, און איצט האָט מען די דאָזיגע קאָמעדיע געפיהרט ביז צום סוף און מען האָט זיי אויך פער־אורטיילט! האָט מען איינמאָל אָנגעהויבען מיט יענעם אויסרייד האָט מען שוין געמוזט זיין אויך קאָנסעקוועגט. וואָלט אָבער נישט גענוג זיין,

ווען מען וואָלט לאָזען אויסשטאָפּען עטליכע לעדערנע פּופּעס און מען וואָלט זיי מאַכען דעם פּראָצעס און מען וואָלט זיי אַוועקשיקען קיין סיביר, אום יוצא צו זיין, און יענע מענשען, וועלכע קאָנען דורך זייער פעהיגקייט אַזויפיעל נוצען ברענגען, וואָלט מען לאָזען?

די לעכערליכע מעשה מיט דעם פּאָגראָם-פּראָצעס האָב איך שוין אויבען אָנגעדייטעט. עס האַנדעלט זיך וועגען דעם פּאָגראָם אין אָרשא, איינער פון די שרעקליכסטע יודישע פּאָגראָמען. די עדות האָבען אויף אַזויפיעל קלאָר און דייטליך אַרויסגעוויזען, אַז דער פּאָגראָם איז געווען פון דער פּאָליציי אָרגאַניזירט, אַז דאָס געריכט האָט געמוזט בעשליסען, צו בעהאַנדלען דעם פּראָצעס ביי פערמאַכטע טהירען. אין דער ערקלערונג זאָגט דאָס געריכט גאַנץ נאַאיוו, אַז אַזוי ווי מען וועט דאָ מוזען רעדען וועגען דער אונגעזעצליכקייט פון דער פּאָליציי, וועלכע האָט אין געוויסער הינזיכט מיטגעהאָלפען צום פּאָגראָם, דעריבער מוז דער פּראָצעס פּאָרקומען ביי פערמאַכטע טהירען". און ביי אַזאַ נאַאיוויטעט לאַכט מען נישט און די, וואָס זאָגען דאָס, ווערען נישט רויט!

און נאָך מעהר אונווילקירליכען הומאָר הערען מיר פון אָדעס. דער דאָרט ניי אָנגעקומענער שטאָדט-הויפּטמאַן צעשיקט אַ צירקוליאַר מיט פאָלגענדען אינהאַלט: „אין איינציגע צייטונגען פון די הויפּט-שטעדט ווערען געדרוקט טעלעגראַמען פון אָדעס, אַז די מיטגלידער פון דעם רוסישען פעראיין שלאָגען יודען. דאָס איז אַ ליגען. די, וואָס פאַבריצירען דעם דאָזיגען ליגען, וועלען דערפאַר איבערגעגעבען ווערען דעם געריכט". אַז מען הרג'עט און מען שלאָגט איז קיין ספק נישט, דערויף זאָגען עדות די אָדעסער שפּיטאָלען. עס איז נאָר אַ פראַגע: ווער הרג'עט ווען? די „עכטע" די יודען אָדער די יודען די „עכטע"? און אפשר וועט זיך גאָר אַרויסווייזען, אַז די יודען שלאָגען זיך אַליין און טראַכטען אויס אַ בלבול נעבעך אויף די גוטע, רוהיגע "עכטע", וועלכע קאָנען בעקאַנטליך

קיין פליעג אויף דער וואנד נישט טשעפען. מילא וואס „עטליכע״ צייטונ־
גען זאָגען דאָרט א ליגען!

בקיצור, הומאָריסטישע איבעררַאשונגען פעהלען נישט אין רוסלאנד!

די „צייט-מאָטיוועז" זיינען אַ קירצונג פון
די „בריעף פון רוסלאַנד", וואָס פרישמאַן
האָט געשריבען אין די יאָהרען 1906—1907
אַלס קאָרעספאָנדענצען צו דעם לאָנדאָנער
יודישען וואָכענבלאַט „די אידישע וועלט".

# רשימה פון אַבאָנענטן אויף דוד פרישמאַנס ווערק אין אידיש

## קאַנאַדע

## וויניפּעג

י. פייערמאַן

דר׳ יאַנוואיש

סילווערמאַן

ס. דעווינסקי

י. מארקסאָן

ג. גרובערט

י. בראָאטמאַן

ה. נאַטאַנסאָן

ה. סילבערבערג

א. זעוויט

י. לינהארט

דר׳ א. לערנער

מ. גאָלדבערג

פרוי ס. העלמאַן

י. פרידמאַן

ש. וואַלדמאַן

י. לעוו

פרוי פּ. ראָבין

בן יעקב

י. העכט

ש. גיטערמאַן

ה. גאָלדמאַן

י. סירלאַנק

מ. קאָרעץ

י. קליפּפּער

מ. ר. סטאל

י. מאָאָנעי

נ. פּאָרטנאָי

טשאָנטשעק

י. שווארץ

פרוי ארקין

פּ. סעקטאָר

## קאַלגאַרי

ח. וואָטערמאַן

ל. פּאפּיערני

א. שומיאטשער

ז. זיסבלאט

ח. וועלל

ב. פּערעלמאַן

ש. הייליס

שיינין

פּ. הובערמאַן

בעלצבערג און שוויצער

האָפּמאַן

ש. שיינין

ד. שוויצער

מ. סמיטה

ה. בעלקין

ה. ליבין

מ. נאגלער

י. שאפּיראָ

י. הארט

א. בושעיקין

פרוי ש. שטיינבערג

מ. וועקס
בעלצבערג
לובינסקי
תלמוד תורה
י. פרידמאַן
מ. שלאָפמיץ
י. דוביסקי
ל. טאבאטשניק
נ. נאגלער
הרב ש. סמאָלענסקי
ש. יאָפפע
פרוי פ. קאָהען
ג. בורמאַן
א. ה. גאָלדבערג
פרוי ב. זינגער
ב. אייזענמאַן
י. בערגמאַן
א. פערעלמאַן

## עדמאָנטאָן

ב. מארגאָלין
י. שאָו
ל. רעיבער
ג. שטארקמאַן
מ. קאָמיסאררשאָוו
י. דאָווער
מ. ראבינער
ברידער פארקערס
מ. שאָכטער
י. גראָסמאַן
י. ציפערשטיין
ב. שרגא

ה. זינגער
ה. באָלצאַן
י. סאמועלס
ר. סאמועלס
מ. שעכטער
ג. נייהויז
א. האנסאָן
מ. פאָדאָלסקי
מ. סטאָטשינסקי
י. גארפין
ה. סטאטנאָווע
ה. הילער
פרוי ל. רובין
א. עסטרין
י. שרגא
מ. בערענשטיין
נ. סעגעל
ב. בוש
י. סטאָטשינסקי
ח. מארגולים
ל. נאָזשיק
ב. לייבאָוויטש
נ. יונג
ה. ווייטלער
מ. פעלדמאַן
„מוז דזשא"
ש. געלמאַן
מינאָוויטש
זילבערמאַן
גאָלדמאַן
ב. שווארץ

## רעגינאַ

נ. פרידמאַן
ב. שאַפּיראָ
וו. סאַמועל
א. אבראַמס
ש. פרידמאַן
ר. קאַנטאָר
מ. ליפשיץ
ב. צוריף
שוואַרצפעלד
ל. גאָלדמאַן
ש. פייערמאַן
ש. ראַטנער
דר׳ י. קראַמינסקי

## סאַסקעטאָן

פּ. מילער

שטערנבערג
־עזניס
פעילער

## פּאָרטייזש

ע. נאָרוואַי
י. ראַבקין
ע. העלפגאָט
י. סאָקאָלאָוו
מ. מאַרמעל

## בראַנדאָן

ס. סאַנדערס
פרוי קרישמאַל

## עסטעוואַן

מ. מאַנדעל

# העברעאיש

## וויניפּעג

א. לאַפין
פרוי ע. לערנער
י. פּאַר
ש. לעב

## בראַנדאָן

מ. ב. קליין

## רעגינאַ

תלמוד תורה
ש. ראַטנער

## סאַסקעטאָן

ה. רעזניס